# סאָוועטיש היימלאַנד

צווײ־כוידעשדיקער
ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פסמר

יאַנוואַר 1 פעוורואַל

1962

מאָסקווע

# אינהאלט

זייט

עליע שעכטמאן. ערעוו. ראָמאן. געמעלן פון מ. גאָרשמאן . . . 3
כאָנע ווײַנערמאן. א געזאנג דעם סטעפּ . . . . . . . . 39
ראָכל בוימוואָל. איבער מאָסקווע. — אין אווינטער-טאָג. — שוין אזויפיל יאָר. — ווי א העלע ראקעטע. — דאָס ליבסטע אָרט (לידער) . . 42
ז. ווענדראָף — 85 יאָר . . . . 45
ז. ווענדראָף. הערי ווינסטאָנס קאריערע (דערציילונג) . . . . . 46
פּערעץ מארקיש. יערושע. פראגמענטן פון א פּאָעמע . . . . 54
שירע גאָרשמאן. כאנקע. — דער טאטע מיט דער מאמען (דערציילונגען) . . . . . . . . . . 61
מאָטל גרוביאן. דער רעגנבויגן. — טוקײַ. — איך לעב אַף דער ערד. — באַם פײַער פון דער ליד. — א קאָראָמיסל (לידער) . . . . . . . 65
נויעך לוריע. אוים כאוועד (דערציילונג) . . . . . . . . 67
כאנע לעווין. א פרילינג-פרימאָרגן. — די זון איז שלאָפלאָז (לידער) 72
דאָוויד בראָמבערג. באַם גלאָבוס. — ס׳וועט מאָרגן זײַן א שיינער טאָג. — מײַנע קינדער אָנשטאָט א וויגליד. — בריוו. — אויגן (לידער) . . 74
יעשועַ לאצמאן. ווילנע. — ווי א בלימל... (לידער) . . . . . 77
יאָסל בוכבינדער. פארטאָג. — פאלט א שטערן. — זאנגען (לידער) . . . . . . . . . 78
קאָנסטאנטין סימאָנאָוו. דער יובילײַ (דערציילונג) . . . . . 79
מוישע אלטמאן. א געשיכטע מיט ליבע . . . . . . . . 83

זייט

נײַע שטימען: פּיניע פּלאָטקין. דער קאָמוניסט. — יויסעף איצקאָוו. מײַן היים אוזבעקיסטאַנער. — מישע מאָגילעוויטש. צווישן טויבן.—פייסעך זילבערג. מיר איז טײַער... — שיִע זינגער. גייט אונדזער וואָרט באלײַכטן. — אווראָם ראכמאן. איך האָב אמאָל געליבט א מיידל... — אווראָם גאנץ. א פּייזאזש. — גאָלדע מיכעלסאָן. און יונג בין איך. — אווראָם קאצעוו. בלומען, קוויטעלעך געקליבן (לידער) . . . . . . . . . . 90
העשל ראבינקאָוו. פון א נײַער הייך (נאָוועלע) . . . . . . . 96

## טריבונע פון לעבן

דאָוויד דראגונסקי. דרײַ רײַזעס קיין פּאריזש . . . . . . 100
אויזער האָלדעס. ארבעט איז א טאלאנט . . . . . . . . 105

## ליטעראטור און קונסט

דאָוויד איסאקאָוו. פּושקינס וואָרט . . . . . . . . . . 110
נאָכעם אויסלענדער. באַם סאמע אָנהייב . . . . . . . . 112
ה. רעמעניק. ראבינס גאנג . . 121
כראָניק . . . . . . . . . 124

## לאָמיר זינגען נײַע לידער

שוין גענוג... ווערטער פון י. לערנער. מוזיק פון וו. שאַינסקי . . . . . . . 128

## עליע שעכטמאַן

געבוירן אין 1908 אינעם דאָרף וואַסקאָווי-טשי (אוקראַינע). פאַרענדיקט דעם ליטעראַרישן פאַקולטעט פון אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטי-טוט. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטער-לענדישער מילכאָמע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1927. וווינט אין קיִעוו.





# ערעוו

ראָמאַן

☆

ערשטער בוך

☆

מײַן שטענדיק געטרײַען לעבנס-פרײַנט זשעניען — מיט ליבע.

I



ון וואָס ווײַטער, און וואָס מער די אָקשאָנעס איז געוואַקסן, אַלץ גיכער האָבן אין אים געצאַנקט און זיך געלאָשן די לעצטע קויכעס.

סאָפּקאָלסאָף, שוין ניט אימשטאַנד זיך גוויוועך צו זײַן, איז דער מענטש געבליבן שטיין. דער קראַנקער פוס, דער לינקער, אָן אײַנגעבויגענער אין דער קני, האָט אָן ראַכ-מאָנעס געבריט און געצופּט בײַ די אָדערן. די אויגן — אָט די צוויי אייִנציקע ליכטיק-לעבע-דיקע פּינטעלעך — זײַנען פאַרלאָפן געוואָרן מיט ביטערע ווײ-טרערן. דאָס האַרץ האָט זיך געשלאָגן אין א בלוטיקן טרויער.

דער מענטש איז געשטאַנען אינמיטן דער נאַכט — איינע פון די סאַמע ווילד-ווינטיקע, סאָפּהאַרבסטיקע, לאַנג-פינצטערע נעכט פון יאָר, — און ווען ניט די מיליצעס, וואָס האַלטן אים אונטער, וואָלט ער געפאַלן מיטן פּאָנעם אין זאַמד אַרײַן.

איבערן ערעט-ווינטערדיקן וואַלד, פון ערגעץ דאָרטן, פון די הויך-ווײַטע, קאַלט-פרעמדע, נאָר זייער רײַך-אויסגעשטערנטע הימלען, שווימט מיטאַמאָל אַרויס פון איינער פון יענע גרין-באַזילבערטע סאַזשלקעס א גרויסע, קימאַט א קײַלעכדיקע לעוואָנע.

דער מענטש ווישט אויס מיטן אַרבל די אויגן, הייבט אוף דעם קאָפּ און קוקט גלײַך אין דער לעוואָנע אַרײַן. ער טראַכט וועגן גאָרניט. אים דאַכט זיך בלויז: די פינקלענדיק-נאַסע לעוואָנע ציטערט אפן ווינט... פאַלן אף דער ערד לענגלעך רויטע טראָפּנס. א פּאָר פון זיי טרעפן אפילע אין די ווינקלען פון מויל. שאַרט ער זיי מיט דער טרוקענער צונג אין מויל אַרײַן. זייער געזאַלצענע טראָפּנס...

דער מענטש אָטעמט שווער. מיט אַן אָפן מויל, אף א קאָל. דער ווינט טראָגט פון ערגעץ דורך פאַרבײַ א פאַרגעסן-פאַרוואַלגערטן רייעך פון א זוניק-איבערגעברענטן בלאַט. פון דער ערד שמעקט שוין מיט שניי.

. . . . . . . . . . . . . . . .

נאָך פריִער, נאָך איידער ער האָט געטראָפן די שוועסטער ליגן אף דער שוועל אין בלוט, נאָך א סאַך פריִער פאַר דעם, האָט ער זיך שוין פאַרפּלאָנטערט אין די טעג, אפילע אין די וואָכן.

דורך שטעט און שטעטלעך, דורך וועגן און אומוועגן, א האַלב-הונגעריקער, אויסשטרעקן די האַנט צו יענעם קאָן ער ניט, ער וואַרט ביז יענער וועט זיך אַליין אָנשטויסן, — און ווען

מ׳גיט אים שוין יאָ עפּעס, פֿילט ער זיך פֿון דעם מאַטנאַס-יאַד באַליידיקט און דערשלאָגן, — דורך פֿאַרפֿענדיקע טעג און דורך קאַלט-רעגנדיקע נעכט שפּרינגט ער, דער סאָלדאַט, אַף די מיליצעס פֿון דער יאַפּאָנישער מילכאָמע אַהיים...

דער סאָלדאַט ווייסט, און דאָס איז זײַן איינציקע טרייסט, דער איינציקער קוואַל, וואָס נערט און שפּײַזט זײַן מוט און ווילן, אַז ער פֿאַרמאָגט זי, די היים. אַף קיין איין רעגע, ווו ער זאָל ניט זײַן און זיך געפֿינען, האָט ער זי נאָך פֿון אויג ניט פֿאַרלאָרן, פֿון שוואַרצאַפּל ניט אַרויסגעלאָזט... ער זעט, ווי דער טאַטע נעמט אַראָפּ מיט בײדע הענט, שטייענדיק אַפֿן לייטער, די פֿאַרפּאַליעטע עפּל פֿון בוים, לייגט זיי פֿאָרזיכטיק אין קויש אַרײַן. פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט, נאָך דער שווערער וואָך, זיצט ער, דער טאַטע, אַף דער פּריזבע, אונטער די אויסגעקרימטע פֿענצטער, רייכערט ערעוו-שאַבעס דעם לעצטן ציבעק, האַלט דעם קאָפּ צום אַקסל פֿאַרנייגט, שנאָלט אַלעמאָל מיט די פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט. און די מאַמע... דאָס ווײַסע טיכל פֿאַרלייגט הינטער די אויערן, גייט זי מיט אירע שווערע, נאָר שטילע טריט פֿון דער שטאַל, טראָגט אין בײדע אָדערדיקע הענט דאָס מעלקשעפֿל מיט די צוויי נײַ-אָנגעשלאָגענע הילצערנע רייפֿלעך. די מאַמע רופֿט מען אין דער מישפּאָכע „דער שטילער זומער"... און אונטער דעם אַלטן, נידעריק-געזעצטן, ברייטצווײַגיקן באַרנבוים שטייט דער ברודער דאַניעל. דער גרין-וואָלענער שאַרף אַף די אַקסל, אַ גרויער, ווי אַ טויב, מיטן פּענדזל אין דער האַנט. ער קוקט אַלעמאָל ערגעץ אַהין, אין דער ווײַט אַרײַן, און מאָלט. דאָס ווײַב זײַנס, מאַלקע, זאָגט וועגן אים: „דאָס איז מײַן שײַנדל, מײַן קרוין און מײַן צאָרע"...

און דאָך, וואָס ווײַטלעכער ער האָט זיי געזען, אַלץ מער און מער האָט זיך אים געדוכט: ניטאָ קיין היים, ס׳איז עפּעס ניט מער, ווי אַ שיינער כאָלעם... אַן אויסגעכאָלעמטע שיינע היים... ער איז געבליבן עלנט, איינער אַליין. און אויב זיי זײַנען אפֿילע ערגעץ יאָ פֿאַראַן, געפֿינען זיי זיך אַזוי ווײַט, אין אַזאַ פֿאַרוואָרפֿן אָרט, אַז ער, אַוראָם באַיאָר, וועט זיך צו זיי אַהין אַף די מיליצעס קיינמאָל ניט דערקלײַבן און ניט דערגיין.

פֿאַר זײַנע אויגן איז אָפּגעשטאָרבן דער זומער. די לעצטע זוניקע טעג האָבן דערטליעט. באַם וועג האָט שוין אָפּגעצוויטעט דער פּאָלין. אַלץ אַרום נעמט וועלקן. הויך אין די הימלען טראָגן זיך דורך מיט געפֿילדער אין ווײַטן וועג אַרײַן די בושלען. אין אַ געשלענגלט שנירל ציִען זיך די ווילדע ענטלעך. נידעריק, לענגויס די טײַכן פֿליִען די וואַלדשנעפּן. פֿון די ביימער פֿאַלן שטיל די וואַקס-געלע בלעטער. נאָר דער ראַבינע-בוים שטייט נאָך אונטער דער פֿײַערדיקער קרוין.

שווער איז געוועזן דעם סאָלדאַט אַף דער נעשאָמע. אָבער ווי נאָר ער האָט דערגרייכט צו די ערשטע פּאָלעסיער זומפּן, באַוואַקסענע מיט ליכטיקן מאָך, מיט ראָר און אָסיקע-בוים, דערזען די הילצערנע כאַטעס מיט געלע קירבעסן אַף די שוואַרץ-שטרויענע דעכער, דעם פֿלאַקס, די ליימענע קריגלעך אַף די לאָזע-געפֿלאָכטענע פּלויטן, די זונרויזן אַף די גערטנער — אָט די סאָפּזומערדיקע גרויסע אויגן מיט די גאָלדענע געדיכטע וויִעס, — דאָס אַלץ האָט באַ אַוראָם באַיאָרן צום ערשטן מאָל פֿאַר דער גאַנצער צײַט פֿון זײַנע ביטערע ליידן און שווערע ניסיוינעס אַרויסגערופֿן אַ פֿריידיקן ציטער איבערן גאַנצן לײַב.

ער בלײַבט שטיין, ער גלייבט זיך ניט, האָט נאָך אַלץ מוירע, אַז אָט-אָ דער גוט-באַקאַנטער שפּיץ-בלעטערדיקער קליאָן, די אַלטע ווערבעס אין דעם טונקל-פּײַכטן טאָל, די הויכע סאָסנעס מיט די אַרויסשטאַרצנדיקע וואָרצלען איבער דער ערד — ס׳שלאָגט נאָך פֿון זיי מיט וואַרעם-שאַרפֿן פּעך-גערוך, — אַז אָט די דרײַ געשטרײַפֿטע קלאָר-ווײַסע בערעזעס, אפֿילע אָט די געבערגלטע ווײַסע זאַמדן, וואָס ציִען זיך מײַלנווײַט, — דאָס אַלץ איז ניט מער, ווי אַ שיינער כאָלעם, אַ קישעף, אַ געדאַכט-פֿאַרבלענדעניש...

און קעדיי זיך איבערצײַגן, פֿאַרמאַכט דער סאָלדאַט די אויגן. שטייט ער אַזוי אַ פּאָר רעגעס מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. דערנאָך טוט ער אַ הייב אויף די פֿאַרשטויבטע וויִעס — יאָ, ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. יאָ, דאָס אַלץ, נאָך וואָס ער האָט כאַדאָשימלאַנג ווייטעקדיק געבענקט, שטייט פֿאַר אים אַצינד אַזוי לעבעדיק. און ער דערפֿילט מיטאַמאָל אונטער דעם איינציקן פֿוס די פּאָלעסיער ערד — יענע ערד, אַף וועלכער ער איז געבוירן און אויסגעוואַקסן.

— דערשפּרונגען, האַ? — פֿרעגט ער זיך אַליין. — נו, אַוראָם, שטאַרק זיך... שוין ניט ווײַט... אַ טאָג וועסטו זיך אָפּרוען באַ ראָכלען. באַ איר וועסטו אויך זײַן אַ גרויסער גאַסט. אײַ איז גוט צו זײַן אַ גאַסט... און דערנאָך — אַהיים.

און שוין מיט אַ מין שיקערנדיקער סימכע טוט ער אַ קלאַפּ מיט דער מיליצע אין דער ערד און שרײַט אויס: — מאַ-אַ-מע! און דערנאָך מיט גאַרלעס, וואָס ער איז אַלץ בײַגעקומען, אויסגעשטאַנען און איבערגעטראָגן, גיט ער צו פֿאַר זיך אַליין, שוין גאָר שטיל: — כ׳גיי, מאַמע, כ׳גיי...

אַן אויסגעצערטער, הויט-און-ביין, אַ שאָטן מיט האַלב-פֿאַרמאַכטע אויגן, מיט אַ צעקאָשמעטער קײַלעכדיקער באָרד, מיט ווײַס-איבערגעטריקנטע ליפּן — אַ פֿאַרשטויבט געשפּענסט מיט אַ קאָקאַרדע אַפֿן שמויסענעם יאָלעם, אין אַ קורץ-פֿאַרדאַרטן שינעל, מיטן רענצל אַף דער פּלייצע, שפּרינגט ער, דער אָפּגעדינטער סאָלדאַט, אַף די מיליצעס, אַ האַלב-באָרוועסער, אַלץ ווײַטער און ווײַטער — אַהיים, צו טאַטע-מאַמע, וואָס זאָגן נאָך אים דאָרטן ביידע, אין דעם קליינעם אַלקערל, גאַנצפֿרי און פֿאַרנאַכט קאַדיש...

נאָר ביז צו טאַטע-מאַמע איז נאָך אַלץ זייער ווײַט — די היים ליגט פֿאַרוואָרפֿן ערגעץ



דאָרטן, אין דעם טיפן ווינקל פון די פּאָלעסיער וועלדער. צו דער שוועסטער, צו ראָכלען, דאַרף מען נאָך אויך גיין אין די מערכאַקים אַרײַן...

און מיט יעדן טאָג איז דער סאָלדאַט אַרײַנגעשפּרונגען אַלץ טיפער אין האַרבסט. פריער זײַנען די וועגן געווען לעבעדיקער — מ'האָט געאַקערט, געזייט די ווינטער־טוועס, אויסגעגראָבן פון פעלד און אַראָפּגעפירט די וועגענער קאַרטאָפליעס. אַף דער סטערניע האָט זיך געפּאַשעט דאָס געפּענטעטע פי. אין די טאָלן, אַרום די פלאַקערנדיקע שײַטערס, זײַנען געזעסן פּאַסטעכער.

אָפט יאָגט אָן א פור, יעדער פּויער נעמט גערן דעם סאָלדאַט אין וואָגן אַרײַן. יעדע כאַטע איז גרייט צו געבן א נאַכטלעגער, א ביסל געקעכטס.

און ליגנדיק אין אָוונט אפן פרישן היי, א מידצעבראָכענער, הערט ער, ווי איבערן דאָרף פלאַטערט דאָס גוט־באַקאַנטע, דאָס צום האַרצן נאָענטע געזאַנג:

Щось у лісі зашуміло,
Сонце з вітром говорило,
Ой, вітру, ти мій вітру,
Ти не ломай, моє зілля,
Ти не кидай на дорогу...

און דעם סאָלדאַט שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. ער הערט זיך צו, ווי דאָס געזאַנג גייט אַוועק אין דער נאַכט אַרײַן, ווערט פאַרטראָגן מיטן ווינט אין די וועלדער. און די וועלדער אַרום רוישן־רוישן. ער וואָלט ניט געקאָנט דערקלערן, פאַרוואָס די ליד האָט בא אים אַרויסגערופן טרערן. ס'איז אים שווער געוואָרן אף דער נעשאָמע און גאָר.

אָבער באַלד, ערגעץ גאָר נאָענט, אַפּאָנעם צווישן די סקירדעס קאָרן, טוען בא עמעצן א ציטער אונטער די פינגער א סאַך סטרונעס, און א וואַרעם קאָל נעמט זיך בעטן:

Ой, бувай здорова, моя чорноброва,
Не забувай мене, коли ласка твоя...

שמייכלט שוין דער סאָלדאַט דורך די טרערן:

— ניין, — זאָגט ער מיט זיכערקייט, — דאָבציע האָט מיך ניט פאַרגעסן...

ער פאַרלייגט די הענט הינטערן קאָפּ און הייבט אויך אָן שטיל צו זינגען:

וואָס האָסטו מיר אָפּגעטאָן, טײַער לע־עבן
מײַ־נ־ס,
וואָס מײַן האַרץ ציט אזוי צו דיר?

דו האָסט מיר גאָרניט אָפּגעטאָן, טײַ-ײַע-ער
לע-בן מײַנס,
איך האָב זיך פּאַשעט אײַנגעליבט אין
דיר...

און דערנאָך וועט זיך אים אַ גאַנצע נאַכט כאַלעמען דאָס מיידל מיט די שוואַרצע אויגן און מיט די לאַנגע בלאָנדע צעפּ. ער וועט זי האַלטן אין איין פרעגן: „איר האָט זיך דען ניט געקאָנט אָנשטויסן, איר האָט דען ניט געזען, אַז איך בין אין אײַך פאַרליבט?.. ווי גאָר איר זײַט געקומען צו אײַער פעטער זכאַריען, טאַקע ווי נאָר איר זײַט אַראָפּ פונעם וואָגן, זײַט איר מיר מיט ביידע פיס אַרײַן אין האַרצן...“

II

בײַ דער שוועסטער האָט ער זיך ניט אָפּגערוט, ווי ער האָט געהאָפט און געטרוימט, קיין גאַסט און קיין אוירעך דאָרטן בײַ קיינעם ניט געווען. אַרײַנגעשפּרונגען איז ער אין שטעטל נאָך האַלבן טאָג, שוין נאָך דער שכיטע, און זי, ראָכלען, געטראָפן אַף דער שטוב-שוועל ליגן אין בלוט. אין יענעם טאָג, שוין אין פינצטערן אָוונט, שוין בײַ דער שײַן פון צענדליקער לאַמטערנס, האָט מען זי אויך צו קייווער-יִסראָעל געבראַכט.

צום אָנהייב האָט גאָר קיינער ניט געוווסט, ווער איז ער, אָט דער בערדיקער סאָלדאַט אין דער פּאַפּאַכע מיט דער קאָקאַרדע, וואָס שפּרינגט אַף די מיליצעס האַרט לעבן דער מיטע און שטרענגט אָן אַלע קויכעס אַף אונטערצושטעלן אַן אַקסל... נאָר איינער דעם צווייטן האָט איבערגעגעבן און ס׳איז פאַר אַלעמען באַוווּסט געוואָרן:

— ס׳איז דאָך אַ לײַבלעכער ברודער...

— דאָס קערט ער זיך אום פון דער מילכאָמע אַהיים...

— דאָס איז ער געקומען אַזוי צו דער שוועסטער צוגאַסט...

— אוי ווי, אַ בראָך איז צו אונדז... — און ס׳האָט ווידער אויסגעבראָכן אין דער נאַכט אַ קלאָג-יעלאָלע ביז צו די הימלען.

נאָך אין יענער נאַכט, טאַקע באַלד, ווי דער קייווער איז פאַרשאָטן געוואָרן, האָט ער ניט געלאָזט פון קיינעם זיך פאַרהאַלטן און איז האַסטיק פון בעסוילעם אַרויסגעשפּרונגען און ווײַטער געלאָזט זיך אין זײַן וועג אַרײַן. ער מוז גיכער לויפן אַהיים, עפּשער ליגן זיי דאָרט אויך אַלע אַף דער שוועל...

און מיט יעדן טאָג ווערט אוורעם באַיאַר, ווי דער סאָפּהאַרבסטיקער וואַלד, שוואַרצער און שווײַגנדיקער. ער שטעלט זיך אַפילע אינערגעץ ניט אָפּ אַף נאַכטלעגער. עמעס, ער איז אַרײַנגעשפּרונגען אין דעם טייל פּאָלעסיע, וווּ די באַפעלקערונג איז זייער אַ שיטערע, אַרום-און-אַרום זומפּן. זעלטן טרעפט זיך אַ דאָרף. איבער די וועלדער זײַנען צעוואָרפן כוטאָרס, איינער פון דעם צווייטן אַף צענדליקער מײַל.

און די טעג זײַנען שטאַרק קורצע. אָט פאַרגייט שוין ווידער אַ טאָג. עפּעס אַ שרעקלעכע שטילקײַט שטייט אַרום-און-אַרום, כאָטש די ווינטן רוישן. זעלטן דערגייט צו זײַן אויער דער קלאַפּ פון דעם פּיקהאָלץ איבערן טרוקענעם שטאַם, זעלטן הערט ער שוין דעם פּײַף פון די בלויערלעך צום סאָף טאָג.

דער ווינט ברענגט אים דעם רייעך פון וואַסער — ערגעץ ניט ווײַט איז אַ טײַך. בײַ אים אין רענצל ליגן עטלעכע קאַרטאָפל, אַ היפּטל קרויט, צוויי ציבעלעס, אַ קניפּעלע זאַלץ, וועט ער זיך אַראָפּלאָזן צום טײַך, צעלייגן דאָרטן אַפן ברעג אַ שײַטער און אָפּקאָכן אַ ביסל געקעכטס. דער הונגער זויגט אים אונטערן לעפעלע ביז צו כאַלאָשעס פאַלן.

און האַגאַם דער הונגער מאַטערט אים זייער, נאָר (שוין אַ טעווע אַזאַ) ער טוט אַלץ ניט געײַלט, ערנסט, געטרײַ, ווי ניט פאַר זיך טוט ער עס, נאָר פאַר עמעצן, פאַר אַ צווייטן, און דערצו נאָך פאַר איינעם אַ פאַרמאַטערט-קראַנקן, ווועמען מע דאַרף דערקוויקן די נעשאָמע, און עפּשער גאָר דערהאַלטן דאָס לעבן.

אַף דער האַרטער פּאָלע פונעם שינעל שיילט ער די קאַרטאָפל, בראָקט דאָס קרויט, צעשנײַדט אַ גרויסע בלאָווע ציבעלע, וואַרפט עס אַלץ אַרײַן אין דעם סאָלדאַטישן שוואַרץ-פאַרייכערטן מעשענעם קעסעלע, און דערנאָך רוקט ער זיך מיט איין מיליצע פון דעם הויך-שיפּועדיקן זאַמדיקן ברעג צום טײַך אַראָפּ. דאָס וואַסער לעבט נאָך, אָבער ס׳איז שוין זייער קאַלט, ערווופאַרפרוירן צו ווערן. די נידעריק-פאַרגייענדיקע זון שפּיגלט זיך קימאַט ניט אָפּ אין די געדיכט-שווערע וואַסערן. ער וואַשט פריִער די הענט, דערנאָך דאָס פּאָנעם, און ערשט שפּעטער וואַשט ער איבער אין קעסעלע דאָס אַלץ צוגעגרייטע און רעדט דערבײַ צו דער מאַמען:

— איך גיי, מאַמע, איך גיי!..

אין די שווער-געדיכטע גרויע וואַסערן, ווו ס׳שפּיגלט זיך ניט אָפּ די נידעריק-שטייענדיקע זון, דערזעט ער מיטאַמאָל ברענענדיקע לאַמפּערנס און דערהערט, ווי ס׳פאַלט אין קייווער אַרײַן אַף דער געקוילעטער שוועסטער די ערשטע לאָפּעטע ערד. הייבט ער זיך אָפּגיך מיט שרעק אוף — עס ציט אים אין וואַסער אַרײַן...

אַרופקלײַבן זיך מיטן פולן קעסעלע צוריק אַפן הויך-שיפּועדיקן באַרג קומט אים אָן מיט גוואַלדיקע שוועריקײַטן. דער פוס גליטשט זיך אינעם שיטנדיקן זאַמד, ווי מ׳וואָלט די ערד פון אונטער אים אַרויסגעריסן.

אַ פאַרשוויצטער, דער איינציקער פוס האַלט אים קוים, דערקלײַבט ער זיך צום אָרט, וווּ ס׳ליגט דער שינעל, דאָס רענצל, די צווייטע מיליצע. ער כאַפּט איבער דעם אָטעם און נעמט זיך מיט די הענט אויסגראָבן אַ גריבל — צעלייגן אַ שײַטער.

שוין נעהאַט צונויפגעלייגט די צווײַגלעך, אַרופגעוואָרפן פונויבן טרוקענע שישקעס, וואָס זײַנען אים אונטער די הענט געקומען, רוקט ער אַרײַן די האַנט אין קעשענע, וויל אַרויסנעמען

פון האָרט די שוועבעלעך, נאָר דאָס פּנעם ווערט אים מיטאַמאָל נאָך שוואַרצער, די אויגן נאָך טרוקענער און גלאַנציקער. ער נעמט שאַרן, קלאַפּן, אויסטרייסלען, איבערטרייסלען, איבערקערן אַלע קעשענעס, דאָס רענצל — ניטאָ קיין שוועבעלעך.

רוקט ער זיך ווידער מיטן זעלבן וועג, פונעם הויכן באַרג צום טײַך אַראָפּ. ער זוכט דאָרט, נישטערט... בלײַבט זיצן באַם טײַך, קוקט אין די שווער-גייענדיקע וואַסערן. די זון זעצט זיך. אַף דער סאָסנע שאַרפּט אַ קראָ דעם שנאָבל אָן אַ צווײַג. אים דוכט זיך: אויסער אים איז מער קיין לעבעדיקער מענטש אַף דער וועלט ניטאָ... און ס'טוט אים ווידער אַ צי אין וואַסער אַרײַן.

ער קלעטערט אַפּגיך, אַף אַלע פיר, צוריק באַרג-אַרוף און בלײַבט ליגן אַף דער ערד מיט פאַרמאַכטע אויגן. אין מויל פילט ער דעם טאַם פון הייסע קאַרטאָפל, אין די נאָזלעכער שלאָגט אים אַ געזאַלצן-זיסלעכער רייעך פון שוואָמען-זופּ... שפּרינגט ער אויף און טוט פון צאָרן אַזאַ זעץ מיט דער מיליצע איבערן פולן קעסעלע, אַז אַלץ, וואָס ער האָט צוגעגרייט, צעפליט זיך אין אַלע זײַטן. דאָס קעסעלע קײַקלט זיך אַראָפּ פונעם ברעג מיט אַ געקלאַנג אין טײַך אַרײַן.

דער סאָלדאַט קוקט צום טײַך אַראָפּ. דאָס קעסעלע איז צום דנאָ ניט אַוועק. אָנגענומענס ביז האַלב מיט וואַסער, זיצט עס טיף אין טײַך און טראָגט זיך מיטן שטראָם. אָנאָ האָט עס דער שטראָם פאַרטראָגן צווישן די זאַמדבענק, צו אַן אינדזעלע, וווּ אַפּן וואַסער וויגט זיך אַן איינזאַמע סאָסנע — אַפּאָנעם נאָך פרילינג-צײַט האָט זי זיך אָפּגעריסן פונעם פּליט...

אווראָם באַיאַר לאָזט זיך ווײַטער אין וועג אַרײַן. נאָכן זון-זעצן-זיך שעמערירן אַפּן מײַרעוו ווײַס-זילבערנע שײַנען. דער וואַלד-מענטש ווייסט: ס'איז אַן אָנזאָג אַף אַ פראָסט. די שטאַרקע ווינטן באַנאַכט רײַסן אַרויס שטערן פון הימל. אַזעלכע ווינטן קאָנען אָנטראָגן אַ שניי-געוויטער.

און דער סאָלדאַט, אַ באַשלאָגענער מיט נויט-שווייס, שפּרינגט ווײַטער איבער וועג-און-וועגעלעך, לענגויס די לײדיקע שוואַרצע וועלדער, און שטאַמלט:

— איך גיי, מאַמע, איך גיי...

די נאַכט שפּאַרט פון דער ערד, פאַלט פון די הימלען. דאַפקע אַן אויסגעשטערנטע, אָבער אַ שוואַרצע און זייער אַ לאַנגע איז די סאָפּ-האַרבסטיקע, די ערעוו-ווינטערדיקע נאַכט. די מיליצעס זינקען אין זאַמד אַרײַן אַף ניט אַרויסצושלעפּן זיי. פון אָנגעשטרענגטקײַט הייבט אים אָן דער פאַרוווּנדעטער פוס אופגעלאָפן צו ווערן. דער ווייטעק הייבט זיך אַלץ העכער איבערן קערפּער, גייט דורך אַלע אָדערן ביז צום האַלדז-און-נאַקן און נעמט שלאָגן אין קאָפּ און אין די אויגן אַרײַן... די אַקשאָנעס אין אים וואַקסט. די לעצטע קויכעס אָבער צאַנקען און לעשן זיך.

. . . . . . . . . . . . . .

אווראָם שטייט אינמיטן דער נאַכט אַפּן זאַמדיקן וועג, ניט וואַך און ניט געשלאָפן, דאָס פּאַנעם צונטער-רויט, די אויגן פאַרלאָפן מיט ווייטרערן און דאָס האַרץ שלאָגט זיך אין בלוטיקן טרויער. אַ שווידער גייט אים דורך איבערן גאַנצן גוף, און ווען ניט די מיליצעס, וואָס האַלטן אים אונטער, וואָלט ער שוין לאַנג געלעגן מיטן פּאַנעם צו דער ערד.

און די נאַסע לעוואָנע ציטערט נאָך אַלץ אַפּן ווינט... אומגעהייער לאַנגע, דאַר-אויסגעקרימטע שאָטנס קריכן איבער די בערגלעך זאַמד. די שאָטנס הייבן זיך אויף, שפּרינגען און פאַלן ווידער. אווראָמען דוכט זיך: עמעצער גייט אים נאָך, עמעצער גאַנוועט זיך נאָך זײַנע טריט. ער הערט אַפילע, ווי אונטער יענעמס טראָט ברעכן זיך טרוקענע צווײַגלעך...

„ראָכל, — שטאַמלט ער, — ראָכל, ס'איז דו?..“ און פּלוצעם נעמט ער שרײַען: „וואָס דאַרפט איר דאָ? וואָס ווילט איר פון מײַן לעבן?..“ קיינער ענטפערט ניט, זײַן קאָל פאַלט אַרײַן אין די זומפּן. און ערגעץ דאָרט, אַף די זומפּן, שרײַט אַ קראַנקער פויגל. אווראָם הערט זיך צו צום שאַרפן אָפּגעהאַקטן געשריי, וואָס גייט פון אַן איבערגעטריקנטן גאָרגל, און פאַרגעסט אין אַלץ. ער האָט איין הייסן ווילן: גיין און אָפּזוכן אַף די זומפּן דעם קראַנקן פויגל. „ווער דען וועט אים העלפן?“ אים דוכט זיך, אַז ער גייט... אָבער עמעצער גייט אים ווידער נאָך. יענער שפּרינגט אַראָפּ פונעם בערגל זאַמד, אויך אַף איין פוס, און נעמט שטילינקערהייט אַרויסשלעפּן באַם סאָלדאַט פון אונטער די אָרעמס ביידע מיליצעס... די לעוואָנע רײַסט זיך אָפּ פונעם הימל, פאַלט אַרוף אַף אַ בוים, און די גאַנצע ערד ווערט באַדעקט מיט פונקען.

דער סאָלדאַט ליגט אַפּן וועג, און הויכע, שטאַרק-געדיכטע וואַלד-געוויקסן פלעכטן אים אַרום. אַ ווײַסע צאַפּליע מיט לאַנגע שוואַרצע פיס שפּרינגט איבער אים, פון איין אַקסל אַפּן אַנדערן, און מיט דעם געל-גרינעם שנאָבל פּיקט זי אים אין די שלייפן אַרײַן... ער קאָן זיך פון דעם פויגל ניט אָפּשלאָגן. מיטן ביינערדיקן שנאָבל וועט ער אים באַלד דורכעקבערן און דורכברעכן דעם שאַרבן. איבערן וואַלד דרייט זיך אַ שוואַרצע בערעזע, אַרומגעכאַפּט מיט פײַער. אַ הייס-ברענענדיקע פײַכטע ערד פאַרשיט אים די אויגן... דער סאָלדאַט טראָגט זיך אַף אַ צעהיצט פערד, די אַנטבלויזטע שווערד איבערן קאָפּ, און שרײַט צווישן טויזנטער אַנדערע אַזעלכע, ווי ער:

— זאַ צאַ-ריאַ-אַ!..

פּלוצעם זעצט זיך דאָס פערד אַף די הינטערשטע פיס אַזוי, אַז דער רײַטער פאַלט שיר פון זאָטל ניט אַרויס. פונעם גאָרגל באַם פערד שלאָגט אַ שוואַרצער שטראָם בלוט. און באַלד, וואַרפנדיק די פעדערשטע פיס אינדערלופטן, נעמט זיך דאָס פערד גליטשן פון דער סאָפּקע אַראָפּ... וויל אווראָם באַיאַר אַראָפּשפּרינגען פון פערד, דערפילט ער: מיט אַ פאַרביסענער רעציכע האָט מען אים אַרײַנגעזעצט אין דער אונטערגעהויבענער קני עפּעס אַ דינס, אַ טעמפּס, נאָר זייער אַ גליענדיקס...

## III

מיטן זעלבן זאַמדיק-פּאָלעסיער וועג, אַף וועלכן דער סאָלדאַט איז געפאַלן, פּאָרט אין יענער נאַכט אַ פור. אין וואָגן זיצן פיר מענטשן.

די יינגערע צוויי מאַנצבלען, נאָך דעם, ווי ס'איז צווישן זיי געפירט געוואָרן אַ לאַנגער און אַ הייסער וויכועך וועגן דעם יאָכיד און דעם קלאַל, וועגן דער פּערזענלעכקייט און דעם האַמוין, זיינען זיי ביידע געשמאַק אַנשלאָפן געוואָרן.

דער דריטער מאַנצבל — אַ ייִד אין די יאָרן, אָבער כאָטש איצט אַפילע רופן אים די באַלעגאָלעס פאַר זיין גווורע — לייזער דער אַשמעדיי... דער דאָזיקער אַשמעדיי זיצט פון פאָרנט אַף דער קעלניע. פון אונטן איז ער שטאַרק ברייט, וואָס העכער — ווערט ער שמעלער. אַפן קאָפּ שטעקט אים אַ האָזענער יאָלעם, אַראָפּגערוקט אַריבער די אויגן. דער קאָפּ באַם אָנטרייבער איז אַראָפּגעלאָזט אַף דער ברוסט, די אויגן פאַרמאַכט, עס וואָלט געקאָנט דוכטן — ער שלאָפט. נאָר ער שלאָפט ניט, דער אַשמעדיי. ווי טאָמיד, וווּ ער זאָל זיך ניט געפינען, אויב נאָר קיינער רירט אים ניט אָן, דרעמלט ער.

דער פערטער מענטש, די פרוי, וואָס די גאַנצע נאַכט ניט זי שלאָפט, ניט זי דרעמלט, האָט דעם גאַנצן לאַנגן וועג מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. זי זיצט אָנגעבויגן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף די הענט, די אויגן ברייט פּאַנאַנדערגעעפנט, ווי זי וואָלט זיכער געווען: אין אָט-אָ דער ווינטיקער, אויסגעלייטערטער, רייך-אויסגעשטערנטער נאַכט, באַ אָט דער אופגייענדיקער לעוואָנע, אין אָט דעם וואַלד וועט זי נאָך באַגעגענען, נאָך דערזען יענעם מענטשן, וואָס וועט איר, אויב ניט מיטהעלפן, איז אָן אייצע געבן, זי אויסלערנען, וויאַזוי אַ סאָף צו מאַכן צו אַזאַ לעבן, וויאַזוי איבערצושניידן דעם שטריק, וואָס זי טראָגט שוין באַלד צען יאָר פאַרבאָרגענערהייט אַפן האַלדז... „אַ שענדלעך לעבן... — טראַכט זי, — יאָ, יאָ, איווע, ס'איז באַ דיר אַ שענדלעך לעבן“...

וואָס טיפער די פור פאָרט אין די וועלדער אַריין, אַלץ אַ גרעסערע אינערלעכע קעלט און אַ גרעסערער עלנט נעמט זי אַרום.

דער מאַן אירער ליגט אויסגעצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון וואָגן, איינגעוויקלט ביז איבערן קאָפּ אין דעם שוואַרצן ראָמאַנעווער פּעלץ, און רעדט די גאַנצע צייט פון שלאָף. זי פוט מיט פאַראַכטונג אַ שמייכל: „מיסטאָמע כעזשבנט ער זיך מיט זיין מאַמעניו“...

דער צווייטער, וואָס שלאָפט אין וואָגן, דער דאָקטער, יענער ליגט אַראָפּגערוקט צו אירע פיס, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אַף דעם זעקל האָבער, די שיינע שוואַרצע באָרד וויגט זיך פונעם פאָרן און אין זיינע גרויסע ברילן-גלעזלעך שפּיגלט זיך אָפּ די לעוואָנע.

דער מאַן רירט שוין לאַנג ניט אָן אין איר קיין איין לעבעדיק געפיל. אַפילע יענע אַלע טנועס און גענג, וואָס פלעגן פריער זי טרעפן מאַמעש ביז דער זיבעטער ריפּ, רופן שוין איצט, די לעצטע פּאָר יאָר, ניט אַרויס באַ איר קיין שום קעגנווירקונג. די לעצטע יאָרן ליידט זי אַף דער שווערסטער און געפערלעכסטער קרענק אין לעבן — אַף גלייכגילט... אַף אַלץ און אַלעם קומט שוין גלייך יענער שרעקלעכער ענטפער: „וואָס איז דער כילעק, אַזוי צי אַזוי?.. סיי ווי איז מיין לעבן פאַרשפּילט, פאַרשפּילט ביזן לעצטן פאָדעם... וואָס זשע איז שוין דער אונטערשייד? אַלציינס“.

עמעס, זי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן, בעמיילע שוין ניט געקאָנט מויכל זיין, יענעם פאַרברעכן, וואָס ער איז קעגן איר אַלס מענטש און אַלס פרוי באַגאַנגען. מיט דער צייט אָבער איז די פריערדיקע סינע, די פיינטשאַפט צו אים, אויסגעוועפּט און געשטילט געוואָרן. ער פאַרנעמט שוין לאַנג דאָס זעלבע אָרט אין איר לעבן, ווי די גאַנצע שטוב — דאָס פירשטאָקיקע מויערל מיט אַלע זיינע מוישעווים: דער שווער — אַ מין פאַרבאָרגענער צאַדיק אין שטאָט, דער געוועזענער דיין רעב נאָסן לאַנדע... די שוויגער מיט די לאַנגע טייערע אויערינגלעך און מיט דריי גוידערס — די גרויסע סויכערטע, וואָס פאַרלאָזט זיך אַף קיינעם ניט, פאַרגלייבט קיינעם ניט און פאָרט נאָך אַלץ אַלע יאָר אַליין אַף די לייפּציקער יאָר-יאַרידים. ער, דער מאַן, פאַרנעמט באַ איר דאָס זעלבע אָרט, ווי די צוויי באַלגייוועדיקע שוועסטער זיינע מיט זייערע מענער און, ביכלאַל, ווי אַלע יענע שטוב-זאַכן, צווישן וועלכע זי דרייט זיך אַרום און וואָס פאַרנעמען דאָרט אַזאַ אָנגעזען אָרט... יאָ, אין איר לעבן געהערט דער מאַן צו יענע שטוב-זאַכן, וואָס גייען איר ניט אָן, זי דאַרף זיי ניט, זיי זיינען איר איבעריק, זיי פאָדערן אָבער אַ טאָגטעגלעכע האַזשגאָכע.

נאָר וואָס טיפער מ'איז אין דעם וואַלד-לאַנד אַריינגעפאָרן, וואָס נעענטער ס'ווערט צו יענעם אָרט, צו יענער היים, פונוואַנען זי איז מיט אַזאַ אַכזאָריעס אַרויסגעריסן געוואָרן, אַלץ מער און שטאַרקער לעבן אויף אין איר די אַלטע ווונדן, די פאַרדראָסן און אוולעס... און דעם מאַנס כקירעס וועגן דעם ווערט פון דעם יאָכיד, אַז „בלויז די פּערזענלעכקייט קאָן זיין דער וועגווייזער, דער לערער פון האַמוין...“, רייצן זי ווידער ביז גאָר אויף.

אַף אָט די אַלע רייד זיינע האָט זי פריער שוין קיין שום אַכט ניט געלייגט, זיי פלעגן שוין אַפילע צו איר אויער ניט דערגיין, און אויב שוין יאָ אַמאָל דערגאַנגען, פלעגן זיי אַרויסרופן באַ איר אַף אַ רעגע אַ ביטערן שמייכל: „זיך פאַרעכנט ער צו די יעכידים“...

אָבער איצט, אַף דער פור, וואָס טרייסלט אַרויס פון איר די נעשאָמע, האָבן די דאָזיקע כקירעס זי ווידער אופגעבראַכט און זי ווידער פונדאָסניי שרעקלעך באַליידיקט... „מיך האָט

און דאָ דערזעט ער: פון קיווער אַרויס קריכט די שוועסטער. דעם קאָפּ אירן זעט ער ניט. ער זעט נאָר צוויי נאַקעטע הענט, פאַרבלוטיקטע ביז די עלנבויגנס. אָט די צוויי פאַרבלוטיקטע הענט וויגן זיך איבערן בערגל זאַמד און ציִען זיך מיט די צעשפּרייטע אײַנגעבויגענע פינגער צום ריפטל ווייצן ברויט.

דעם סאָלדאַט ווערט די גאַל-ביטערניש אין מויל נאָך גערדיכטער. די צונג — אַ טרוקן שטיק האָלץ.

— ראָכל, — בעט ער זיך בײַ איר, — ראָכל, נעם ניט צו דאָס גאַנצע ריפטל, גיב מיר אויך אַ שטיקל...

די צאַפּליע אַף די לאַנגע שוואַרצע פיס נעמט אים ווידער פּיקן, אָן אויפהער, ביז מעשוגע צו ווערן, מיט דעם גרין-געלבלעכן שנאָבל אין די שלייפן אַרײַן.

און באַלד ווערט אַלץ צוריק אײַנגעהילט אין אַ הייסער שוואַרצקייט — די פּור, די מענטשן, די צוויי פאַרבלוטיקטע הענט, דאָס ווייצענע ריפטל ברויט, — אַלץ ווערט פאַר זײַן אויג פאַרלאָרן און אָפּגעווישט.

די פרוי איז צופרידן, וואָס די פּור האָט זיך איבערגעקערט. זאָל זײַן דורך אַזאַ צופאַל, אַבי דער וועג זאָל פאַרלענגערט ווערן... איר איז זייער שרעקלעך אַרויפצופאָרן אויפן בעסוילעם פון איר יוגנט.

דער מאַן, נאָך אַלץ שלעפעריק-דערשראָקן, וואַרפט זיך אויפן דאָקטער, מאַכט דערבײַ ווילד מיט די הענט, רעדט עפּעס מיט אַ מעשוגענע דין קעלעכל, וויל טייקעף וויסן: וויפל גאַזלאָנים זײַנען אָנגעפאַלן און צי וועט דער אַשמעדײַ קאָנען אַליין זיי בײַקומען? צווישן די באַלעגאָלעס שעמט ער דאָך פאַר אַ גוואַר...

— איך קויף אים אַ פערד. זאָגט אים, אַז איך וועל אים קויפן...

— שווײַג שוין בעסער, יאָכיד איינער, — גייט צו צו אים די פרוי, — קיינער איז אַף דיר ניט אָנגעפאַלן. דו ביסט אַ גרעסערער פּאַכדן, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט...

זי העלפט דעם דאָקטער אויפהייבן זיך פון דער ערד:

— קומט, אויפן וועג ליגט אַ מענטש.

דער דאָקטער, וואָס האָט ווינציק-וואָס געהאַט צו טאָן בײַ אַזעלכע באַדינגונגען לעבן קראַנקן, שטייט מיט פאַנאַנדערגענומענע הענט, פינטלט מיט די וויִעס — בייסן פאַלן זײַנען בײַ אים פאַרלאָרן געגאַנגען די ברילן און איצט, ניט געקוקט אַף דער שטאַרקער לעוואָנע-ליכט, זעט ער מאַמעש ניט, וואָס אַרום אים טוט זיך.

ס'איז אויך צוגעגאַנגען דער מאַן.

— נו, וואָס? — פרעגט ער מיט אומגעדולד, — ער פאַרשטעלט זיך ניט?

— ניין, ער פאַרשטעלט זיך ניט, — ענטפערט אָפּ דער דאָקטער מיט אַ זיפץ, — טוט אַ נעם זײַן האַנט. דער מענטש איז אין פײַער... — און אין דעם דאָקטערס קאָל הערט זיך יענע אומבאַהאָלפנקייט, וואָס רופט אַרויס מער ראַכמאָנעס צו דעם, וואָס וויל העלפן און קען ניט, ווי צו דעם, וואָס נייטיקט זיך אין דער הילף. — יאָ, אַ שווערער צופאַל... דער פוס איז בײַ אים אָפּגעלאָפן. ס'קאָן דאָ זײַן אַלץ, אַפילע אַ גאַזפלעגמאָניע. ס'איז זייער מעגלעך... אָט טוט אַ נעם, אַלעקסאַנדער נאַטאַנאָוויטש, זײַן פוס, וועט איר אויך זען...

אַלעקסאַנדער נאַטאַנאָוויטש איז אַוועק אָנטאָן דעם פעלץ:

— וואָס זאָגט איר אַף דער קעלט? — ער שפּאַנט אין דעם פעלץ לענגויס דעם וואָגן הין און צוריק. — איליאַ איליטש, דערוויסט זיך בײַ אים, ווער איז ער?

— דערוויסן זיך, ווער ער איז? איין קלייניקייט. דאָס איז גראַדע דאָס סאַמע שווערסטע.

דער דאָקטער בייגט זיך ווידער אָן און טאַפּט נאָכאַמאָל דעם קראַנקנס דויפּעק.

— מער פון אַלעמען לײַדט פון אַ מילכאָמע דער פּראָסטער מענטש. ס'איז דאָך הימל-שרײַענדיק... ס'איז בײַ מיר קיין צווייפל ניט, אַז דעם סאָלדאַט האָט מען אויסגעשריבן פון שפּיטאָל פאַר דער צײַט.

— איליאַ איליטש, — זאָגט די פרוי, — לאָמיר ניט פאַטערן קיין צײַט. אין דעם צושטאַנד, אין וועלכן דער קראַנקער געפינט זיך, קאָנען מיר זיך דען פון אים עפּעס דערוויסן?

— ניין, אין קיין פאַל ניט. און ווער דער סאָלדאַט איז, פונוואַנען און וווּהין ער גייט, שפּילט, מיין איך, אַצינד קיין שום ראָליע ניט... אונדז איז געבליבן צו פאָרן אַ ווערסט צוואַנציק?

— ניט מער, — און זי דרייט זיך אויס צום באַלעגאָלע, וואָס שפּאַנט די פערד אין וואָגן. — זײַט אַזוי גוט, רעב לייזער, ברענגט אַהער די דראַבינע.

— נו אָט, נאַ דיר גאָר אַ דראַבינע... איך וועל אים נעמען אַף די הענט און האָדיע...

— ניין, רעב לייזער, ברענגט, זײַט מויכל, די דראַבינע. — און צום מאַן זאָגט זי: — דעם סאָלדאַט וועלן מיר מיטנעמען מיט זיך, און דאָרטן וועלן מיר שוין זען, וואָס ווײַטער צו טאָן.

דער דאָקטער איליאַ איליטש, דער אַלטער באָכער מיט דער שיינער שוואַרצער באָרד, הערט זיך צו מיט פאַרמאַכטע אויגן צו דער פרוים קאָל — עפּעס נײַס הערט זיך אין איר קאָל, עפּעס גאָר אַנדערש קלינגט איר קאָל דאָ, אין אָט דעם ערעוו-ווינטערדיקן לעוואָנע-קאַלטן וואַלד.

— דו ביסט מאַסקים? — פרעגט זי דעם מאַן.

— גאָט איז מיט דיר... פאַרשטייט זיך, מאַסקים.

אַלעקסאַנדער לאַנדע שטייט בײַם וואָגן פון קאָפּ ביז די פיס אין לעוואָנע-ליכט. פון דער גאַנצער נעסיִע איז ער אומצופרידן. די ליפּן פאַרקרימט. אַלץ און אַלעמען איז ער כוישעד. אומעטום און שטענדיק זעט ער אָן אונטערגעשטעלטן פוס... מ'וויל אים אומברענגען. ער איז זיכער: דער אַשמעדײַ האָט אומישנע איבערגעקערט די פּור. דעם סאָלדאַט האָט מען אויך או-

מישנע אוועקגעלייגט אפן וועג. ס'איז א פאר־שטעלטער סאלדאט. קיין גוטס וועט דערפון ניט ארויסקומען... ער דערפילט שטארקער דעם אלטן ווייטעק אין בויך.

— וואס זשע שטייסטו, אלעקסאנדער?

— מיט וואס קאן איך אים העלפן?

און ווי שטענדיק, ווען פאר זײַנע אויגן טרעפט מיט עמעצן אן אומגליק, רוקט ער אפ־גיך ארײַן די האנט אין זײַט־קעשענע — גרייט צו געבן יענעם א נדאווע.

די פרוי גייט צו צו אים זייער נאענט און זאגט זייער שטיל:

— אלעקסאנדער, מ'דארף העלפן אריבער־טראגן דעם סאלדאט, מעגלעך, אז ער איז א יאכיד.

איר קאל האט אויך ער ניט דערקענט... פול מיט גאל און מיט ביטל.

## IV

די שטערן לעשן זיך. פון דער לעוואנע גייט ניט קיין ליכט, נאר א באזילבערטע גרויקײַט. ס'טאגט. דער קאלטער ווינט שטארקט זיך, קריכט אין די ביינער ארײַן — ניט ווײַט צו זון־אופגאנג. די מיט שוים־באדעקטע פערד שפא־נען שווער. די רעדער סקריפען.

דער אשמעדײַ דרעמלט. אים פאלט אפילע ניט אײַן, אז זיי, די כאשעווע פארשוינען, וואלטן אים געמעגט באדאנקען, זאגן כאטש א גוט וואָרט פאר זײַן מעסירעסנעפעש. ווען ער שפרינגט באצײַטנס פון וואגן ניט אראפ, שטעלט ניט אונטער זײַן האלדז־און־נאקן, זײַנע הענט, וואלטן זיי געוויס געמאזיקט געוואָרן.

די פרוי האט זיך צוגעשפארט באם קראנקן צופוסנס. ער ליגט נאך אלץ א פארמראָגענער, אבער שוין א שטיל־געבליבענער. בלויז פון צײַט צו צײַט אָטעמט ער האסטיק און הילכיק.

איווע קוקט מיט א גוטן שמייכל, ווי דער דאקטער שפאנט נאכן וואגן. די הענט פארלייגט אפן רוקן, דעם קאפ פאריסן. ער הייבט מאדנע הויך די פיס, די באָרד איז צעשפאלטן פונעם ווינט אף צוויייען. ער פײַפט אויס דעם ניגן פון זײַן באליבט לידל, וואס ער זינגט אף אלע קערמישלעך:

ס'האט זיך מיר די זיפּ צעזופּט,
זי האט זיך מיר צעשאָטן,
זי האט זיך מיר צעשאָטן,
ס'האבן זיך די שיך צעריסן
טאנץ איך אין די זאקן.

און ווען ער דערגייט צום רעפרען: „טאנץ, טאנץ, טאנץ א ביסעלע מיט מיר...", הייבט ער אן צו פײַפן גאר יונגלש־פארשײַט, און די פיס הייבן זיך איבערן וועג נאך העכער. ס'ארא לי־בער מענטש, טראכט זי וועגן דעם דאקטער, ער לעבט, דוכט זיך, נאר פאר אנדערע. אט שוין דאס פינפטע יאר, ווי מ'זעט אים אלע פארנאכט אף זײַן נידעריק, צוויי־רעדערדיק ברויטשקעלע. צווישן די צוויי אויסגעקרימטע דישלעס — א הויך דאר געל פערד. ער פארט ארום, דער דאקטער, איבער די ענגע געסלעך, צווישן די קרומע הײַזלעך. מ'זאגט אפילע: ער האט זיך באזעצט אין דער גובערניע־שטאט נאר דער־פאר, ווײַל ס'וווינען דארט א סאך קאפּצאָנים... ער וואָרט ניט, מ'זאל אים רופן, ער גייט אליין איבער די הײַזער. ער קומט ארײַן, ווי א היימי־שער, ווי אן אייגענער. קאפּצאָנים שעמען זיך ניט פאר אים מיט זייער קרענק און דאלעס... יא, דער דאקטער איז אן אידעאליסט! נאר זי איז אים אוואדע זייער און זייער דאנקבאר, וואס ער האט איבערגעלאָזט אלץ און אלעס, זיך געלאָזט מיט איר אין אזא שווערער נעסיע. אבער... פון זײַן גוטסקײַט, פון זײַן איבערגע־געבנקײַט, פון זײַן גרייט זײַן צוליב איר אף אלץ, ווערט איר פון טאג צו טאג שווערער. זי פילט, זי דארף זיך באפרײַען פון דעם... צו א גרויסער באלכויוו ווערט זי אים...

דער מאן, פארנורעט דעם קאפ אין דעם אופ־געשטעלטן קאלנער, קאן ניט פארטראגן דעם רייעך, וואס טראגט זיך פון די צעהיצטע פערד. ער זיצט לעבן אנטרײַבער, רייכערט דעם פער־קישן ציגאר און איז צופרידן, וואס גראד איצט, ווען דער מארק איז פארוואָרפן מיט סכוירע און בא אים ליגט א פולער סקלאד, האבן זיי, די ארבעטער, געמאלדן דעם שטרײַק... „זאלן זיי דארטן האלטן הייסע רעדעס אפן לײַדיקן מאגן"... ער, אלעקסאנדער נאטאנאוויטש לאנדע, האט צוגענומען די שליסלען פון פאבריק און פארט מיט דעם ווײַב מעוואקער־כוילע זײַן איר מא־מע... אייגנטלעך, פארט ער צו איר מאטן. דער אלטער גאוורוועל באיאר איז אנגעשטאפּט מיט געלט. מ'דארף אים ארײַננעמען אין שוטפעס...

די פרוי, זעענדיק, ווי ער, א בארויקטער פון עפּעס, א צופרידענער, רייכערט מיט האנאע דעם ציגאר, זאגט מיט א באהאלטענער סינע:

— אלעקסאנדער, דער סאלדאט קאן אמאל ניט שטארבן אפן וועג?

— מער פעלט ניט, — ווערט ער אופגע־רעגט, — אין אזא צײַט...

— וויאזוי דו האסט עס פאר אלץ מוירע. מיט מיר ביסטו געווען א העלד.

— איווע, וואס איז מיט דיר הײַנט?

— איך וויל אויך ווערן, ווי דו, א יאכיד...

ער ענטפערט ניט. מיט א ווײַב איז גלײַכער, אז מ'רעדט ווייניקער.

— טרײַב די פערד, שלאף ניט, — טוט ער א שטויס מיטן עלנבויגן דעם אנטרײַבער, — א מענטש זאל האלטן אין איין שלאפן.

דער אשמעדײַ עפנט ניט די אויגן. ער טוט זיך א קראץ מיטן בײַטש־שטעקל היגטערן אויער:

— האדיע, נו, די פערד גייען בארג־ארוף...

— פון ווען אן זשאלעוועסטו פרעמדע פערד?.. טרײַב, טרײַב! מ'דארף דעם קראנקן וואס גיכער ארײַנפירן אין א שטוב. איך מיין, איווע, אין דער ערשטער שטוב וועלן מיר אים אראפּטראגן. מיר האבן געטאן פאר אים אלץ. כאפּקאלסאף טאר מען דאך ניט...

זי וויל אים זאָגן: „כ'וויס, כ'וויס, דו האָסט שוין אויסגעקויפט דײַן געוויסן". נאָר דאָ באַמערקט זי: דער סאָלדאַט וואַרפט פון זיך אראָפּ דעם צודעק, הייבט זיך אונטער אף די עלנבויגן, דרייט דעם קאָפּ. די אויגן זײַנען פאַרמאַכט. דער האלדז אָנגעשטרענגט-אויסגעצויגן. ער פירט מיט דער ווײַסער צונג איבער די ליפּן. הייסט זי אָפּשטעלן די פערד, שלעפּט ארויס די בלעכענע קיילע, לייגט אוועק דעם קראַנקנס קאָפּ צו זיך אף די קני און, ניט וואַרטנדיק, ביז דער דאָקטער וועט צוגיין צום וואָגן, געבן זײַן האסקאָמע, נעמט זי שטילן דעם קראַנקן זײַן דאָרשט.

דער סאָלדאַט שלינגט הילכיק, פאַרכלינעט זיך, דער קין ציטערט און די ציין קלאַפּן אָן דער קיילע. גרויסע טראָפּנס שווייס באַדעקן זײַן שטערן. און פון דער לאָהעטקײַט, מיט וועלכער ער טרינקט, און פון דעם, ווי אַזוי דער גוף זײַנער טרייסלט זיך דערבײַ, ווערט די פרוי אויך דורכגעדרונגען מיט ציטער און צער. ניט טראַכטנדיק, וואָס עס קאָן דערנאָך דעם קראַנקן קאָסטן אַזאַ קאַלטער טרונק, באַמיט זי זיך וואָס מערער און בעסער שטילן זײַן דאָרשט. אָבער וואָס פלײַסיקער זי וויל עס טאָן, אַלץ ערגער באַקומט זיך בא איר. די קיילע פאַלט שיר פון אירע הענט ניט ארויס, דאָס וואַסער רינט אים איבער דער באָרד, איבערן שינעל.

— גענוג, גענוג, — לויפט צו דער דאָקטער, — גאָט איז מיט אײַך, אַזאַ קאַלטן טרונק בא אַזאַ טעמפּעראַטור... — ער וויל פאַריכטן די ברילן, די ברילן זײַנען אָבער אף זייער אָרט ניטאָ. מ'האָט זיי טאַקע ניט געפונען. דער דאָקטער טאַפּט ווידער באַם קראַנקן דעם דויפעק, ער לאָזט דערבײַ אראָפּ און וואַרפט באַלד אונטער די ברעם צוריק אף ארויף: — נד-דאַ, — זאָגט ער, — ס'וואָלט גוט געווען, ווען מ'גיט אים אַ ביסל ווײַן.

— אַלץ שטייט דאָרט אפן אָרט, — טוט אַ זאָג דער אשמעדײַ און גיט באַלד צו, — אַ ביסל ווײַן קאָן אַ געזונטן אויך ניט שאַטן...

די פרוי, אַ צופרידענע, וואָס מיטן ווײַן קאָן מען פאַריכטן איר פעלער, ווענדט זיך צום מאַן:

— אַלעקסאַנדער, דערלאַנג אַ פלאַש ווײַן. קיין סאַך וועט ער ניט אויסטרינקען. און אויב די מאַמע וועט זיך נייטיקן, וועלן מיר...

— וועגן וואָס איז דאָ צו ריידן, — שלאָגט ער איר איבער, — זאָל ער טרינקען וויפל ער וויל... עפּעס רעדט ער, דוכט זיך. ווען ס'גיט זיך אײַן צו דערוויסן, ווער ער איז?

— קיין קלאָר וואָרט, — זאָגט דער דאָקטער און גיכט ארײַן אַ ביסל ווײַן פון דער פלאַש אין דעקל פון דער בלעכענער קיילע, — קיין קלאָר וואָרט וועט איר זיך פון אים ניט דערשלאָגן. נו, איוואַ גאַווּרילאָוונאַ, — דערלאַנגט ער איר אף ארויף דאָס דעקל מיט ווײַן, — נאַט און גיט אים אויסטרינקען.

ער שטייט און קוקט מיט קינע, ווי זי פּאָיעט דעם קראַנקן, ווי זי דעקט אים אײַן, ווי זי פאַרשאַרט אים די האָר פון די אויגן, און זאָגט קימאַט בייז:

— איר וואָלט געווען אַ גוטע באַרעמהאַרציקע שוועסטער...

זי וואַרפט אף אים אַ זייער וואַרעמען בליק:

— אַ שוועסטער? יאָ.

דער דאָקטער טוט אַ שטילן זיפץ און, ניט וואַרטנדיק ביז די פור וועט רירן פון אָרט, לאָזט ער זיך ווײַטער שפּאַנען באַם זײַט וועג. עמעצער פאַרלעשט די לעצטע שטערן אין הימל.

די פור גייט ווידער באַרג-ארויף. ס'שאַריעט. דער וואַלד בלײַבט שטיל-שטיל. ס'דערהערט זיך אַ פריידיק געצוויטשער. נאָך אַ סאַך טונקלכמורנע טעג קומט אַ זוניקער פרימאָרגן. דער אשמעדײַ עפנט די אויגן, הייבט אויף דעם קאָפּ און נעמט טרײַבן שטאַרקער די פערד. און וואָס העכער די פור גייט באַרג-ארויף, אַלץ ברייטער און פײַערדיקער ווערט דער הימל.

די פרוי זיצט מיט אראָפּגעלאָזטע וויִעס. פאַר די לעצטע צען יאָר האָט זי ניט געזען, ווי די זון גייט אויף... און דאָך קוקט זי איצט דורך די אראָפּגעלאָזטע וויִעס. עפּעס פרעגט בא איר דער מאַן, עפּעס רעדט צו איר דער דאָקטער, נאָר זי איז ווײַט פון זיי... זי איז דאָרטן, אין יענע זומערדיקע פאַרטאָגן. די מאַמע מיט אירע ברידער און שוועגערנס זאָלן זי ניט דערזען און באַמערקן, לויפט זי אַהין, ווײַט הינטערן דאָרף, צו דאַניעלן... קיינמאָל האָט זי ניט געקאָנט קומען די ערשטע. טאָמיד האָט זי אים שוין געטראָפן דאָרטן. אָט זעט זי אים זיצן, דאַניעלן. די זון גייט אויף. ער האַלט די פינגער פאַרוקט אין דעם ווילדן קאָפּ האָר. ער דרייט אפילע צו איר דעם קאָפּ ניט אויס, ער באַמערקט, דוכט זיך, אפילע ניט איר קומען... אָבער ווי נאָר זי זעצט זיך שטיל צו לעבן אים, פאַרוואַרפט ער די רעכטע האַנט ארום איר האַלדז און זאָגט:

— אף מײַן געלעגער האָב איך אַ גאַנצע נאַכט מײַן ליבהאַרציקע געזוכט, געזוכט און ניט געפונען...

דריקט זי צו איר קאָפּ צו זײַן אַקסל, ער קושט איר די האָר. זי ענטפערט אים:

— איך בין, מײַן האַרציקער פרײַנט, צו דיר אין פעלד ארויס, איך האָב פאַר דער זון זיך אופגעהויבן... לאָמיר זיך ביידע לאָזן אין די ווײַנגערטנער, מיר וועלן ביידע יעדעס איינציק ביימעלע באַקוקן. עפשער בליט שוין אויף דאָס ווײַנשטאָקל, עפשער פיקן זיך שוין די טרויבעלעך, עפשער שפּראָצן שוין די מילגרוימען...

— איווע טײַערע, — שלאָגט ער איר איבער. — דו ווייסט דאָך, אַז בא מיר אין האַרצן האָבן שוין געפּלאַצט די קנאָספּן. ס'בליט שוין דער גאַנצער ווײַנגאָרטן.

פלעכט זי ארום ביידע הענט ארום זײַן קאָפּ און רוימט אים אײַן אין אויער:

— ליבהאַרציקער מײַנער, דיר איינעם וועל איך אָפּגעבן די גאַנצע ליבע מײַנע... דיר, דאַניעל... דיר איינעם...

באַם סאָלדאַט ציטערן אויף די וויִעס — די ערשטע זון-שטראַלן, פילקאָלירנדיקע און וואַרעמע, קריכן אים אין די אויגן ארײַן. דער ווײַן לאָזט זיך אויך פילן. אַ וואַרעמקײַט צעגייט זיך

איבער זײַן גאַנצן לײַב. ער עפֿנט די אויגן און... מאמעש אנטקעגן אים, מיט דער האנט צו דערלאנגען, שטייט א גרויסע, ווי א ראָד, א פֿלאַמפֿײַערדיקע זון.

א פֿאַרשיקערטער פֿונעם ווײַן, אָן איבעראַשטער פֿון אַזאַ זון, קוקט דער סאָלדאַט אַף די מענטשן, וואָס האָבן אויסגעדרייט צו אים די פּנעמער, און צעשמייכלט זיך...

דערנאָך קוקט ער זיך אַרום מיט די שטאַרע טרוקן-גלאַנציקע אויגן. זײַן פּאָנעם קעגן דער בלענדנדיקער זון-שײַן ווערט נאָך פֿלאַמיק-צעהיצטער.

— ווּ בין איך? — שטאַמלט ער, — ווער זײַט איר?..

אָבער ער איז ביז גאָר אָפּגעשוואַכט. און באַם ווּעלן זיך דערמאָנען, וואָס מיט אים איז פֿאָרגעקומען און געשען, ווערט דער פּלאָנטער אין קאָפּ נאָך גרעסער, און ס'שליסן זיך אים די אויגן נאָכאַמאָל צו.

דעם דאָקטער האָט זיך פֿאָרט אײַנגעגעבן אַרויסצורײַסן באַם סאָלדאַט עטלעכע ווערטער:

— די אַלטע קרעטשמע... אווראָם...

פֿון כידעש נעמט אַלעקסאַנדער לאַנדע אַרויס דעם ציגאַר פֿון מויל און ווענדט זיך גראָד צום שמײַסער:

— האָסט געהערט? האָסטו פֿאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט?

— האָדיע, נו, וואָס זשע, כ'קען קיין יידיש ניט ריידן?

— אָבער וואָס קומט אַרויס דערפֿון? — זאָגט דער דאָקטער. — פֿון דעם קאָן מען נאָך גאָרנישט ניט פֿאַרשטיין. די אַלטע קרעטשמע, אווראָם... וואָס זאָגט עס?

— ס'זאָגט טאַקע גאָרניט, — ענטפֿערט אַלעקסאַנדער שוין גאָר גלײַכגילטיק, — אָבער איך האָב שוין פֿאַר אים איצט גאָר קליינע צאָרעס... איוועע איז געווען גערעכט, מיר וועלן אים פֿאַרפֿירן צום שווער און דאָרטן...

און דאָ, באַ אַלעמענס שטױנונג, טוט די פֿרוי א פֿריידיק געשריי, בייגט זיך אָן צום סאָלדאַט און נעמט אים גלעטן דאָס פּאָנעם.

— אוורעמעלע? דאָס ביסטו, אוורעמעלע?..

דער סאָלדאַט מורמלט עפּעס א ווײַלע, טוט א שמייכל און ווערט צוריק פֿאַרזונקען אין שלאָף. די פֿרוי נעמט ניט אַראָפּ אירע אויגן פֿון דעם סאָלדאַט.

אַלע אַפּן וואָגן קוקן צו, ווי זי נעמט פֿירן מיטן פֿינגער איבער זײַנע שוואַרץ-געדיכטע ברעמען, איבער די פֿאַרפּלאָנטערטע האָר, וואָס שלאָגן זיך אַרויס פֿון אונטער זײַן היטל.

זי זאָגט קיינעם גאָרניט. זי הייבט בלויז פֿון פֿאַרוווּנדערונג וואָס אַמאָל שטאַרקער די אַקסל: אָט דאָס איז ער, יענער אוורעמעלע, אָט יענע צוועלפֿיאָריק דאַר יינגעלע, דאַניעלס ברודערל, וואָס האָט צוריק מיט צען יאָר איר געהאָלפֿן פֿון דער היים אַנטלויפֿן?.. אָט דאָס האָט ער מיט אַקיווען זי געפֿירט אין דעם ווײַסן כופּע-קלייד, געטריבן דאָס פֿערד איבערן וואַלד אין יענער וויסטער נאַכט? ער, אוורעמל, איז דעמלט געפֿאָרן מיטן וואַלד אָן א וועג, געטריבן דאָס פֿערד מיט אַלע זײַנע קינדערשע קויכעס. אַקיווע האָט אַפֿילע מוירע געהאַט, אַז פֿון דעם, וואָס דעם שליטן וואַרפֿט אַזוי אין אַלע זײַטן, קאָן ער צעבראָכן ווערן. דער שליטן האָט זיך געקלאַפּט אין די פֿאַרשנייטע קאָסנעס, און זי, איוועע, האָט געהאַלטן אין איין בעטן:

— אוורעמעלע, פֿאָר גיכער, מײַן גורל איז אין דײַנע הענט!

ניין, ער, אוורעמל, איז דעמלט ניט שולדיק געווען, וואָס די ברידער האָבן זי געכאַפּט און געבראַכט צוריק...

זי קוקט נאָך אַלץ זייער אָנגעשטרענגט אַף דעם פֿאַרוווּנדעטן סאָלדאַט, אַף זײַן פֿאַרוואַקסן פּאָנעם און זאָגט, ניט אויפֿהייבנדיק דעם קאָפּ, צום דאָקטער:

— ס'ווערט שרעקלעך... זייער שרעקלעך... ווי גיך ס'לויפֿן אַפֿילע שלעכטע יאָרן.

## V

צום הויף, אומדערוואַרט און אומגעריכט, איז אָנגעקומען די ידיעה: איוועע פֿאָרט מיטן מאַן. זיי שטייען באַ דער קרעטשמע. זיי האָבן פֿון ערגעץ געבראַכט אהיים יִצחאָקס מיזיניק, דעם סאָלדאַט. זי, איוועע, רעדט מיט דאַניעלן אונטער דעם באַרנבוים...

איז אין שטוב געוואָרן מאַמעש א בהלע — אינערגעץ ניט אויפֿגעראַמט און ניט צוגעקליבן. די כאַלע זיצט נאָך אין אויוון, ס'איז פֿאַר טשאָלנט-רוקן. פֿון אַזויפֿיל שטוב-אַרבעט, ערעוו-שאַבעס, דרייען זיך דעם גאַנצן טאָג אַזוי אויך די שײַטלעך האָר אַפֿן קאָפּ. און דאָ נאָך — געסט... און וועלכע געסט! נאָך צען יאָר בערויגעז זײַן פֿאָרט זי מיט איר קאָוועד אַליין, די באַסיעכידע, די גרויסשטאָטישע גווירטע. דאָס איז דאָך ניט די מומע ליבע, וואָס קומט צופֿוס מיטן שטעקן אין דער האַנט: מ'באַגעגנט זי מיטן פֿאַלשן „אוי, זעט נאָר, ס'אַרא גאַסט מיר האָבן", און דערמיט קאָן מען יויצע זײַן.

די ווײַבער, מיט קוילעס, ווי אַף א סריפֿע, רופֿן צונויף די קינדער, פֿאַרשפּאַרן הינטער זיי די טירן, און איינציקווײַז רײַבן זיי מיט די לײַוונטענע פּאַרטעכער די פֿאַרמורזעטע פּנעמער. די כעוורעלײַט שלאָגן זיך באַ די מוטערס אין די הענט, ווי צעפּלאָכטע הינער. מע הייבט זיי אָן איבערטאָן, באַ די מאַמעס פֿאַלט אַלץ פֿון די הענט. לאָזט מען אויס צו די קינדערס קעפּ: ערשט אַף פּייסעך אויפֿגענייט א פּאָר נײַע הייזלעך, און זיי קריכן שוין אַף אים ניט אַרויף. אַז ס'וואַקסט, מײַנע סאָנים אַף צעפּיקעניש, ווי קראָפּעווע באַם פּלויט.

אָפּגעפּאַרטיקט מיט די קינדער, נעמען די ווײַבער זיך אַליין אויך צופּוצן, זיי קעמען צו די האָר. די מומע ליבע העלפֿט צו ביילען. יענע, די לאַנגע דאַרע ביילע, טראָגט שוין ווידער אַף דעם לינקן פֿוס א פּוישט... זי איז ווידער פּאַ־גאַנגען אין טראָגן. פֿונעם לעצטן קימפּעט איז נאָך ניט אַוועק אַפֿילע קיין זעקס כאָדאָשים. ביילע באַמיט זיך מיט א האָרנאָדל צו פֿאַרשפּיליען אַף

דעם לינקן פּוס די קנעפּ פונעם שוך מיט די הויכע כאָליאָוקעס. דערבײַ רײַבט זי אַרײַן אַ זויערע אוגערקע און וואַרפט אײַנציקע ווערטער:

— מ׳האָט... איר... גאָר... שלעכטס... געטאָן...

פאַרשטייט מען, ווען זי מיינט און וואָס בײלע וויל דערמיט זאָגן.

— וואָס האָט זי דעמלט, איווע, פאַרשטאַנען? אַ קעלבל נאָך... און אַ קעלבל דאַרף מען פירן אַפן שטריקל...

— געווען טאַקע אַ ווילדע ציג.

— מײלע, זי איז נעבעך געווען גוט פאַרקאָכט.

— באַ דאַניעלן וואָלט זי געפּוכנעט.

— זי וואָלט, ווי מאַלקע, געזעסן טאָג ווי נאַכט מיט דער נאָדל...

— און... ער... וואָלט געפּאַרבט... די ברעטלעך.

דאָ, אַף די רייד, קומט אַרײַן דער הערשער פונעם הויף און פון אַלע גיטער — דער שווער, גאַוורִיעל באָיאַר.

— ווײַבער, וועגן ד ע ם קיין וואָרט ניט, וועגן ד ע ם זאָל ניט דערמאָנט ווערן. פּוסטע מילן, סאָראָקעס, — און צו דער שוועסטער: — דערקלער זיי, ליבע, אַז יענעמס נעשאָמע איז אַ שוואַרצער וואַלד...

און באַ דער טיר, ניט אויסדרייענדיק זיך, פאַרזאָגט ער:

— איר זאָלט אָנטאָן די יאָמטעוודיקע מאַלבושים, גיט איבער אין מײַן נאָמען וועלוולען, נאַפּטאָליען, זײַנוולען און סימכען, זיי זאָלן אַראָפּוואַרפן די לײַביקעס און אָנטאָן די קאָרטענע קאַפּאָטעס מיט די שאַבעסדיקע היטלען.

און ער איז אַרויס. די בעהאָלע איז נאָך גרעסער געוואָרן. אין דער קראַנקער פאַרגעסן אַלע. די קראַנקע נעכע זיצט דאָרטן, אין דעם ווײַטן ליידערל, איינע אַליין און האַלט דאָס באַקלעמעלע אַף די הענט.

ווײַט פונעם הויף, קימאַט באַ דעם בערעזעווערדל, האָט איווע דערזען: מיט דעם וועגל, דורכן וויהאָן, גייט איר די גאַנצע מישפּאָכע אַנטקעגן. דער טאַטע שפּאַנט פאָרויס, גייט גיך דאָס פּאָנעם פאַרפלאַמט, די פּאָלעס פון דער צעלאָזטער קאַפּאָטע פלאַטערן אַפן ווינט. הינטערן טאַטן גייען אירע ברידער, אַלע פיר אין איין ריי — די זײַדענע קאַשקעטן אַף אַ זײַט, זיי שפּאַנען ברייט אין די קויטיקע, אין די הני־פאַרשמירטע שטיוול.

די ווײַבער, ניט געקוקט אַף דער קעלט, — אין די געקווייטלטע קאָפּטלעך, אין די פּיל־געפאַלדעוועטע און ברייט־געשליאַרעוועטע קליידלעך, אין די געקנעפּלטע שיך אַף די הויכע קנאַפּל, און אַרום זיי אַ וועלט מיט קינדער — גרויסע, קלענערע און גאָר ברעקלעך.

די מוטער זעט מען ניט צווישן זיי. אַפּאָנעם, זי הייבט זיך שוין פון בעט ניט אויף. נאָר וועדליק אַלע זײַנען אַרויס אַזוי „אויסגעסטראָנצלט“, פאַרשטייט זי, איווע, — די מאַמע לעבט נאָך... „ווי שווער ס׳וועט מיר זײַן צו באַגעגענען זיך מיט דער מאַמען... איך קאָן זיך ניט וואַרפן זי קושן... איך קאָן ניט! איך קאָן איר ניט מויכל זײַן“.



גאָר פונהינטן, ווײַט פון אַלעמען, בא דער זײַט, גייט די מומע ליבע — די קלוגע, די שיינע, נאָר די אָרעמע מומע. מיסטאמע איז זי געקומען צום ברודער, ווי טאָמיד, אין א נויט-באַדערפעניש, אופמאָנען דעם רעשט נאָדן אירן. דער פעטער שמאַריע שיקט זי... און עפּשער איז די מומע ליבע געקומען נאָך א גרוס פון דער טאָכטער. שיפרע האָט געקאָנט אָנשרײַבן, אַז זי, איווע, קלײַבט זיך אהיים צוגאַסט.

אכוץ דעם טאַטן און דער מומע ליבע זײַנען איר דאָ אַלע פרעמד. נאָך מער ווי פרעמד.

יענע אַלע איבעריקע, באַזונדערס די ברידער, זײַנען אירע סאָנים. אָט אזוי, אין די זײַדענע קאַשקעטן אף דער זײַט, ווי איצט, באם קאַבאָלעס-פּאָנעם, מיט די פײַנע שמייכעלעך אף די רויטע ליפּן, אַזעלכע לײַטיש-בענימעסדיקע, האָבן זיי צוריק מיט צען יאָר א האַלב-לעבעדיקע ארויסגעבאַגליִיט זי נאָך דער „כאַסענע“ פון דער היים.

נײַן, די ברידער האָבן זיך פאר די יאָרן גאָרניט געביטן. די בערד זײַנען בא זיי נאָר רויטער געוואָרן. ווי געראָטן זיי זײַנען איינער אפן אנדערן... דערפאר האָט זיך דער טאַטע שטאַרק געענדערט: איבערגעלאָזט אים אָן איין גראָווער האָר, שוואַרץ געווען, ווי א ציגײַנער. און איצט איז ער ווײַס. ס'אַרא שעמערירנדיקע ווײַסע באָרד. די וואָנצעס זײַנען געל-פאַרייכערט.

און זי דערמאָנט זיך, ווי אין א יאָר ארום נאָך דער כאַסענע, נאָך יענער כאַסענע, וואָס מ'האָט מיט איר אָפּגעשפּילט, איז דער פאָטער געקומען צו פאָרן צו איר, געוואָלט מיט איר עפּעס ריידן. נאָר זי, איווע, איז פון שטוב אַוועק און ניט געוואָלט אים אפילע זען.

איר דוכט: זי פאָרט איבערן בעסוילעם פון איר יוגנט. נאָרוואָס איז זי געווען אפן קייווער פון איר ליבע — בא דאַניִעלן... און עפּעס מער ווי טרויער לייגט זיך איר אפן האַרצן.

און דאָך וויל איר אויג אַלץ אופכאַפּן. איר בליק ווערט צו אַלצדינג צוגעבונדן, ווי עס טרעפט קעסיידער מיט א מענטשן, וואָס איז לאַנגע יאָרן אין דער היים ניט געווען, אין דעם אָרט, ווו ער האָט געמאַכט דעם ערשטן טראָט אף דער ערד.

ס'האָט זיך דאָ קימאַט גאָרנישט ניט געביטן. צו דער שטוב איז צוגעבויט נאָר א פליגל. די שטוב איז גאָר אין סאָד ארײַנגעקראָכן.

אָן-אָ שטייען די דרײַ קרומע אָליכעס ארום דעם ברונעם. זיי שטייען נאָך אַלץ אָנגעבויגן די קעפּ, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך אָנטרינקען. אין איינעם אזא כאָפּהאַרבסטיקן קאַלט-זוניקן טאָג האָט איר דאַניִעל בא אָט די דרײַ קרומע אָליכעס געזאָגט:

— ניטאָ, איווע, קיין שוידערלעכערס, ווי שטיין א גאַנץ לעבן איבערן ברונעם און ניט קאָנען זיך אָנטרינקען.

א צווייט מאָל, טאָקע אונטער אָט די דרײַ קרומע אָליכעס, האָט ער איר געזאָגט:

— איווע, אָן דיר וועל איך ניט קאָנען לעבן...

— יאָ, — טראַכט זי, — דאָס זײַנען געווען ניט קיין שיינע ווערטער. זי האָט נאָרוואָס געזען מיט אירע אויגן: דאַניִעל שטאַרבט. ער שטאַרבט, דאַניִעל...

די געקווייטלטע קאָפּטלעך שווינדלען איר אין די אויגן. דעם טאַטנס ווײַסע באָרד לויפט איר אַנטקעגן.

גאַווריִעל זעט, ווי די טאָכטער שפּרינגט אַראָפּ פונעם גייענדיקן וואָגן. ער טוט א שמוך אין באָרד ארײַן און זאָגט צו דער שנור, צו ביילען:

— ביסט כאָטש א מיוון אפן שפּרונג? א געזונט איר אין די ביינער ארײַן.

— די זעלבע ציג, וואָס געווען, — ענטפערט אָפּ ביילע דעם מאַן, ווען דער שווער גייט אָפּ, — באָדט זיך מיסטאמע, ווי א קרעפּל אין פוטער.

וועלוול טוט א קוק אף דעם ווײַב, אף די פלעקן, וואָס אף איר פּאָנעם, דערזעט, ווי אף דעם לינקן פוס איז דער שוך ניט פאַרקנעפּלט, און טוט א קרעכץ:

— און אז מ'זאָל דיך האַלטן דרײַ יאָר אין א פעסל מיט גענדזענעם שמאַלץ, וועסטו דען דערנאָך ארויס פון דאָרטן מיט א שענער פּאָנעם?.. טו א קוק אף איווען, ווי א שיינע סאָסנע.

— פאַרוואָס זעסטו בעסער ניט, ווי זי גייט אָנגעטאָן?

— אף וואָס וועסטו דאָס אָנטאָן?

— וועלוול-סערדצע, האַלט די צונג.

גאַווריִעל גייט שוין ניט, נאָר ער לויפט דער טאָכטער אַנטקעגן. און ווען זיי באַגעגענען זיך, נעמט ער ארײַן איר קאָפּ אין זײַנע ברייטע הענט, קוקט איר אין די אויגן ארײַן און זאָגט:

— כ'ווייס אַלץ, טאָכטער, כ'ווייס... אין יאַם איז פאַראַן א סאַך וואַסער, נאָר מע שטאַרבט פון דאָרשט. זאָל אונדז גאָט מישפּעטן, — און ניט לאָזנדיק זי ארויסצוברענגען א וואָרט, טוט ער זי א קוש מיט פאַרמאַכטע אויגן און גייט אַוועק מעקאַבל-פּאָנעם זײַן דעם איידעם און אויך יענעם, דעם פרעמדן מיט דער שיינער באָרד.

דער גרויסער מעהאַלעך — פונעם בערעזעוועלדל ביז צו דער שטוב — איז קאַרג געווען אף איבערצוקושן זיך מיט אַלעמען. צום אָנהייב איז מען געבליבן שטיין — די גרויסע הוט מיט דעם פּאַווע-פעדער, דער ברייטער, שוואַרץ-גלאַנציקער פוטערנער מאַנטל, די בלוי-זײַדענע הענטשקעס האָבן אזוי געפּלעפט די מישפּאָכע, אז מ'האָט ניט געוווּסט, ווי צו פירן און ווי צו האַלטן זיך. איינער דעם צווייטן גיט אונטער מוט:

— וואָס האָסטו מוירע, זי וועט דיך אופעסן?

— וואָס דרייסטו זיך, גיטל, גיי צו...

— און דו, ביילע, האָסט זיך שוין מיט איר צעקושט?

די ברידער ווישן די הענט אין די פּאָלעס, רייניקן דורך די העלדזער מיט א הוסטל, שטאַמלען עפּעס צעטראָגן. זיי זײַנען פול מיט דערכערעץ צו דער שוועסטער דער נגידעסטע.

ערשט דעמלט, ווען מ'איז אין הויף ארײַן און, מוירע האבנדיק דורכצולאזן די לעצטע געלעגנהײַט, האט די דארע לאנגע ביילע זיך א ווארף געטאן צו איוועך, געקושט זי און געהאלדזט, געוויינט געקאנט זיך אפרײַסן פון איר:

— איוועניו, כּוּעס מײַנס, ווי דו ביסט קיין אײַנהארע ניט פאלנע, ווי אן אנגעגאסן אוגער-קעלע... מײַן אריען געדענקסטו? און דאס זײַנען מײַנע קלענערע... דאס איז, איווע-סערדצע, מײַן זארעכל, א נאמען נאך מײַן טאטן, אלעווהא-שאלעם. און דאס איז דער פעטער איצעלע, אים צו לענגערע יאר. און דאס איז דער זיידע מײַנער, ער זאל האבן א ליכטיקן גאניידן... דאס איז די באבע עטעלע, זי זאל דארטן זײַן א מייליץ-יוישער פאר אונדז אלעמען... און דאס איז דער פעטער עליע...

און איווע, מיט האלב-פארמאכטע אויגן, זעט פאר זיך בלויז איינס: הינטער דער קרעטשמע, אנגעשפארט אין דעם אלטן בארנבוים, זיצט דאניעל, אײַנגעוויקלט אין א רויטער ווארעמער קאלדרע מיט א גרינער לאטע, אין פוישטן, אן א היטל. דער קאפ האר איז נאך אלץ געדיכט, געקרויזט און ווילד, אבער — ווײַס, ווי פון אונ-טער א שניי ארויס. זי האט אים קוים דערקענט, דאניעלן. זי וויל זיך צוזעצן לעבן אים, לאזט ער ניט. ער ווײַזט איר אן מיט די אויגן אפן פענצ-טער. פון דארטן, פון הינטערן פארהענגל, קוקט מאקע ארויס א פרוי מיט א גרויסן קאפ געלע האר. יא, ס'איז מאלקע.

— מ'דארף ניט... ס'וועט איר קאסטן געזונט. איווע, כ'האב געוווסט, אז דו וועסט קומען...

— כ'האב שוין מער ניט געקאנט, דאניעל...

— און ווער איז דער, וואס מיט דער באָרד?

— א דאקטער.

— דער דאקטער, איווע, איז איבעריק... ניט איך בין קראנק, מײַן לעבן איז קראנק. מײַן לעבן דארף מען היילן... איווע, דער דאקטער איז איבעריק...

און יעדע איינע פון די שוועגערנס פירט צו און באווײַזט אירע קינדער:

— דאס איז מײַן מיטלסטע — פרומעלע. דו זאלסט הערן, ווי זי זינגט. און דאס איז מײַן באזמל, א נאמען נאך מײַן מומע כײַע דער צאדייקעס...

און איווע הייבט אוף פון דער ערד, נעמט אף די הענט די פארשטארבענע דווירעס — די זיידעס און די באבעס, די פילצאליקע פעטערס און מומעס, וואס זייערע נעמען זײַנען פארקער-פערט געווארן אין אט די קינדער — אלע אזעלכע פול-לײַביקע, שווערע, מיט נאסע נעזלעך.

— אשערל, הערשעלע, מוישעלע! דאס איז אט די מומע איווע.

און איווע קושט זיי, די קינדער, און שלינגט די טרערן.

מיטאמאל בלײַבן אלע שטיין דערשראקן, קוקן זיך איבער, פרעגן שטום איינער באם אנדערן: וויאזוי איז עס געשען? און וואס זאל מען אצינד טאן?

איווע דערזעט: פון שטוב איז ארויס עפעס אזוינס, וואס איז שווער מיטן קלארן ווארט צו זאגן — ס'איז א קינד, צי א זקיינע?.. אין א לאנג העמד, א בארוועסע, אן אפגעשוירענער ווײַסער קאפ מיט „טרעפ" — געשוירן מיט א שער...

איווע קוקט זיך אײַן שטארקער. ניין. ס'איז ניט קיין קינד, א טיף צעקארבט פּנים. א מאדנע פּנים — א שטיק געלע קארע מיט צוויי אויסגעברענטע אפענע, ניט-פינטלדיקע אויגן.

אפילע איוועס שארפע רױע, איר געזונטער זיקארן, איר הייסער קויעך-האדימיען האט ניט געקאנט דערקענען, זיך פארשטעלן, אז דאס איז איר מוטער. און אפילע דעמלט, ווען דער טאטע לאזט איבער אליין דעם מאן מיטן דאקטער און טוט א קרעכץ: — נעכע... — אפילע דעמלט, שוין הערנדיק דער מוטערס נאמען, קאן זי ניט, איווע, און וויל אלץ נאך ניט גלייבן, אז דאס איז איר מאמע. זי זעט, ווי יענע, מיט דעם אפגעשוירענעם ווײַסן קאפ, איז צוגעלאפן צו א מיידעלע און רײַסט ארויס בא איר פון די הענט א הילצערן געפארבט שפּילעכל. דאס קינד שרײַט:

— באבע, בא-בע, גיב אפ, ס'מײַנס...

די באבע אבער, צודריקנדיק דאס שפּילעכל מיט ביידע הענט צו דער ברוסט, לאזט זיך אנטלויפן. גאווריעל פארשטעלט איר דעם וועג:

— נעכע... נעכע...

נעכע בלײַבט שטיין, קוקט פון א זײַט אפן מאן, האלט נאך אלץ דאס שפּילעכל פעסט צוגעדריקט צו זיך, דערנאך דרייט זי אויס דעם קאפ, קוקט אף אלעמען. איר פּנים הייבט זיך אן צו ענדערן, אין די אויסגעברענטע אויגן טוט זיך א צינד אן א שײַן. זי קוקט אף איוועך. גאווריעל גייט אפגיך צו, בייגט זיך אן און נעמט נעכען אף די הענט. ער ווייסט, גאווריעל: ווען אין נעכעס אויגן צינדט זיך אן די שײַן, דעמלט ווערט זי געפערלעך...

אלע טרעטן אפ דעם וועג. גאווריעל טראגט אוועק דאס ווײַב אין שטוב ארײַן. איווען בא-שלאגט א פײַכטע היץ. אט דאס איז איר מאמע? יענע מאמע, וואס האט איר צוריק מיט צען יאר דערלאנגט צוויי פלאם-פײַערדיקע פּעטש און זי אוועקגעשטעלט מיט אלעקסאנדערן אונטער דער כופּע? און ס'ברעכט ארויס פון איר שוין ניט קיין שטיל, נאר א קאכיק, א הארצרײַסנ-דיק געוויין. זי פאלט ארוף הער מומע ליבע אפן אקסל.

— וויין, איווע, וויין, — פירט זי די מומע ליבע אין שטוב ארײַן, — וויין, איווע, אף א קאל, וויין זיך גוט אויס, וויין, וועט דיר גרינגער ווערן...

VI

דער טאָג האַלט באַם זעצן זיך. די נידעריקע גרויסע זון, אַ רויטע פֿונעם ווינט, פֿאַרהאַלט זיך פֿאַר דער שקיִעה, ווי זי וואָלט פֿאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין דער געדיכטער צווייַגן-נעץ פֿון דעם אַלטן דעמב, וואָס שטייט איינער אַליין ווייַט אין ליידיקן פֿעלד שוין קימאַט אַן אָפּגעבלעטערטער. פֿונעם סאָף טאָג ווייעט מיט פֿראָסט און שניי.

יִצחאָק באַיאַר זיצט מיט אַ זייַט אויף דעם סיטשקע-קעסטל, די פֿיס איבער דער דראַבינע, די ברייטבייַנערדיקע אַקסל גייען אום און אונטערן פֿעלצל. איין ברעם אויפֿגעהויבן, אַ שפּיץ באָרד פֿאַרביסן אין ווינקל פֿון מויל — ער איז אין איינע צאָרעס, דער באַיאַר:

— אָט אַזוי קאָן מען כאָלילעווכאָס מעכאַלעל-שאַבעס זייַן... אַזוי געאייַלט, געטריבן פֿון זיך די נעשאָמע, אַראָפּגעשאָטן דאָס אויבס פּאָשעט אויף דער ערד, — ער רעדט צו דעם יונגמאַן, וואָס ליגט אינעם וואָגן שטרוי, אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס, און שטעכט די ווייַסע ציין אין אַ קאַלטן גרינעם עפּל, — מ'דאַרף שוין באַלד בענטשן ליכט...

— איז עפּשער וואָלטן מיר, רעב יִצחאָק, — בייַסט יענער געשמאַק דעם עפּל, — עפּשער וואָלטן מיר אָפּגעשטעלט דאָס פֿערד, אַראָפּגעקראָכן פֿון וואָגן און זיך געשטעלט אינמיטן פֿעלד מעקאַבל-שאַבעס זייַן? איך וועל זיך שטעלן פֿאַרן אָמעד, דאָס הייסט קעגן דער פֿאַרגייענדיקער זון, אַרויסנעמען דעם פֿידל און וועל אַ שפּיל טאָן אַ לעכו-נעראַנענאָ, אַז זינט, רעב יִצחאָק, די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן, האָט נאָך קיינער...

— טרייַב ניט, אַקיווע, קיין לעצאָנעס, — שלאָגט אים מיטאַמאָל בייז איבער דער ייִד, — איך קאָן ניט לעבן אָן קיין שאַבעס. איין טאָג אין דער וואָך מוז איך האָבן אַ נעשאָמע-יעסיירע... די אַלטע נעשאָמע ווערט מיר פֿאַר דער וואָך אויסגעטריקנט און איבערגעברענט. דו האָסט שוין באַ מיר גענוג צוגענומען... לאָז מיר איבער כאָטש דאָס שטיקל שאַבעס.

פֿון יִצחאָק באַיאַרס זאָג, דעריקער פֿון דער מינע, מיט וועלכער ס'איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן „דו האָסט שוין באַ מיר גענוג צוגענומען", ווערט אַקיווע דערשראָקן, און די ציין בלייַבן באַ אים שטעקן אין עפּל: וואָס, ער וויל, דער קרעטשמאַר, ווידער פֿאַרפֿירן די אַלטע קריג? ער האָט דאָך שוין די לעצטע יאָרן אים, אַקיווען, קיינמאָל וועגן דעם ניט פֿאָרגעוואָרפֿן, מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט. דער אַלטער האָט גענוג סייכל-האַיאָשער אויף צו פֿאַרשטיין: ער, אַקיווע, האָט טאַקע געהאָלפֿן דער טאָכטער אַוועקצוגיין פֿון דער היים, ער לייקנט עס ניט אָפּ, אָבער שפּעטער האָט זי, כייִרעס, אים, אַקיווען, אויך איבערגעלאָזט, און אַליין איז זי אַוועק מיט גאָר אַן אַנדער וועג...

טוט אַקיווע אַ וואָרף דעם אָנגעביסענעם עפּל אין פֿעלד אַרייַן, זעצט זיך אויף און פֿאַרוקט די הענט אין די אַרבל:

— נו, זאָגט זשע, איך האָב אייַך אומגליקלעך געמאַכט, איבער מיר...

— שווייַג שטיל, אַקיווע, — קערט אָפּ יִצחאָק באַיאַר דעם קאָפּ. — נו, נו... — ער שלעפּט אַרויס דאָס ליולקע-ציבעקל. — די זון שטייט נאָך. מעג מען נאָך פֿאַררייכערן. דו מעגסט זיך לאַכן... נאָר באַ מיר איז שאַבעס טייַער. די באַיאַרס זייַנען טאַקע מאָכסאָנים — יִשוווניקעס, דאָרפֿסלייַט...

— יאָ, יאָ, — טוט אַקיווע אַ טרויעריקן שמייכל, — די באַיאַרס. זאָגט מיר בעסער, רעב יִצחאָק, פֿונוואַנען האָט אייַך גאָט צוגעשיקט דעם פֿויגל און דערקלערט מיר, איך בעט אייַך, אויף וואָס דאַרפֿט איר אים?

— דאַרפֿן דאַרף איך אים ניט, נאָר ס'איז אַ צאַרבאַלעכאַיִם...

אין וואָגן ליגט טאַקע אַ ווייַסער בושעל. די לאַנגע רויטע פֿיס אויסגעצויגן, דער רויטער שנאָבל אויפֿגעהויבן צו דער פֿאַרגייענדיקער זון, ער קלאַפּט מיט דעם ווייַסן, שוואַרץ-באַזוימטן פֿליגל, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אַוועקפֿליִען.

— אַ צאַרבאַלעכאַיִם. ווער ווייסט, עפּשער איז עס אַ גילגל, אַ פֿאַרזינדיקטע נעשאָמע. נאָ-נאָ! — טוט ער אַ צי די לייצעס. — זי הערט זיך צו, וואָס מ'רעדט... הייַנטיקס יאָר האָב איך אָפּגעדונגען אויף די פּיסקעס, באַ אַ דייַטש, אַ סאָד. געכאַפּט אויף אַ גערעטעניש.

יִצחאָק באַיאַר טוט אַ זיפֿץ.

— ביכלאַל איז באַ מיר הייַנטיקס יאָר אַ געשלאָגענער זומער. נאָ!.. הינטערן סאָד, קימאַט אויף די בלאָטעס, שטייט אַ שטיבל, ווי זאָגט מען, אויף הינערשע פֿיסלעך. וווינט אין דעם אַן אַלטע דייַטשקע, עפּעס אַ פּאַן יאָרגע. זי האָט זיך באַזעצט דאָרטן פֿאַראַיאָרן. פֿונוואַנען זי איז, ווער זי איז, וואָס זי איז — ווייסט קיינער ניט. זי מייַדט אויס מענטשן, גייט אַליין צו קיינעם ניט, און קיינער גייט ניט צו איר. זי לאָזט ניט אַרויף קיין מענטשן אויף דער שוועל. אַ פֿאַרשאָלטענע נעשאָמע. אַ מענטש, וואָס האָט פֿייַנט מענטשן, איז ערגער פֿון אַ כייַע. וועסנע-צייַט זייַנען געקומען צו פֿליִען צוויי בושלען און גענומען זיך בויען אַ נעסט אויף איר דאַך. אַפּאָנעם, אַז אַלע יאָר פֿלעגן זיי בויען זייער נעסט אויף דעם שטיבל. נאָר הייַנטיקס יאָר האָט די דייַטשקע זיי געטריבן פֿון דעם דאַך.

— פֿאַרוואָס? — כידעשט זיך אַקיווע.

— זי האָט איבערגעדעקט דעם דאַך מיט נייַער שטרוי, האָט זי, אַפּאָנעם, מוירע געהאַט, די פֿויגלען זאָלן איר ניט כאָרעוו מאַכן דעם דאַך. דרייַ מאָל האָבן די בושלען געוואָלט מאַכן די נעסט, און דרייַ מאָל האָט די דייַטשקע זי צעוואָרפֿן. די וועסנע שטייט ניט, די טעג ווערן וואַרעמער. אָט הייבן שוין אָן צו צוויטען די ביימער. נאָ-אָ!.. די צוויי פֿויגלען זיצן אויפֿן דאַך לעם זייער כאָרעווער נעסט. איינעם אַ טאָג זע

איך — לעבן די צוויי זיצט שוין א דריטער בושעל. פריער זיינען זיי אלע דריי געזעסן אפן דאך שטיל, ספאקאינע... שפעטער א ביסל האבן צוויי צווישן זיך גענומען שלאגן, אפא-נעם — די צוויי זכרים. מ'האט זיך געהארגעט אזוי, אז פעדערן זיינען געפלויגן. דערנאך איז דער פרעמדער אוועקגעפלויגן. אין א פאר טעג ארום האט ער זיך ווידער באוויזן. עמעס, שוין ניט אפן דאך, נאר אפן וויהאן. ער דרייט זיך דארט ארום, טאנצט אונטער, קלאפט מיט די פליגל, פארווארפט דעם קאפ אפן רוקן און גרא-גערט לאנג, לאנג. אפאנעם, ער האט גערופן צו זיך די בושעליכע. עטלעכע טעג נאכאנאנד אזוי. סאפקאלסאף איז זי טאקע אוועקגעפליגן מיטן טענצער... און מיין בושעל איז געבליבן זיצן אפן דאך איינער אליין. זיצט גאנצענע טעג, גאנצע-נע נעכט שא-שטיל. מ'הערט פון אים קיין פיפס ניט. דאס הארץ רייסט, קוקנדיק אף אים. א שטומע צונג. קאן זיך אפילע ניט אויסוויינען. פארן זומער איז ער אזוי אויסגעמאגערט גע-ווארן, אז די פעדערן האבן זיך אף אים ניט גע-האלטן. דאס האב איך אים שוין א ביסל אט-כייעט. נא-א, האסטו געזען אזעלכעס. רעדט מען אפן וואגן, וויל זי ניט לויפן, זי הערט זיך צו... א ווייבערשע נעשאמע, לעהאוודל, אליץ דארף זי הערן און וויסן... נא! בעקיצער, דער זומער איז דורכגעלאפן. ס'האט א בלאז געטאן דער אסיען — די בלעטער טריקענען, פאלן שוין... כ'הייב שוין אן אראפנעמען די ווינטער-דיקע עפל. אין איינעם אזא טאג דערהער איך — אפן וויהאן רוישן פויגלען. כ'טו א קוק אהין — אין א רינג שטייען א סאך בושלען. מיינער איז אויך דארטן. מ'דערקענט אים גלייך — אן אפגעקראכענער. אפאנעם, טראכט איך זיך, זיי קלייבן זיך פארלאזן אונדזער קאנט, און מיינער פלים אויך מיט זיי. נאר דא דערזע איך, ווי איין בושעל האט זיך אפגעטיילט פון די איבעריקע, אפאנעם, דער, וואס פירט זיי אין וועג ארויין, דער סטאראסטע זייערער. ער האט אויסגעצויגן דעם האלדז צו מיינעם און גענומען עפעס ריידן. די איבעריקע האבן אויך אנגע-הויבן צו גראגערן. שלוימע-האמעלעך האט גע-קענט די שפראך פון פויגלען און כייעס. אין אונדזער צייט פארשטייען אפילע ניט אונדזערע קינדער די רייד פון זייערע עלטערן... נא-א!.. נאר לויט זייער שפרינגען ארום מיין פליבע-וואטן האב איך פארשטאנען, אז מ'איילעט זיך: וואס זאל מען טאן מיט אים? מיטנעמען אים מיט זיך? וויאזוי קאן מען אים מיטנעמען, אז ער קאן אף דער ערד ניט שטיין... און דא דער-זע איך, ווי דער סטאראסטע איז צוגעגאנגען צו מיין בושעל און אים א פיק געטאן אין קאפ ארויין. נאך אים האבן זיך א ווארף געטאן די איבעריקע צו פיקן אים.

— און איר שטייט, ווי אריסטאטעל, און קוקט אליץ צו?

— ווי קאן מען אזעלכעס קאלט צוקוקן? איך האב אנגעהויבן שרייען און זיך געלאזט לויפן; אהין. האבן זיך די בושלען אופגעהויבן און זיי-נען אוועקגעפלויגן. און דער, וואס איז דעם גאנצן זומער אפגעזעסן אפן דאך, אפילע די דייטשקע האט אים שוין מער ניט געטשעפעט, איז געלעגן אף דער ערד א צעבלוטיקטער... אני, אני, אני, וויפל אכזאריעס אין לעבן... נא-א!

דער קרעטשמאר ווערט אנשוויגן, בלייבט זיצן מיט פארמאכטע אויגן און רייכערט פאר-טראכט און פארזארגט דאס ליולקע-ציבעקל.

פון ביידע זייטן וועג ציען זיך די גרוי-אשיקע פאלעסיער פעלדער. ווו-ניט-ווו שניידט זיך אין אט דער גרויקייט ארײן א שיטער-אופגעגאנגע-נער גרינער בייט ווינטער-טווע. צום דארף איז שוין ניט ווייט. דער ווינט ברענגט פון די ליי-דיקע גערטנער די לעצטע רייכעס פון קרויט, פון פארטריקנטע שטענגלעך זונרויזן. ס'לאזט זיך שוין הערן דער טעמפ-געמאסטענער קלאפ פון די „צעפעס" — אין די שייערן קלאפן פויערים מיט די דרעש-שטעקנס איבער די מאגערע סנאפעס. מ'דרעשט דאס ברויט. אין פעלד הו-ליעט א צאפנדיקער ווינט. וואס שפעטער עס ווערט, אליץ געדיכטער, שווער-טונקעלער ווערט דער הימל — ס'פילט זיך דער שניי.

דער בושעל האט דעם רויטן שנאבל פאנאנ-דערגעעפנט, דעם לאנגן האלדז אויסגעצויגן צו דער פארגייענדיקער זון און קלאפט אליץ מיט דעם שווארץ-באזוימטן פליגל.

אקיווע זיצט צונויפגעדרייט, מיט די פארוק-טע הענט אין די ארבל ארומגעכאפט די קני, די אונטערשטע ליפ אף דער אייבערשטער און קוקט מיט איין אויג אף יצחאק באיארס בריי-טער, אף דער א ביסל טאמיד איינגעבויגענער פלייצע.

— די באיארס, — גיט ער ווידער א טרויע-ריקן שמייכל, — די באיארס... זייער א טשיקא-ווער שייוועט. דער דרייצנטער שייוועט בא יידן...

אין אלע ארומיקע דערפער, אין אלע ארומי-קע כוטארס קאן מען זיי טרעפן, די באיארס. דער ערשטער באיאר, דערציילט מען אין דער מיישפאכע, האט זיך באזעצט אין די פאלעסיער וועלדער צוריק מיט דוירעס, גערופן האט מען אים עזרע, און די באיארס רופן אים עזרע אווינו.

און אלע יאר, צום ערשטן סיידער, נאכן ערשטן קאס, דערציילט יעדער באיאר פאר זיין הויזגעזינד — פאר זין און טעכטער, פאר שניר און אייניקלעך, — וויאזוי דער ערשטער בא-יאר האט זיך באזעצט דא אין די וועלדער. און זיי דערציילן עס אזוי:

אין איינעם פון די דייטשלענדער האט גע-לעבט א ייד א גאלדשמיד, וואס האט פארמאגט געבענטשטע הענט. די צירונג און די שטוב-אנטיקלעך בא די גרעסטע און כאשעווסטע לייט פון יענער מעדינע איז געווען דעם גאלדשמידס מעלאכע. דער קיניג אליין האט געטרונקען וויין פון דעם גאלדענעם בעכער, וואס עזרע אווינו האט געמאכט. דאס איז געווען ניט קיין בעכער,

נאָר אַ שטיק װוּנדער, ס׳האָט פֿאַרנומען דאָס אויג...

אױף אײנעם אַ קיניגלעכן מאַלצײַט, — באַרימען זיך די איצטיקע באַיאַרס, — װוּ ס׳זײַנען בײַגעװען מעלאָכים פֿון אַנדערע מעדינעס, האָט אײנער אַ מעלעך ניט געקאָנט בײַשטײן דעם ניסױען און אָראָפּגעלאָזט דעם בעכער צו זיך אין קעשענע אַרײַן...

— נאָר װי ס׳פֿירט זיך, — דערצײלן װײַטער די באַיאַרס, — האָט יעדער מענטש אַ סאַך גוטעפֿרײַנט, אָבער סאָנים נאָך מער... און דער גאָלדשמיד האָט געהאַט אַ סאַך סאָנים. אין יענער מעדינע האָט מען ביכלאַל פֿײַנט געהאַט אַ ייִדן. אַרױסטרעטן אָבער אָפֿן קעגן עזרע אָװינו האָט מען פֿונדעסטװעגן מוירע געהאַט — ס׳פּאַסט ניט פֿאַר דער װעלט. ס׳קאָן װערן אַ גװאַלד... און דערצו נאָך האָט מען טאַקע מוירע געהאַט פֿאַר אים אַלײן אױך, װאָרעם אַזױ װי ער האָט געקענט מאַכן די שענסטע, די אײדעלסטע, די פֿײַנסטע גילדערנע כּפֿײצים, אַזױ האָט ער אױך געקענט יענעם אָנברעכן גוט די בײנער, ער איז געװען אַ גװאַר.

— מיר, — קלאָגן זיך די איצטיקע באַיאַרס, — מיר פֿאַרמאָגן שױן ניט אַזעלכע אײװורים. דערצו נאָך האָט עזרע אָװינו געהאַט אַ האַנט אין די הױכע פֿענצטער. זײַנען די סאָנים אָנגעקומען צום אַלטן בילבל אױף ייִדן — צום בלוט-בילבל... און דאָס איז געשען, װי טאָמיד, ערעװ פּײסעך.

די מוטער באַשעװע (אַזױ רופֿן די באַיאַרס זײער עלטערבאָבע) איז אױפֿגעשטאַנען, װי איר שטײגער איז געװען, פֿאַרטאָג אױסהײצן דעם אױװן. אַרײַנקומענדיק אין שטאַל נאָך האָלץ, באַמערקט זי — דאָס האָלץ ליגט עפּעס ניט אַזױ... האָט עס זי שטאַרק פֿאַרכידעשט. אַכוץ איר גײט קײנער אין שטאַל ניט, קײן דינסטן האַלטן זײ ניט. זײ זײַנען צװײ מענטשן. שױן צען יאָר נאָך דער כאַסענע, און קײן קינדער האָבן זײ ניט — אַ שטראָף פֿון זײַן ליבן נאָמען!

טוט זיך די מוטער באַשעװע אַ פּאָרע צװישן דעם האָלץ, עפּעס אַ שלעכט פֿאָרגעפֿיל האָט זי שױן געהאַט, און בלײַבט שטײן פֿאַרגלײװערט — צװישן דעם האָלץ ליגט אַ טױט קינד.

שטעכן איר די האָר אין קאָפּ, פֿאַלט זי שיִער ניט כאַלאַשעס. איז דאָך עס אָבער געװען די מוטער באַשעװע — אַכוץ שײנקײַט, איז זי נאָך געװען פֿול מיט כאָכמע. האָט זי גלײַך אַלץ פֿאַרשטאַנען און באַנומען.

װען די מוטער באַשעװע האָט אַלץ באַװאָרנט און באַשטאַט, האָט זי אױפֿגעװעקט דעם מאַן און אים ערשט דעמאָלט אַלץ דערצײלט. ס׳איז קלאָר: עזרע אָװינו איז געבליבן אין טױט-שרעק. די ערשטע װערטער זײַנען געװען:

— מ׳דאַרף אַנטלױפֿן.

האָט אים די מוטער באַשעװע באַרױקט און אים אָפּגעשלאָגן פֿונעם געדאַנק: לױפֿן טאָר מען איצט ניט, ס׳קאָן אַרױסרופֿן גרױס כשאַד, ס׳קאָן ברענגען צו אַן אומגליק אױף דער גאַנצער קעהילע. מ׳דאַרף איבערװאַרטן די ערשטע טעג פּײסעך.

— און מ׳קאָן זיך פֿאָרשטעלן, — דערצײלן װײַטער די באַיאַרס, דאָר נאָך דאָר, זײער האַגאָדע, זיצנדיק אָנגעלענט אױף די העסע-בעטן, קינד און קײט איז פֿאַרגאַפֿט, די הערצער קלאַפּן זײ, — באַ אונדזער עזרע אָװינו איז שױן געװען יענער פֿאַרשטערטער און פֿאַרכױשעכטער יאָמטעװ.

קומענדיק אַפּדערנאַכט פֿון בעסמעדרעש אַהײם, האָט ער אָנגעטאָן דעם װײַסן קיטל, די ליכט ברענען, דוכט זיך, װי אַלע יאָר, נאָר עפּעס טרױעריק. אַ פֿינצטערע כמאַרע הענגט איבערן טיש.

מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טױער. האַגאַם זײ האָבן זיך אױף דעם געריכט, נאָר מאַן און װײַב זײַנען געװאָרן נאָך בלײכער. אַ מאַכנע סאָלדאַטן האָבן אַרומגערינגלט די שטוב. דער עלטסטער זײערער האָט זיך געלאָזן גלײַך אין שטאַל אַרײַן — מ׳װײסט, װוּהין צו גײן, מ׳װײסט, װאָס און װוּ מ׳האָט אַװעקגעלײגט...

זײ האָבן איבערגעגראָבן דעם הױף, איבערגעקערט די שטוב, אױפֿגעריסן די ברעטער פֿון די פּאָלן, נאָר מ׳האָט געמוזט אַװעקגײן מיט לײדיקע הענט.

און דאָ רײַסן איבער די באַיאַרס זײער האַגאָדע. זײ גיסן אַלעמען אָן פֿולע קױסעס. די פּענעמער באַם איצטיקן דאָר באַיאַרס צעשמײכלען זיך. מ׳טרינקט אױס פֿאַר סימכע. און די טאַטעס פֿאַרענדיקן:

— און דאָך איז אונדזער פֿאָטער עזרע און אונדזער מוטער באַשעװע אַנטלאָפֿן געװאָרן פֿון יענעם װיסטן לאַנד אַהער און זיך באַזעצט דאָ, אין די פּאָלעסיער װעלדער. און דאָ האָט זײ גאָט געבענטשט — ס׳איז באַ זײ געבױרן געװאָרן אַ זון. דאָס איז געװען דער עמעסער באַיאַר — אַ װאַלד-מענטש... זײ האָבן אים אַ נאָמען געגעבן רעפֿאָעל — אױסגעהײלט פֿון אַלע צאָרעס. אונדזער עזרע אָװינו איז אָבער געװאָרן דאָ אױס גאָלדשמיד — אין דעם קאַנט איז ניט געװען, פֿון װאָס און פֿאַר װעמען צו אַרבעטן. איז ער געװאָרן אַ טעפּער. אײן טאָפּ פֿון אונדזער עזרע אָװינוס טעפּ האָט זיך פֿאַרהיט אין אונדזער מישפּאָכע. דער טאָפּ גײט פֿון דאָר צו דאָר...

— רעב ייִצכאָק, — פֿרעגט אַקיװע, װאָס זיצט נאָך אַלץ אַרומגעכאַפּט מיט די הענט די אונטערגעהױבענע פֿיס, די גאָמבע אױף די קני, — דער טאָפּ איז, דוכט זיך, באַ אײַך?

— דער יערושע-טאָפּ? יאָ, ער איז באַ מיר.

— איר האָט אים באַקומען בעיערושע מיט דער אַלטער קרעטשמע?

— הע-ע, ניט אַלע האָבן געװאָלט אָפּגעבן דעם טאָפּ. אין דער מישפּאָכע האָבן זיך געפּונען אױף אים אַ סאַך באַלאָנים. גאַװריִעל האָט דעמאָלט אײַנגעלײגט די װעלט. ער האָט געשריִען: ער איז בילכער... האָט זיך די מישפּאָ-

כע געשפּאָלטן — איין טייל האלט גאוורעלס צאַד, די צווייטע שטייט אַף מײַן צאַד. גאוורעל שטעלט פעסער מעד, שיט מיט געלט. ער וואָלט עפשער געווען אריבערגעשלעפּט די גאנצע מישפּאָכע אַף זײַן זײַט, נאָר דעמלט, ביים דעם קריג איבערן טאָפּ, האָט נאָך געלעבט דער עלטערזיידע, אָלעוועהאַשאָלעם, זאָרעכל. ער איז שוין געווען נאָך דער צווייטער בארמיצווע. דאָס האָט ער, אָלעוועהאַשאָלעם, דער עלטערזיידע, זיך געשטעלט אַף מײַן צאַד. און דאָס האָט געלייזט.

— גאוורעל, — הייבט אוף אקיווע דעם קאָפּ, — א מאָדנער ייִד אָט דער גאוורעל. בא אים שטעקט א שפּילקע אין דער נעשאָמע... ער גייט נאָך הײַנט אויך שפּילן אַף פּויערשע כאַסענעס?

— די לעצטע יאָרן גייט ער שוין ניט. ביסט גערעכט, אקיווע. בא גאוורעלן שטעקט א שפּילקע אין דער נעשאָמע. איך האָב אים פײַנט. מ'דארף אָבער מוידע זײַן...

אקיווע שלאָגט אים איבער:

— מ'זאָגט, רעב ייִצכאָק, אז צוריק מיט א צײַט זײַנען צו אײַך געקומען צוויי פּארשוינען און געוואָלט אָפּקויפן דעם טאָפּ.

— אזש פון פּייטערבארג זײַנען זיי געקומען. געוואָלט געבן א מאַטמען מיט געלט.

— וואָס זשע האָט איר זיי געענטפערט?

— כ'האָב זיי געזאָגט: דעם זיידן פארקויפט מען נים.

— נו?

— האָבן די צוויי פּייטערבארגער גענומען בעטן, מ'זאָל זיי געבן דעם טאָפּ כאָטש אַף איין כוידעש, זיי ווילן אים ערגעץ דאָרטן ארויסשטעלן אַף א וויסטאַווקע. דאָס, זאָגן זיי, איז אזא ארבעט, וואָס די וועלט האָט עס נאָך ניט געזען, אקוראט ווי מיר אליין ווייסן עס ניט. מיר האָבן עס נאָך געוווּסט, איידער אין פּייטערבארג האָט זיך געשטעלט דער מארק אַף אלטע ייִדישע טעפּ... נאָ-אָ! אליץ דארפסטו וויסן.

— האָט איר זיי געגעבן דעם טאָפּ?

— דו מיינסט געליען? איך האָב זיי געזאָגט: דער טאָפּ איז ניט מײַנער, איך בין נאָר א שוימער בא אים. אויב זיי וועלן מיר ברענגען די האסקאָמע פון דער גאנצער מישפּאָכע, וועל איך זיך ניט קעגנשטעלן. זאָלן זיי זיך אָנפרעגן בא דער גאנצער מישפּאָכע... פאָרן די צוויי מענטשן ארום שוין א גוטע פּאָר יאָר. אז באַיארס זײַנען, קיין אײַנהאָרע, פאראן ווי ביימער אין די וועלדער.

— זייער א טשיקאווער שייוועט די באַיארס, — זאָגט אקיווע פארטראכט, — זיי האָבן פײַנט ייִעש, זיי זײַנען ווילדע אקשאָנים, גרויסע אָפּטימיסטן.

— ו-וואָ-אָס, וואָ-וואָס זײַנען זיי?

— גרויסע באַלביטאָכנס.

— א-הא, — ייִצכאָק שאָקלט צו מיטן קאָפּ, — וואָס עמעס איז עמעס. מיר גלייבן. מיר גלייבן מיטן גאנצן הארצן, מיט דער גאַנצער נעשאָמע, גלייבן דארף מען קענען. מ'דארף קענען גלייבן ביזן סאָף. טאָמער, כאָלילע, טוט זיך אין דיר א וואקל דער גלויבן — אוים, פארפאלן, ביסטו א לעבעדיקער מעס. דעמלט זײַנען אלע דײַנע פּײַנען און יעסורים נארישע, ווילדע — ס'איז אין זיי קיין זין ניטאָ... ביסטו א מעשוגענער. עמעס, דאניעל זאָגט, אז דער ייִדישער ביטאָכן איז א שרעקלעכע קרענק... נאָ-אָ! אָט וועט זי זיך באלד ארײַנמישן אין די רייד... נאָ-אָ!

דער קרעטשמאר טרײַבט די שקאפּע, ער האָט מוירע, כאָלילע, ניט ארײַנפאָרן אין שאבעס. ער כאפּט אלע מאָל א קוק, ווי האלט עס מיטן טאָג. דער ווינט, וואָס שטארקט זיך פארן טאָג-זעצן זיך, פארהאלט, דוכט זיך, די זון. זי פּלאָנטערט זיך נאָך אליץ אין דער שיטער-געבליבענער קרוין צוגעדעמפּט-ברוינע דעמבענע בלעטער.

ייִצכאָק באַיאר זיפצט שטיל. ווי אופגערעגט ער זאָל ניט זײַן פון אנדערע זאכן, וועגן וואָס ער זאָל ניט ריידן, קאָן ער קיינמאָל ניט פארגעסן אָן די קינדער. דער מיזיניק, אווראָם, איז געפאלן אַף דער מילכאָמע ערגעץ הינטער די האָרע-כוישעך, אין מאנטשזשוריע... דאניעל ברענט דאָ, ווי א ליכט אפן ווינט. כיירוס... יענע איז אים, ווי א וווּנד אין הארצן. פון ראָכלען איז אויך ניטאָ קיין אײַנגעטונקטע פּען.

— רעב ייִצכאָק, — אקיווע שלעפּט ארוים פון דער שטרוי א לאנגע באר, א געלע, ווי אן אראָפּגעפאלענער הארבסטיקער קליאָן-בלאט. — מיר דוכט, רעב ייִצכאָק, אז די טוירע באם בארג סינײַ האָבן גענומען די באַיארס... דאָס האָבן זיי זיך ניט דערשראָקן פאר די דונערן און בליצן, פאר דעם שווארצן וואָלקן, וואָס איז געשטאנען איבערן בארג סינײַ. זיי האָבן זיך ניט דערשראָקן פארן שטארקן קאָל פונעם שויפער... איר ווייסט דאָך, רעב ייִצכאָק, ווען גאָט באָרוך-הו האָט זיך אראָפּגעלאָזט פון הימל אין דעם פלאם-פײַער און דער גאנצער בארג האָט גענומען ציטערן, זײַנען זיך אלע צעלאָפן... נאָר די באַיארס זײַנען געבליבן שטיין. און דאָס האָט זיך צווישן זיי געפונען איינער, וואָס איז דערנאָך בארימט געוואָרן אַף גאָר דער וועלט. דאָס איז דער גרויסער באַיאר מוישע ראביינו. דאָס האָט ער זיך אופגעהויבן צו גאָט אפן בארג סינײַ...

ייִצכאָק טוט א שמייכל:

— ביסט שוין לאנג ניט געווען בא אונדז. א גאנץ האלב יאָר. שלעפּסט זיך ארום מיט די קאָמעדיאנטן, מיט די לייצים, שפּילסט טריאַטער. אַף וואָס פּאַטערט איר די יאָרן און די טעג? נאָ-אָ! דאניעל דערמאָנט דיך אָפּט. דאניעל האָט דיך ליב...

ייִצכאָק נעמט ארײַן די לאנגע שמאָלע באָרד אין דער רעכטער האנט:

— דאניעל איז ארומגעגאנגען איבערן וואלד. וואָס האָט ער דאָרטן געזוכט? זײַן פארלאָרן מאזל? דו וועסט מיר נאָכאמאָל זאָגן: דאניעלן דארף מען פארשטיין... ס'איז דיר גרינג

צו זאָגן: „פאַרשטיין". און אַז איך פאַרשטיי, איז וואָס? דאָס האַרץ ווערט מיר צעריסן קוקנדיק אַף אים. „דער שטילער זומער" איז שוין שוואַרץ געוואָרן. אַ מאַמע קאָן דען אַזעלכעס צוזען? מאַלקע טריקנט...

— וואָס מאַכט ער, דאַניעל?

— וואָס ער מאַכט? די הענט ציטערן שוין בא אים, און ער מאָלט... ער האָט געמאָלט אַף האָלץ, געמאָלט אַף לײַוונט, און ער האָט זיך דערמאָלט אַזוי, אַז ס'איז אים שוין שווער צו דערקענען.

— בא אים וועט אײניקל זײַן אַ גוטער דאָקטער.

— פונוואַנען וועט ער זיך נעמען אַהער?

— איווע וועט אים ברענגען.

— איווע? — די רעכטע ברעם הייבט זיך אוף באַם קרעטשמאַר העכער, — וואָס, זי קומט אים אופרודערן די אַלטע וווּנדן... דאָס איז דײַן שטיקל אַרבעט?

— יאָ, רעב יִצכאָק, — איז זיך אַקיווע מודה. — זי איז אויך אַ קאָרבן.

— פון אַ קאָרבן ביז אַ קאָרבן, — טוט יִצכאָק באַיאַר אַ זיפץ, — אײנער פאַרקרימט זיך, וואָס דער בראַנפן איז ביטער... נו, מיר זײַנען שוין, אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען, בא דער ווינטמיל. אָט לאָזן מיר זיך אַראָפ צום סטאַוו... זע נאָר, אַקיווע, מיר דוכט, אַז שמוליקל לויפט. זע נאָר ס'אַרא לויפעניש, די פיאַטעס דערלאַנגען צום האַלדז-און-נאַקן. זע נאָר, ווי ער מאַכט מיט די הענטלעך. וואָס איז דאָרט אַזעלכעס געשען? נעם נאָר אָקאָרשט די ווישקעס, וועסט שוין יאַקאָש אַליין דערפאָרן.

דער קרעטשמאַר גיט איבער אַקיוון די לייצעס און גלײַך פאַלט ער ווי פון וואָגן אַרוים — ער לאָזט זיך לויפן מיטן ברעג פונעם סטאַוו דעם אײניקל אַנטקעגן.

אַקיווע זעט פונדערווײַטנס, ווי דאָס אײניקל דערציילט עפּעס זייער היציק דעם זיידן, און דער זיידע, אַפּאָנעם פון צעטראָגנקײַט, וואַרפט פון זיך אַראָפּ דאָס פּעלצל צוזאַמען מיט דער קאַפּאָטע, וויקלט אײַן אין דעם דאָס קינד, כאַפּט עס אַף די הענט און לאָזט זיך אַזוי אין די ווײַסע אַרבל לויפן דורך די גערטנער אַהיים — צו דער אַלטער קרעטשמע.

## VII

צוגעלאָפן מיט אימפּעט, אַ שווער-אָטעמדיקער, מיטן אײניקל אַף די הענט צו דער שטוב — די יערושע-קרעטשמע שטייט אינמיטן דאָרף קימאַט אַפן שליאַך, — פרעגט יִצכאָק באַיאַר בא די שכיינים, וואָס שטייען פאַר דער טיר:

— געקומען, האַ? געקומען?

— געקומען.

— אַ לעבעדיקער?

— אַ לעבעדיקער, אַ לעבעדיקער. טויטע גייען נישט.

— טויטע שטייען פון קיינער נישט אוף. דײַן זון, איצקאָ, איז געקומען. ער ליגט אין בעט און שמייכלט...

זיי טרעטן אָפּ, מאַכן פאַרן יִדן אַ וועג, ווײַל לויט דעם, ווי דער מענטש איז צעטראָגן און איבעראַשט, לויט דעם, ווי ער איז בלאַס, ווי ער קוקט אַלעמען אין די אויגן אַרײַן, איז צו זען, אַז וואָס מ'זאָל דעם מענטשן נישט זאָגן, וועט ער סײַווי נישט גלייבן, ביז ער וועט אַליין נישט דערזען דעם זון מיט די אייגענע אויגן.

די שכיינים זײַנען געקומען זיך זען מיטן סאָלדאַט, געוואָלט געוווירע ווערן פון אים, וואָס הערט זיך אַף דער גרויסער ווײַסער וועלט. צי האָט ער דאָרט נישט געהערט, צי האָט ער עפּשער שוין געזען, ווו מע טיילט ערגעץ די פּריציש ערדן? דאָ, אין פּאָלעסיע, הערט מען נאָך דערווײַל וועגן דעם נישט...

דער אַלטער וואַסיל אַף דעם הילצערנעם קלעצל (אַ האַלבן פוס האָט ער איבערגעלאָזט אין בולגאַריע בײַם דעם רוסיש-טערקישן קריג), דער גאַנצער פוס אין אַ נײַ-אויסגעפלאָכטענער פּאָסטעלע, אַף דעם העמד אָנגעהאַנגען דער „געאָרגישער קרייץ", איז געקומען אַ רעד טאָן מיטן סאָלדאַט „וועגן מילכאָמע און טאַקטיקע". נאָר דאָס וויכטיקסטע, צי ווייסט ער נישט, צי האָט ער נישט געהערט ערגעץ, דער סאָלדאַט, איז וועג, ווו געפינט זיך שוין יענץ פּאַפּיר, וואָס דאָס פּאַטערל דער קייסער האָט אונטערגעכאַסמעט און אַרויסגעשיקט, אַז אַלע פּויערים, וועלכע האָבן נישט קיין ערד, זאָלן גלײַך, ווי נאָר „דאָס פּאַפּיר" וועט אָנקומען, אַראָפּטרײַבן די פּריצים פון זייערע ערדן און פון זייערע מאַיאָנטקעס...

אָבער מיטן געקומענעם סאָלדאַט קאָן מען נישט רײדן. ער ליגט אַ האַלב-לעבעדיקער, שמייכלט צו אַלעמען, און פון די פיבערדיקע אויגן גיסן זיך טרערן. ער פאַרשטייט קוים, וואָס מ'רעדט צו אים. איין נאַטאַלקען האָט ער יאָ געזאָגט:

— אײַער מאַן לעבט.

— זאָגסט דעם עמעס, ער לעבט?

— האַראַסים איז געלעגן מיט מיר אין האָספּיטאַל.

— ווו זשע איז ער? סערדענקאָ, זאָג מיר דעם עמעס.

— איך זאָג דעם עמעס. ער וועט גיך קומען.

שטייט נאַטאַלקע בא דער קרעטשמע און וויינט שטיל — פון פרייד. דערפאַר שטייט אָבער די אַלטע האָרפּינע אָן אײַנגעבויגענע, ביידע הענט — געל-אָדערדיקע מיט צעשפּרייטע פינגער — טרייסלען זיך איר אַפן אָנשפּאַרשטעקן. איר אײַנגעשרומפּן-צעקנייטשט פּנים איז פון אונטער דעם שוואַרצן טיכל געווענדט צו די אַרומיקע מענטשן. זי פרעגט בא אַלעמען און בא קיינעם נישט:

— ווו איז מײַן פּאַוולאָ? פון מײַן אײניקל ווייסט קיינער גאָרנישט. נישט קיין זון, נישט קיין טעכטער... כ'האָב שוין קיינעם נישט, און איך לעב... געהאַט איין-און-איינציק אײניקל, האָט

מען אים בײַ מיר צוגענומען. מ'האָט מיך איבערגעלאָזט מיטן שטעקן... אָט אַ דאָליע בײַ מיר. טאַדאָסקעס זון איז געקומען, כּוועדאָרס זון האָט זיך אומגעקערט, דעם קרעטשמערס זון איז דאָ. האַראַסים לעבט. גאָט איינציקער, וווּ איז מײַן איין-און-איינציק אייניקל, וווּ איז מײַן פּאַוולאָ? טויב מײַנע, טײַערע!

איבערן שליאַך גייט מאַרוּ. אויף די הענט, צוגעטוליעט צו דער ברוסט, טראָגט זי דאָס קראַנקע קינד. דאָס טיכל פֿון קאָפּ איז בײַ איר אַראָפּגערוקט, דער ווינט שויבערט אירע גאָלד-לײַנענע האָר. זי, די יונגע אַלמאָנע, קלאָגט אויף אַ קאָל:

— מײַן מיקאָלאַ וועט שוין קיינמאָל ניט קומען... סינו, סינו, נעמאַ או נאַס באַטקאַ, או-בילי נאַשעהאָ באַטקאַ*. מיר וועלן פֿאַרטריקנט ווערן, די ערד וועט פֿאַרטריקנט ווערן... אוי, מיקאָלאַ, ווי־אַזוי וועלן מיר לעבן אָן דיר? סינו, סינו, נעמאַ או נאַס באַטקאַ...

— נו, צו וואָס, — פֿרעגט דער אַלטער וואַסיל, — דאַרף איך מאַנטשוזשוריע? איך דאַרף האָבן אַ דרײַ דעסיאַטין ערד דאָ... — און ער וויגט זיך אויף דעם הילצערנעם פֿוס, — אָט וועט איצטיקן אָנקומען יעניק פּאַפּיר... אָט דעמלט וועלן מיר טרײַבן די פּאַנעס. כ'וועל אַראָפּנעמען מײַן הילצערנעם פֿוס, כ'וועל אים נעמען אין דער האַנט אַרײַן, און איבער די קעפּ, און איבער די קעפּ... אַ-טאַק, אַ-טאַק!

— שווײַג, וואַסיל, — אייצעט אים עמעצער, — פֿאַרבינד די צונג...

— קומט, גוטע מענטשן, וואָס איז דאָ צו שטיין?

— אי צע פּראַוודאַ**. ס'אַראַ קאַלטער ווינט. די זון פֿאַרגייט אויף אַ שניי.

דער אַלטער וואַסיל טוט אַ קלאַפּ מיטן קלעצל אין דער ערד, רוקט אָן טיפֿער דאָס היטל, פֿאַריכט אויפֿן העמד דעם געאָרגישן קרייץ און טוט אַ נעם אויפֿן גאַנצן קאָל:

З-за Сибі-іром сонце схо-одить,
Х-хло-оп-ці, не зівай-те...

דער זייער קורצער סאַפּהאַרבסטיקער טאָג גיסעסט אין דער פּלאַמיקער שקיִע. דער ווינט שטאַרקט זיך, און די צווײַגן אויף די ביימער קלאַפּן הילכיק איינע אָן דער צווייטער, די קעלט קריכט זיי אונטער דער קאָרע...

און ער, דאַניִעל, בײַ דרײַסיק יאָר אַ ווײַס-באַזילבערטער, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די קאָל-דרע מיט דער גרינער לאַטע, שטייט אונטער דעם נאַקעט ציטערנדיקן באַרנבוים און לאָזט זיך אין שטוב אַרײַן ניט פֿירן. ער קוקט זייער אָנגעשטרענגט אַהין, וווּ הינטער דעם בערעזע-ווערדל, אויפֿן כוטאָר, אין גאַוריִעלס הויף,

בליאַסקען די פֿענצטער קעגן דער פֿאַרגייענדיקער זון.

— דאָרט איז איוועַ, — זאָגט ער אויף אַ קאָל, — איך מוז זיך מיט איר איין מאָל, כאָטש איין מאָל מיט איר טרעפֿן אויג-אויף-אויג. כ'וועל איר אָפּגעבן די האַלב-פֿאַרברענטע בריוו... ניין, איוועַ, איך האָב גאָר אַפֿילע אַליין ניט געוווּסט, ווי איך האָב דיך ליב... דערקלער מיר, ווי־אַזוי האָב איך עס אָט די אַלע צען יאָר געלעבט אָן דיר? איוועַ, איוועַ...

ער כאַפּט זיך, אַז ער רעדט צו דעם ווײַב. ער פֿאַרלירט זיך שרעקלעך, ווערט רויט און נעמט שאַרן מיט דער האַנט אַרום זיך, ווי ער וואָלט באַדאַרפֿט עפּעס נעמען. זײַן האַנט געפֿינט אָבער גאָרניט, צעשרײַט ער זיך אויף דעם ווײַב:

— וואָס שטייסטו קעסיידער איבער מײַן קאָפּ?

— דאַניִעל, — בײַסט זי די ליפּן, — וואָס האָסטו צו מיר, דאַניִעל? וואָס בין איך דאָ שולדיק? ווער האָט דיך געבעטן מיר אָנטאָן דעם רינג... דו אַליין, דאַניִעל... אָדער דו שרײַסט אויף מיר, אָדער דו רעדסט צו מיר, ווי צו אַ קראַנקער...

— מאַלקע, — ענטפֿערט ער געפֿאַלן, — איך שרײַ דען אויף דיר? איך-שרײַ אויף זיך... זײַ מיר מוחל, מײַן מאַלקע, קיניגן! — ער וויל איר נאָך עפּעס זאָגן, נאָר דאָ דערזעט ער הינטער זיך אַקיווען. ער לייגט אים אַרויף די האַנט אויפֿן אַקסל, — אַקיווע-פֿרײַנט, אַקיווע-כאַווער, ביסט געקומען? גיי, מאַלקע, אין שטוב אַרײַן. אַקיווע-פֿרײַנט, האָסט שוין געזען אַווראָמען? דו האָסט געזען זײַנע אויגן? עפּעס וויל ער, דוכט זיך, אַווראָם, זאָגן. זײַנע אויגן דערציילן עפּעס...

— איוועַן האָסטו געזען? — טוט אים אַקיווע אַ פֿרעג.

— אַקיווע-פֿרײַנט, שטיי לעם מיר אַ ביסל. לאָמיר בײדע שווײַגן. מיט דיר איינעם קאָן איך ריידן שווײַגנדיקערהייט... אָ, האָבן מיט וועמען צו שווײַגן איז מערער, ווי האָבן מיט וועמען צו ריידן... ווי גוט ס'איז געווען דאָס שווײַגן מיט איוועַן. אונדזער שווײַגן איז געווען אַ ליד אָן ווערטער... אַזאַ האַרציקער ניגן. און אַז די הערצער פּלעגן ווערן איבערגעפֿולט, שווײַגן קאָן מען שוין אויך ניט... פּלעגן מיר נעמען בײדע ריידן מיט שלוימע-האַמעלעכס שיר-האַשירים. וווּ נעמט מען דען גרעסערע און שענערע רייד?..

— לאָמיר, דאַניִעל, שווײַגן.

— יאָ, יאָ, אַקיווע-כאַווער, יאָ, איך וויל שווײַגן. אויף אַזאַ זון-פֿאַרגאַנג איז שווער צו קוקן אַליין. שטיי לעם מיר, אַקיווע... זעסט, אַקיווע-פֿרײַנט, ווי די זון שטייט בײַ דער ערד? צוויי מאָל אין טאָג דאַרף מען זוכן די זון אויף דער ערד — בײַם אויפֿגיין און בײַם פֿאַרגיין... זיי זײַנען בײדע מאָל וווּנדערלעך-שיין.

ער ווערט אויף אַ רעגע אַנשוויגן, רוקט אַרײַן די פֿינגער אין די ווײַסע קרויזן און, האַלטנדיק די הענט אין קאָפּ האָר, בייגט ער זיך אָן:

---

* — זון, זון, מיר האָבן ניט קיין טאַטן, מ'האָט געהאַרגעט אונדזער טאַטן. ** — אויך אַן עמעס.

— ס'איז מיר ניט גוט, אקיווע-פֿרײַנט, פֿיר מיך, אקיווע-כאַווער, אין שטוב אַרײַן...

און אקיווע דערמאָנט זיך, ווי מיט געצײלטע באַדאָשים צוריק, דעמלט — אַ געלײַטערטע-פֿאַרפּלאָמטער, אַן אויפֿגערעגטער, מיט יענער אויפֿרעגונג, ווען מ'רײַסט זיך אַרויס אַף אַ רעגע פֿון דעם אייגענעם שטאָק-פֿינצטערן גוירל, פֿון די דאַלעדאַמעס, אין וועלכע מ'איז אַרײַנגעדרוקט געוואָרן, וווּ מ'שטיקט זיך אָן ריינער לופֿט און אָן גײַסטיקער ליכט און שײַן, — דעמלט האָט דאַניִעל אויך, ווי איצט, שטייענדיק אונטער דעם באַרנבוים, אויך פֿאַרן זון-זעצן-זיך, גערעדט און געזאָגט דאָס זעלבע:

— די זון דאַרף מען זוכן אַף דער ערד...

נאָר דעמלט האָבן דאַניִעלס רייד נאָך געהאַט אַ טאַם. אקיווע האָט נאָך דעמלט געפֿילט אין זיי וואַרעם-לעבעדיקס.

אָבער דעמלט איז דער באַרנבוים געשטאַנען אין צוויט. ס'האָט געשמעקט מיט האָניק, ווי פֿון אַ בינשטאָק, און אין בערעזניאַק אַף די יונגעביימער האָט פֿון דעם אָנגעקוואָלענעם זאַפֿט געפּלאַצט די ווײַס-געשטרײַפֿטע דינע קאָרע. די פֿייגל האָבן דעמלט פֿאַר דער שקיִע אַזוי געצווי־טשערט, זיך פֿאַרכלינעט אין אַזאַ סימכע, אַז ניט בלויז ער, אקיווע, וואָס אים באַגלייט טאָמיד דאָס געפֿיל, אַז ער זיצט אַף אַ פֿור און וואָס אין וועג זאָל זיך ניט טרעפֿן, וועט ער סײַווי אַרײַנפֿאָרן אין אַ שיין לעבן..., נאָר אויך אפֿילע דאַניִעל — דער טאָמיד ניכטערער, וואָס שאַצט קיינמאָל גאָרנישט ניט איבער, זעט אַלץ, ווי אים דוכט, יעדן אָנהייב און נאָך בוילעטער יעדן סאָף, אפֿילע אים, דאַניִעלן, האָט זיך דעמלט, אין יענעם פֿרילינג-פֿאַרנאַכט אויסגעוויזן: דאָס לעבן הייבט זיך ערשט אָן.

זיי זײַנען דעמלט ביידע אַרומגעגאַנגען די גאַנצע נאַכט.

— אקיווע-פֿרײַנט, — האָט ער דעמלט געזאָגט, — אַזאַ נאַכט איז אַ גרויסער יאָמטעוו אין לעבן.

ס'איז טאַקע בעעמעס געווען אַ געמיטלעךפֿרילינגדיקע, אַ זייער הערלעכע נאַכט. פֿון דעם טיף-אויסגעבויגענעם הימל פֿאַלט אַזאַ טונקלבלויע שײַן און זילבער-בלענדנדיקע פֿעדעם שפּינען זיך אַרײַן אין די ליכטיק-גרינע, אין די נאָך קלעפּיקע יונגע בלעטער-קרוינען.

דאַניִעל איז דעמלט געטראָטן איבער דער לעוואָנעדיקער, געדיכט-גראָזיקער, טוי-פֿינקלענדיקער וואַלד-לאָנקע, איבער די ביימער-שאָטנס אַזוי מאָדנע שטיל, אָן אַ מינדסטן רויש, ווי ער וואָלט וועלן געהיים, אומבאַמערקטערהייט, זיך אַרויסגאַנווענען פֿון דעם פּריִערדיקן לעבן, פֿון יענעם בייזן גוירל, וואָס לאָקערט נאָך זײַנע טריט.

און פּלוצעם בלײַבט ער שטיין, רוקט אַרײַן, ווי טאָמיד, ווען ער איז אויפֿגערעגט, די פֿינגער פֿון ביידע הענט אין דעם ווילד-צעשויבערטן קאָפּ האָר. דער זילבער פֿון זײַנע האָר שעמערירט אין דער לעוואָנע-שײַן.

— אקיווע-פֿרײַנט, — רעדט ער קוים וואָס מ'הערט אים, — ס'אַ נאַכט, ס'אַ שיינקײַט! עך, ווען איך זאָל קאָנען אָנמאָלן אַזאַ נאַכט? הערסט, אקיווע-כאַווער, ווי דער וואַלד לעבט? די פֿייגל קאָנען זיך אַ גאַנצע נאַכט ניט באַרויִקן. איך האָב ליב וועסנע. אין דער וועסנע ליגט גוואַלדאָוונע קראַפֿט און גוואַלדאָוונע צאַרטקײַט. דער מענטש ווערט אויך שענער וועסנע-צײַט.

איז ער דעמלט געשטאַנען, דאַניִעל, אַף דער לעוואָנעדיקער לאָנקע, די פֿינגער פֿאַרוקט אין דעם ווײַסן קאָפּ האָר און פֿון האַנאָע געקרעכצט. פּלוצעם נעמט ער אַרויס די הענט פֿון קאָפּ:

— אקיווע-פֿרײַנט, ניט מיט דער פֿאַרגאַנגענהײַט דאַרפֿן מיר לעבן...

אקיווע פֿאַרשטייט: ערשט איצט וויל דאַניִעל אים זאָגן, זיך טיילן מיט דעם סאַמע וויכטיקסטן, וועגן וואָס ער האָט די לעצטע צײַט געקלערט און געטראַכט.

— אקיווע-כאַווער, — איך בין ווײַט פֿון כיירוסעם אידייען... נאָר אין איינס איז זי גערעכט — מיט דער פֿאַרגאַנגענהײַט קאָנען מיר מער ניט לעבן. ניין, אקיווע-פֿרײַנט, ניין, נאָר ניט מיטן אָווער... מיר זײַנען שוין זאַט מיט אים. דער אָווער קריכט אונדז שוין פֿונעם גאָרגל. ווידער און אָבערמאָל דאָס אַלטע לידל: אַמאָל איז געווען אַ מעלעך... אינעם אָווער, וויפֿל מ'זאָל אים ניט וואַרעמען, הערשט פֿאָרט די קעלט פֿון דעם בעסוילעם... דער אָווער וועט סײַווי פֿון אונדז אינערגעץ ניט אַוועקגיין, ער שטייט אייביק פֿאַר אַלע דוירעס. אקיווע-פֿרײַנט, מיר דאַרפֿן האָבן אַ מאָרגן... עמעס, פֿרײַנט מײַנער, דער מאָרגן איז פֿול מיט נעפּל, די צוקונפֿט איז אַ שוואַרצער וואַלד, פֿול אַף שריט און טריט מיט געפֿאַרן, ווער ווייסט, וואָס פֿאַר אַ פּאָנעם דער מאָרגן וועט האָבן... נאָר איך וויל, אקיווע-כאַווער, זיך אַוועקזעצן מיט דיר אַף דײַן פֿורל און פֿאָרן מיט דיר אין אַ שיין לעבן אַרײַן... מער טאָרן מיר מיטן אָווער ניט לעבן. לעבן מיטן אָווער — איז אַ פּריצײַטיקער טויט. צוקונפֿט — דאָס איז לעבן, דאָס איז קראַפֿט, און קראַפֿט, גוורע, איז דאָס מאַזל פֿון לעבן... קום, אקיווע-כאַווער, צום טײַך, ס'וועט שוין באַלד אָנהייבן אויפֿגיין די זון. קום, פֿרײַנט מײַנער, קום, וועלן מיר זי באַגעגענען, אַמאָל פֿלעגט איִווע קומען צו לויפֿן...

— מ'דאַרף ניט לעבן, דאַניִעל, מיטן אָווער...

— יאָ, יאָ, אקיווע-פֿרײַנט, לאָמיר שווײַגן, לאָמיר לעבן מיטן אָסיד.

זײַנען זיי דעמלט ביידע באַם זון-אויפֿגאַנג אַף דעם העכערן, אַף דעם רעכטן ברעג-טײַך געזעסן. דעם לינקן ברעג איז ניט אָנצוזען — די פֿרילינגדיקע וואַסערן ציִען זיך ווײַט, פֿאַרטרינקען די נידערנגישן, פֿאַרפֿלייצן די לעוואַדעס — די ווערבעס שטייען נאָך אַלץ ביז האַלב אין וואַסער. דער פֿרילינגדיקער טײַך שפּילט און רוישט, ווייעט מיט פֿײַכטער קילקײַט אין פּאָ-

נעם אריַין. אין קאַיאָר שמעקט שטאַרקער דער וויַינשל-צוויט.

— אקיווע-פריַינט, קוק ניט אַף מיר, זע, זי הייבט אָן אופגיין... זע, ווי ס'רוימלט זיך דער מיזרעך, ס'ארא פארבן... זע, זע, ווי אין דעם נעפּל, וואָס כוואַליעט זיך, ווי א ליכטיקער רויך איבערן יאר, איז אריַינגעפאלן דער ערשטער פיַיערדיקער שטראַל. דו הערסט, ווי פייגל האָבן זיך צעזונגען? מ'דארף טאקע זיַין שטאַרקער פון איַיזן...

און דאַניִעל ווערט אנשוויגן. ער צופּט ארום זיך די טוי-נאסע גראָזן, רייַבט זיי אין די הענט און ציט דאָרשטיק אין זיך אריַין זייערע רייכעס. ס'באוויַיזט זיך א רייפּעלע זון. דאַניִעל רוקט ווידער אריַין די הענט צוזאמען מיט די צעריבענע גראָזן אין קאָפּ האָר אריַין און קוקט, ווי די זון הייבט זיך אלץ העכער און העכער. דער בליק ווערט בא אים פארצויגן מיט א הייסן נעפּל, און ס'שטעלן זיך אים טרערן אין די אויגן.

— וואָסי? — פרעגט בא אים אקיווע.

— איך וויים? כ'ווייס אליין ניט... עפּעס בין איך היַינט, ווי שיקער. און וואָס איז דער כידעש, אז א שיקערער וויינט.

און דערנאָך טרויעריק צוגעגעבן:

— מיַין לעבן, אקיווע-פריַינט, איז שוין אָבער פארשפּילט. וואָלט כאָטש איווע געווען מיט מיר...

און מער האָט שוין דאַניִעל ניט גערעדט. אויך פאר דעם גאנצן טאָג, וואָס אקיווע איז דעמלט געווען לעבן אים, האָט ער פון דאַניִעלן מער קיין וואָרט ניט געהערט. דאַניִעל האָט אים אפילע ווי אויסגעמיטן. בלויז פאר זיַין אוועקגיין האָט ער אקיווען געגעבן אָנצוהערן, אז ער, דאַניִעל, וועט מיסטאמע פאָרן אין שטאָט אריַין... ער וועט נאָך איין מאָל זיַין אין קיִעוו — א פּרווו טאָן צום לעצטן מאָל דאָס מאזל.

אצינד אָבער, צוזעענדיק, ווי דאַניִעל שטייט איַינגעבויגן אונטער דעם אָפּגעבלעטערטן שווארצן בארנבוים, ווי ער שלעפּט אַף זיך די ווארעמע קאָלדרע מיט דער גרינער לאַטע, צוהערנדיק, וויִאזוי ער בעט זיך: „אקיווע-פריַינט, פיר מיך אין שטוב אריַין”, ערשט אצינד פארשטייט ער, אקיווע, אז מיט דאַניִעלן איז אין יענער פרילינגדיקער נאכט פאָרגעקומען דאָס זעלבע, וואָס מיט זיַין, אקיוועס, מוטער איז פאָרגעקומען פאר איר טויט.

נאָך איר לאנגער קרענק, נאָך דעם, ווי ס'איז שוין אויסגעקומען צו געבן איר דעם לעפל געקעכטס אין מויל אריַין, האָט זי, זיַין גויטעלאָמוסדיקע מאמע, אין איינעם א פרימאָרגן אָן קיינעמס הילף זיך אופגעזעצט אַף דעם בעט:

— ס'איז גוט, — האָט זי געזאָגט, — אלץ איז גוט!

זי, וואָס די לעצטע וואָכן האָט זי גערעדט בלויז מיטן ווונק, זי האָט מיטאמאָל אָנגעהויבן צו ריידן קלאָר און דיַיטלעך:

— געזונט געקרענקט, געזונט, מ'דארף לעבן!

זי קוקט אין פענצטער אריַין, און אַף אירע טרוקן-געלע באקן טרעטן ארויס בלייך-ראָזע פלעקן.

— וועסנע, איאָ, אקיוועלע, וועסנע?

פון די אנטקעגנדיקע דעכער פאלן אין דעם פריש-אויסגעשאָטענעם שניי זוניקע טראָפּנס. אַף דעם קארניז זיצן צוויי שפּערלעך, שארפן די שנאָבלעך און צוויטשערן.

— ס'איז גוט, אקיוועלע, אלץ איז גוט...

זי שוויַיגט לאנג, דערנאָך פרעגט זי:

— אקיוועלע, קיינער גייט ניט?

— ניין, מאמע, קיינער גייט ניט. דער טאטע גרייט דעם וואָגן, שמירט די רעדער.

— ער גרייט שוין דעם וואָגן? ס'איז וועסנע, קיוועלע?

— יאָ, מאמע, דיר אריַינרופן דעם טאטן?

— ניין, קיוועלע, ניין... דער טאטע... קום אהער צו מיר, אקיוועלע, קום צו מיר...

ער גייט צו צו איר בעט. ער האָט אָבער מוירע פאר איר, פאר דער מאמען. די האָר זיַינען איר צעשאָטן. די אויגן אזעלכע גרויסע און רויטע.

— מאמע, — בעט ער זיך, — מאמע, שרעק מיך ניט...

— גאָט איז מיט דיר, מיַין קינד, גאָט איז מיט דיר, אקיוועלע.

— מאמע, כ'האָב פאר דיר מוירע!

— זונעניו, אקיוועניו, — זי נעמט אים אָן פאר דער האנט, שלעפּט אים צו, און זעצט אים אוועק לעבן זיך אפן ראנד בעט. — אקיוועלע, דו שרעקסט זיך פאר מיר?

— ניין, ניין, מאמע...

— אקיוועלע, דו ביסט שוין א גרויסער... אָט ווערט דיר באלד דריַיצן יאָר... דריַיצן יאָר?.. ווייסט איז מיר, דריַיצן יאָר...

זי קוקט אַף אים לאנג מיט די רויטע אויגן.

— דריַיצן יאָר... דו דרייסט זיך אלץ ארום צווישן די קלעזמער? ווילסט זיַין א קלעזמער? זיַי, מיַין קינד, א קלעזמער. שפּיל, מיַין זון, אַף אָרעמע כאסענעס... זיַי דיר, מיַין קינד, וואָס דו ווילסט... אקיוועלע, בא מיר איז געווען א כאסענע אָן קלעזמער... קיינער גייט ניט?

— ניין, מאמע, קיינער גייט ניט. דער טאטע שמירט דעם וואָגן.

— דער טאטע? וועמעס טאטע?

— מיַין טאטע.

— דיַין טאטע, זאָגסטו?.. האָב אים ליב, האָב אים ליב, לייזערן דעם באַלעגאָלע, האָב אים ליב, דעם אשמעדיַי... ער איז א מענטש אָן א גאָל. ער איז א הייליקער, דער אשמעדיַי... נאָר ער איז ניט דיַין טאטע.

— מא-מע?

זי לייגט ארויף איר האנט אַף זיַין מויל — א ציטערנדיקע נאס-קאַלטע ביינערדיקע האנט. די וויַיסלען ווערן בא איר נאָך רויטער.

— ער איז ניט דיַין טאטע, דיַין טאטע...

און דאָ דערזעט ער, אקיוועלע: די רויטקיַיט אין דער מאמעס אויגן פארגייט. די שווארץ-

אַפּלען גייען אויך אַוועק ערגעץ אַרויף, אין שטערן אַרײַן. איר ציטערנדיקע נאָס-קאַלטע האַנט גליטשט זיך פֿון זײַן מויל אַראָפּ... זי טוט אַ פֿאַל אויפֿן רוקן, דער קאָפּ טוט זיך איר דערבײַ אַ זעץ אָן דעם לען-ווענטל פֿון בעט.

דער דאָזיקער קלאַפּ פֿון דער מוטערס קאָפּ אָן דעם הילצערנעם לען-ווענטל באַגלייט אַקי-ווען דאָס גאַנצע לעבן. ווי נאָר ער בלײַבט אַליין, דערהערט ער באַלד יענעם שרעקלעכן קלאַפּ. ער איז זיכער, אַקיווע: די מאַמע זײַנע האָט פֿאַרן אַוועקגיין פֿון דער דאָזיקער וועלט ווי אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר...

...אַקיווע פֿילט, אַז איינער אַליין וועט ער דאַניעלן צום שטוב ניט דערפֿירן. יענער ליגט באַ אים קימאַט אויף די הענט. ניין, טראַכט אַקיווע, די מאַמע האָט געהאַט אַ גרינגערן טויט. דאָס לעבן האָט איר צו אַכצן יאָר דערלאַנגט אַ טשמעל און זי פֿריטשמעליעט אויף טאָמיד. ערשט פֿאַרן טויט איז זי צו-זיך געקומען, דערפֿילט — זי האָט אויך אַ שײַכעס צו דער לעבעדיקער וועלט. די צוויי שפּערלעך אויפֿן קרומען געזימס צווּיטשערן אויך פֿאַר איר... נאָר דאָס איז געווען אַ בליץ אין דער נאַכט נאָך אַ סאַרפּענדיקן טאָג. ניין, דאַניעלס טרויערשפּיל איז גרעסער. אַלע קלעפּ, וואָס דאָס לעבן דערלאַנגט אים, דאַניעלן, פֿריטשמעליען אים ניט, פֿאַרקערט... דאָס שטיינערנע לעבן זעצט איבער דעם שטיינערנעם דאַניעל. ס'שפּריצן פֿײַערדיקע פֿונקען. ס'ברעכן זיך אָפּ שטיקער, נאָר דאָס געבליבענע איז פֿאָרט — שטיין...

— אַקיווע-פּרײַנט, — זאָגט דאַניעל, ווי ער וואָלט אונטערגעהערט יענעמס געדאַנקען, — איך בין שוין צעשפּאָלטן, איך ווער צעפֿאַלן... ס'איז מיר ניט גוט, אַקיווע-כאַווער, ניט גוט... פֿיר מיך אין בעט אַרײַן, — ער נעמט פּלוצעם אַרום אַקיווען. — ס'איז אַ ליגן, וואָס דאָסטאָיעווסקי זאָגט, אַז מ'קאָן אויף אַ הויכן פֿעלדז אײַנמיטן אַ שטורמישן יאַם אַוועקשטעלן אַ מענטשן אויף איין פֿוס, און דער מענטש וועט אַזוי, אויף דעם איינעם פֿוס, אָפּשטיין דאָס גאַנצע לעבן...

ער רעדט גיך, דאַניעל, שלינגט האַלבע ווערטער, דריקט צו אַקיווען צו זײַן ברוסט, ווי ער וואָלט זיך פֿאַר אים פֿאַרענטפֿערט און ווי ער וואָלט וועלן, אַז זײַן „אַקיווע-פּרײַנט“, זײַן „אַקיווע-כאַווער“ זאָל אים פֿאַרשטיין און באַנעמען.

— ס'אַ ליגן, אַקיווע, אַ מענטש קאָן ניט שטיין אויף איין פֿוס, ווי אַ גאַנער. און ער זאָגט דאָך ניט, וויפֿל אַזאַ לעבן קאָן דויערן. צי וויל ער עפּשער זאָגן, אַז מיט אַ מענטשן קאָן מען טאָן אַלץ? דאָס איז אויך אַ ליגן. אַזעלכע איינפֿוסיקע העלדן ווערן געבוירן נאָר אין קרענקלעכע מויכעס. ביכלאַל, זײַנען דאָסטאָיעווסקיס אידייען קרענקלעכע. אַקיווע-פֿרײַנט, יאָ, יאָ, לאָמיר שווײַגן... אַ מענטש מוז האָבן די ערד. ער מוז שטיין מיט ביידע פֿיס אויף איר. און ניט נאָר שטיין, אַרומגיין מוז דער מענטש. און די ערד, אַקיווע-כאַווער, טאָר ניט זײַן קיין אויסגעברענטער מידבער, אַ בליִענדיקער גאָרטן דאַרף זײַן די ערד... שוין דאַרף זײַן די ערד, אין צווייט דאַרפֿן שטיין אירע סעדער... נו, גוט, גוט, אַקיווע-פֿרײַנט, לאָמיר שווײַגן...

און אָנגעשפּאַרט אויף אַקיוועס האַנט, שאַרט דאַניעל די פֿיס איבער דער ערד, דרייט דעם קאָפּ אַהין, צום בערעזענעם וועלדל, וואָס שטייט שוין אין נאַכט. און בלויז איין ליכטיקער פֿלעק — אַ סימען פֿון דער נאָרוואָס אויסגעלאָשענער שקיִע, וויגט זיך אויף אַ שפּיץ צווײַג אין הימל.

אין הויף, צוגעדעקט מיט דער בורקע, מיט דער מאָרדע אין וואָגן אַרײַן, שטייט די ווײַסע בײַכיקע שקאַפּע, וואָס אונטערוועגנס דאַרף זי אַלץ הערן און וויסן. אַציַנד, באַ דער אַכילע, פֿירט זי בייז דעם אײַנגעשניטן-צעשפּאָלטענעם אויער, פֿײַערט מיט די אויגן אויף דער רויטער קו, וואָס שלעפּט באַ איר מיט די ווייכע שוואַרצע ליפּן אַ הויפֿן קאָנישינע פֿון וואָגן אַרויס.

דאַניעל פֿאַרהאַלט די טריט. ער קוקט מיט אַ בימערן שמייכל אויף דער רויטער קו מיט דעם אָפּגעבראָכענעם האָרן... און דערזעט זיך שטיין דאָרטן, אין יענעם בלוי-געפֿאַרבטן צימער, ווו הינטער די הויכע ברייטע פֿענצטער ליגט פֿאַר די אויגן די גאַנצע שטאָט — די שטאָט פֿון האַנדלס-פֿאַרמיטלערישע אַנשטאַלטן, קרעדיט-קאָנטאָרן, מיט די טויזנטער סאָכרים און מעקלער, פֿאַבריקאַנטן און פּריצים, אַדללײַט און פֿירשטן... די פֿילצאָליקע גאָלדפֿאַרביקע שילדן שרײַען, די בונט-קאָלירנדיקע שויפֿענצטער רופֿן און מאָנען. אויף אָפֿענע פֿאַעטאָנען, דראָשקעס, געשפּאַנטע אין הייס-בלוטיקע פֿערד, טראָגן זיך אויף די אָנגעבלאָזן-גומענע רעדער אויסגעפּוצט-אויסגעקליידטע און אויסגעצירטע פֿרויען, און אַרום זיי מאַנצבלען בערדיקע און געגאָלטע. די פֿענעמער באַ זיי ברענען, ווי געשײַערטע מעשענע קנעפּ אויף זייערע ווײַסע קיטלען. ערגעץ צווישן זיי דאַרף דאָ זײַן אויך איווע...

אויף די בערג, לענגויס דעם דניעפּער-טײַך, שטייען די סעדער-פּאַרקן אין סאַמע בלי. די קאַשטאַנען-ביימער בייגן זיך אונטער די בלוי-ווײַסע בעכער צווײַט. די פֿילצאָליקע קלויסטער-קופּאָלן בליצן מיט זייער גאָלד אויף דער זון. און אַרופּצו, דאָרט אין פֿאַרשטאָט, ליגן איינס צום אַנדערן קליינע הײַזקעס, ווי אַרויסגעוואָרפֿענע קעסטלעך אויפֿן מיסט. דער דניעפּער-טײַך שעמערירט און טראָגט מיט געמורמל אויף זײַנע געדיכט-בלויע וואַסערן די פֿילצאָליקע שפּאַציר-שיפֿלעך, לײַדיקגייערישע דאַמפּערלעך. די גרויסע שטאָט איז פֿול מיט שטויב, מיט רויש און טומל, מיט כניפֿע, זנוס און פֿאַלשקײַט.

און דאָרט, ווו ער, דאַניעל, שטייט, אין יענעם געפֿאַרבטן בלויען צימער — איז ערעוויאָמטעוודיק שטיל. דאַניעל פֿילט זיך דאָ איימעדיק-פֿרעמד, אַ ניטגעבעטענער און אַז

אַנגעוואָרפענער. ער דערפילט זיך דאָ, ווי א שפיק מעבל, וואָס ער, דאַניִעל, דאַרף דינען, ווי אַלץ, וואָס דאָ אין הויז איז, — פאר דעם פרעמדן אויג. אַלץ ווערט דאָ געטאָן און ארויסגעשטעלט צוליב באַרימערײַ און גײַווע. אהער, אין אָט דעם בלוי-געפארבטן צימער, ווו די סטעליע מיטן באַגילדעטן געשפּיצטן אָרנאַמענט שפּיגלט זיך צוזאַמען מיטן קרישטאָלענעם הענגלײַכטער אין דעם געוועקסלטבליאַסקענדיקן פּארקעט, אהער קומט קיין עמעס-מענטשלעכער יאָמטעוו קיינמאָל ניט אַרײַן. דאָ איז מאָמיד אָט אַזוי לײַטיש און ערעוו-יאָמטעוודיק בלויז פאר דער וועלט...

אַף די ראָזעווע מירמל-טישלעך שטייען פארשיידענע בראָנזענע סקולפּטורלעך: א נאַקעטגעזונטער מאַנצבל מיט אַן אסירישער באָרד און אַף דער פּלייצע צוויי פאַנאַנדערגעשפּרייטע פליגל. א ביסל ווײַטער, לעבן א קווורע-אָרן, וואָס איז ארומגעפלאָכטן מיט קרענץ, שטייט נאָך א נאַקעטער, אָבער שוין אָן א באָרד, דערפאר אָבער מיט זייער א טרויעריקן בליק, און האַלט אין דער האַנט אַן אויסגעלאָשענעם לײַכטער. אַף גאָר א באַזונדער טישל, אין סאַמע אויבנאָן, שטייט א יונגע נאַקעטע פרוי מיט א קראַנץ אפן קאָפּ און שפּילט אַף אַן ארפּע...

— ווּהין איך וואַרף ניט קיין אויג, — דערהערט אקיווע ווידער דאַניִעלס קאָל, — אומעטום נאַקעט, נאַקעט און נאַקעט...

— וועגן וואָס רעדסטו, דאַניִעל?

— און איך, דער נאַר, האָב געפירט אהין מײַן בעהיימע...

אקיווע פילט, ווי דאַניִעל טרייסלט זיך בא אים אַף די הענט.

— פון וואָס לאַכסטו? וועלכע בעהיימע?

— אקיווע-פרײַנט, כ'בין דאָך טאַקע געפאָרן. איך האָב נאָכאַמאָל געפּרוּווט אוועקלייגן מײַן דאַליע אַף דער פרעמדער וואָגשאָל... כ'האָב געפירט אהין מײַן בעהיימע. דו פרעגסט מיך אפילע ניט?

— ס'זאָל זײַן עפּעס גוטס, וועלסטו מיר אַליין דערציילט...

— אקיווע-כאַווער, אכט טעג נאָכאַנאַנד האָב איך זיך געשלאָגן, אַז דער באַרימטער מעצענאַט זאָל מיך אופנעמען. צוויי בריוו האָב איך אים אָנגעשריבן... און ווען ער האָט מיך סאָפּקאָלסאָף אופגענומען, איז זײַן ערשטע פראַגע געווען: „איר רעדט בלויז זשאַרגאָן?" דו הערסט, אקיווע-פרײַנט, מיר ריידן מיט דיר, ווי יענע געוויסע לײַט פון דער אונטערוועלט, אַף גנייווע-לאָשן, אַף א זשאַרגאָן...

— כ'האָב זיך, זאָגט ער, אזוי טאַקע פאַרגעשטעלט, המ-מ... כ'האָב געלייענט אײַערע בריוו. איך לעבט אין א פאַרוואָרפענעם דאָרף, אײַער פּאָטער האַנדלט מיט עפּל... פריִער זײַט איר געווען א מעלאַמעד, כ'מיין א לערער... דערנאָך האָט איר געטריבן פּליטן... איך האָב אפילע געלייענט אײַערן א בריוו צווישן מײַנע

פרײַנט און באַקאַנטע... זייער אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט...

— און דאָ, אקיווע-פרײַנט, קומט אַרײַן א פרוי אין א ווײַס זײַדן קלייד, אין א גרויסן הוט, אונטער א וואַל... איווע! מיר האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ. מ'דאַרף לויפן, טראַכט איך זיך, מ'דאַרף לויפן, ווּהין די אויגן טראָגן.

— וואָס טראַכסטו אויס, ווי קומט אהין איווע?

— מיר האָט זיך אין יענער רעגע גערדאַכט: ס'איז אַרײַן איווע... און וואָס איז דען די נאָפקעמינע, וואָס איז דער בילעק צווישן זיי?.. צי די איווע, צי יענע איווע?..

— עטאָ ניע נאַדאָלגאָ, — זאָגט ער צו איר. — פּאָסידי, דאָראָגאַיאַ.

— איך פיל, אקיווע-כאַווער, אַז ס'קאָכט אין מיר דער געניעם, ס'האָט זיך אָנגעצונדן אין מיר דער באַאַרישער קאַס... און ער פרעגט מיך:

— איר האָט ערגעץ געלערנט, שטודירט?

— איך פיל, אקיווע-פרײַנט, ווי ס'ווערט מיר טרוקן אין האַלדז. איך דריי דעם קאַשקעט איןביידע הענט. ווו האָב איך געלערנט? ווו האָב איך שטודירט? און פאר מײַנע אויגן שטייט אויף די יעשיווע... איך מיט דיר, אקיווע-כאַווער, דאַווענען מיט ברען, מיט היסלײַוועס, באַגיסן זיך מיט טרערן, פאַסטן צו עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד... ווינטער טווולען מיר זיך אין א פּאָלאָנקע. מעסלעסנווײַז שטייען מיר מיט באָרוועסע פיס אַף טרוקענעם ארבעס, כאַדאָשימווײַז שווײַגן מיר... ווּאַזוי זײַנען מיר, אקיווע-פרײַנט, ניט ארויס פון דער יעשיווע קיין גײַסטיקע און קיין פיזישע קאַליקעס, דאָס איז פאר מיר ביז הײַנטיקן טאָג א סאָד און א גרויסער נעס...

— וואָס זשע האָסטו אים געענטפערט?

— וואָס זאָל איך אים, אקיווע-פרײַנט, ענטפערן? אַז מײַן מאַזל דאַרף זיך באַלד לייגן אַף זײַן וואָגשאָל... ער באַטראַכט מיך מיט א געמאַכט שמייכעלע, מיט א גוממוטיק שמייכעלע. איך באַטראַכט אים אויך, דעם באַרימטן מעצענאַט. כ'האָב דאָך אין מעשעך פון אכט טעג זיך ניט געקאָנט דערשלאָגן צו אים. אַף דער אַכסאַניע זײַנען אַלע נאַכט אָבלאַוועס. די נעכט זיך איך איבער אפן בוידעם...

— דאַניִעל, לאָמיר שווײַגן, שווײַג, דאַניִעל.

— יאָ, יאָ, אקיווע-פרײַנט, לאָמיר שווײַגן... דער מעצענאַט שטייט צו מיר מיט א זײַט. כ'האָב דיר פאַרגעסן זאָגן, די האַנט האָט ער מיר ניט געגעבן, ער האָט נאָר א שאָקל געטאָן צו מיר מיטן קאָפּ. שטייט ער צו מיר מיט א זײַט, א הויכער, א דאַרער, מיט א גרויסן פּליכעוואַטן קאָפּ, אַף דעם בלייך-קײַלעכדיקן פּאָנעם א פּאָר געכוואַטע שוואַרצע וואָנצן און א געפּעסטעט קאָמעץ-בערדל.

— דו באַמאָלסט אים פײַן, — צעלאַכט זיך אקיווע, — איך שטעל מיך פאָר, ווי איר שטייט ביידע און באַטראַכט איינער דעם צווייטן... נו, און די יעפייפיע?

— נו, זאָגט ער צו מיר, אַלץ מיט יענעם גוטמוטיקן פֿריקרען שמייכעלע. זײַן שמייכעלע דאַרף מיך, דעם דאָרפֿס-יונג, אונטערהאַלטן און מונטערן... — נו, מאַעסטראָ, באַווײַזט אײַער אַרבעט! — איך הייב נאָר אָן צו צעבינדן, הייבט ער אויף אַ האַנט מיט שרעק:

— ניט אַלע, ניט אַלע, ווײַזט מיר, מאַעסטראָ, איין בילד... נו, צוויי, שטעלט זיי אַוועק אַהינצו, דאָרט פֿאַלט גוט די שײַן. סייטשאַס, דראַגאַיאַ, סייטשאַס...

— אקיווע-פּרײַנץ, ס'ציטערן בײַ מיר די הענט... יאָ, יאָ, אקיווע-פּרײַנץ, לאָמיר שווײַגן. כ'האָב אים באַוויזן די רויטע בעהיימע מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן...

— נו, געפֿעלן געוואָרן?

— זייער געפֿעלן געוואָרן... איך זע, אקיווע-פּרײַנץ, ווי ער שלעפּט אַרויס אַ ווײַס טיכעלע און טראָגט עס אונטער אַזוי גיך צו דער נאָז, ווי פֿון מײַן בילד וואָלט אַף אים אַ שלאָג געטאָן אַ רייעך פֿון הוני... סייטשאַס, זאָגט ער, דראַגאַיאַ, סייטשאַס! אין דעם גרויסן שפּיגל מיט דער באַגילדעטער ראַם זע איך איווען... אָט, טראַכט איך זיך, וואָס ס'איז געוואָרן פֿון יענער איווען... זי זיצט אַפֿן דיוואַן, אַ שיין פּאָנעם מיט מידע אויגן. זי גענעצט אין האַנט אַרײַן און באַטראַכט מײַנע הויזן... כ'טו אויך ניט ווילנדיק אַף זיך אַ קוק אין שפּיגל — מײַנע הויזן, וואָס מאַלקע האָט אַזוי געטרײַ צוויי מעסלעס געריניקט און געפּרעסט, די הויזן גלאַנצן, ווי אָפּגעשיילטע ציבעלעס... און פֿון אונטער די קאַלאָשעס קריכן אַרויס די כאָליוועס פֿון די שטיוול... יאָ, יאָ, אקיווע-פּרײַנץ, מער רייד איך ניט... לאָמיר שווײַגן. דערנאָך, אקיווע-כאַווער, האָב איך שוין גאָר געזען, ווי זי דערלאַנגט מיר אַ רויט פּאַפּירל, אַ צענערל... אקיווע-כאַווער, אקיווע-פּרײַנץ, וואָס האָסטו זיך אָפּגעשטעלט? פֿיר מיך, פּרײַנץ מײַנער, אין בעט אַרײַן.

## VIII

באַם אַרײַנגיין אין שטוב שטאַרקט ער זיך, דאַניִעל, מאַכט אַ פֿריילעך פּאָנעם, ווײַל זײַן אייגענעם מאַצעוו אויסבאַהאַלטן — ס'זאָל כאָלילע אַף קיין האָר בײַ טאַטע-מאַמע ניט פֿאַרמינערט ווערן די פֿרייד, וואָס איז אין שטוב אַרײַן מיט אַווראָמס אומקערן זיך. מ'האָט דאָך שוין אים, אַווראָמען, געהאַלטן פֿאַר אַ ניפֿטער... ס'האָט זיך שוין לאַנגע יאָרן אַזאַ געשמאַקע פֿרייד אין אַזאַ פּרײַטיק-צונאַכטס אין שטוב ניט געפֿילט.

אַף דעם ווײַס-געשפּרייטן טיש, אין די אויסגעריבענע מעשענע לײַכטער ברענען זייער קאַנאַקנדיק און העל די היימישע, די אַליין-געצויגענע געל-כיילעוונע ליכט. די צוויי כאַלעס זײַנען איבערגעדעקט מיט אַן אויסגענייטן האַנטעך.

— אַ גוטשאַבעס, — זאָגט דאַניִעל, אַריבערטרעטנדיק די שוועל, און שמייכלט צו אַלעמען, באַזונדערס שמייכלט ער צום ברודער, וואָס זיצט צווישן די קישנס אַ צעשטראַלטער. און דאָך זעט דאַניִעל אין אַווראָמס אויגן עפּעס דערשראָקנס, עפּעס אײַמעדיקס: עפּעס ליגט אים זייער שווערס אַף דער נעשאָמע... מ'וואָלט באַדאַרפֿט שיקן נאָך דאָבצען. ער וואַרט אַף איר, זוכט זי מיט די אויגן.

דאַניִעל שמייכלט צום ברודער מיט דאַנקבאַרקייט. מיט זײַן קומען אַהיים האָט אַווראָם אים, דאַניִעלן, געטאָן אַזאַ טויווע, אַז ס'איז גאָר ניט אָפּצושאַצן. ער וועט זײַן די גאַנצע טרייסט, — טראַכט דאַניִעל וועגן דעם ברודער, — ער וועט זײַן דער איינציקער אָנשפּאַר דעם טאַטן מיט דער מאַמען אַף דער עלטער. ער, אַווראָם, האָט געיאַרשנט דעם טאַטנס גווורע און דער מאַמעס האַכנאָע. מ'וועט אים מיסטאָמע רופֿן שפּעטער אין דער מישפּאָכע, ווי מ'רופֿט איצט די מאַמע, „דער שטילער זומער". אַווראָם וועט אויך, ווי די מאַמע, טראָגן דעם יאָך רויִק. די שטילקייט פֿון די וועלדער וועט אים ניט פֿאַרקישעפֿן. עמעס, ס'קאָן אַוואַדע טרעפֿן, אַז זײַן נעשאָמע זאָל אַמאָל אויך אויפֿגעטרייסלט ווערן. אָבער דאָס קאָן געשען ניט אַזוי גיך. אַווראָם געהער נאָך דערווײַל ניט צו די, וואָס זעען אַליין, באַנעמען אַליין און מאַכן אַליין כעזשבוינעס. ניין, טראַכט דאַניִעל, אַווראָם איז, אַ דאַנק גאָט, ניט כיירוס...

— אַ גוטשאַבעס, אַ גוטיאָר דיר, דאַניִעל, אַ גוטשאַבעס, אַ גוטיאָר דיר, אקיווע, אַ גוטן טאָמיד אײַך, קינדער... — ענטפֿערט „דער שטילער זומער". — וואָס שטייט איר, קינדער, בײַ דער טיר? עפּשער אײַך געבן דעם סידער, וועט איר נעמען אַ ייִדיש וואָרט אין מויל אַרײַן?.. דו לאַכסט, אקיווע, לאַך, לאַך פֿון אַ נאַרישער ייִדענע. ווי איר ווילט אײַך, אַז איך זאָג אָפּ אַ שטיקל טכינע, גייט מיר אָפּ דאָס האַרץ, ס'ווערט מיר באַלד גרינגער אַפֿן האַרצן... און איר, האָט קיין פֿאַריבל ניט, לייענט די ביכלעך, איר לייענט און לייענט, און וואָס מער איר לייענט, אַלץ מער קרעכצט איר... האָט קיין פֿאַריבל ניט אַף מײַנע רייד...

— אקיווע-פּרײַנץ, דו הערסט דיבורים?

— דײַן מאַמע רופֿט אויך: ייִדישע קינדער, גייט בעסער אין קלויז אַרײַן, פּראַוועט טאַנייסים, דאַווענט אין צוויי פּאָר טפֿילן, און גאָט וועט אײַך אַראָפּברענגען מאָשיעכן...

— ניין, ניין, אקיווע-כאַווער, ניט דאָס מיינט זי... זי מיינט די נעשאָמע. אַ מענטש, זאָגט זי, דאַרף האָבן אַ גאָט, ער דאַרף האָבן, פֿאַר וועמען ער זאָל קאָנען אויסגיסן דאָס האַרץ... מאַך ניט אַוועק אירע רייד מיט דער האַנט.

און דאַניִעל קוקט מיט ליבשאַפֿט אַף דער שאַבעסדיקער מאַמע: אין דער מאַטענע מיט די ברייטע אַרבל, אין דעם זײַדענעם טיכל. די דריבנע קנייטשעלעך אַרום די אויגן שײַנען. און די אויגן זײַנען איר אויסגעלײַטערט געוואָרן און זיי זײַנען פֿול מיט גליק. זי קלאַפּט אונטער די קישנס, פֿאַריכט אַווראָמען דעם צודעק, זי זוכט

אויס אַלעמאָל אַז אַנדער סיבע, אַבי פֿון זײַן בעט ניט אַוועקצוגיין.

דער פֿאָטער שטייט אויך בײַ דעם בעט. ער האַלט מיט ביידע הענט דעם זונס האַנט און איז מעקאַבל-שאַבעס מיט זײַן זינגעוודיקן האַרציקן קאָל.

— אַקיווע-פֿרײַנט, פֿאַרמאַך די אויגן און הער זיך צו, הער זיך צו, וויפֿל טרויער און וויפֿל גלויבן איז אָט דעם קאָל.

— נו, וועגן דײַן טאַטן דאַרפֿסטו מיר ניט דערציילן... פֿאַרוואָס האָסטו אים קיינמאָל ניט געמאָלט?

— ניט פֿאַר מײַנע קויכעס. ער איז פֿאַר מיר צו ערנסט און טיער, איך זאָל אָף דעם וואַגן. מיט האָזע אַליין... ניין, אַקיווע, ניט פֿאַר מײַנע קויכעס, מײַן טאַטע... דאָ דאַרף מען מאָלן ניט דעם טאַטן, נאָר אַ גאַנצן דאָר...

און אין דאַניעלן טוט זיך אָף אַ רעגע אַ צינד אָן דער קויעך-האַדימיען. ס'ווערט אים גלײַך הייס — ער דערזעט פֿאַר די אויגן יענעם יִיצכאָק באָיאַר... דעם הויכן, דעם ברייטפּלייציקן קנאָביקן ייִד מיט אַ לאַנגער שוואַרצער שמאָלער באָרד.

אָבער גלײַך ווערט ער אויסגעלאָשן: דאָס אַלץ איז בלויז דאָס אויסערלעכע: ניט אין דעם שטעקט יִיצכאָק באָיאַר. ער קאָן, פֿאַרשטייט זיך, מאָלן דעם טאַטנס אײַנגעבויגענע פּלייצע, דער אײַנגעבויגענער רוקן איז דאָך אָבער ניט קיין פֿיזישער פֿעלער... ניין, דער רוקן איז בײַ אים אײַנגעבויגן, ווײַל ער ריכט זיך טאָמיד אָף אַן אומגעריכטן קלאַפּ... האַלט ער דעם קאָפּ פֿאַרכייגט צום אונטערגעהויבענעם אַקסל, דעם האָריקן אויער אָנגעשטעלט, די אויגן פֿאַרמאַכט, ווײַל ער הערט זיך טאָמיד צו:

— דאָס אומגליק גייט נאָך נים?

נאָר אָפֿן פּאָנעם ליגט בײַם טאַטן יענע אַקשאָנעסדיקע מינע, וואָס זאָגט:

— אומזיסט די טירכע, מיך ברעכט מען נים!

און אַ טיף-באַליידיקטער און אַ שולדיקער פֿאַר אַלעמען — אַלעמען ער איז יאָ צעבראָכן געוואָרן, אָבער נאָך אַלץ מיט יענעם אָנגעשטרענגטן פֿריילעך-געמאַכטן פּאָנעם, נעמט דאַניעל אַרום אַקיוועס אַקסל, ווי ער וואָלט דערמיט פּאַשעט אויסגעדריקט די צופֿרידנקײַט פֿונעם באַווערס קומען, און לאָזט זיך גיין ווײַטער, שאַרנדיק די פֿיס איבערן דיל, אין צווייטן, אין מונקעלן צימער אַרײַן.

— כ'האָב געמאָלט, אַקיווע-פֿרײַנט, ביימעלעך, קוויטעלעך, שיע-פֿיע... נאָר אָנמאָלן דעם טאַטן, שאַפֿן אַ יִיצכאָק באָיאַר?... דאָס, מײַן כאַווער, דאָס איז געווען ניט פֿאַר מײַנע קויכעס.

ער בלײַבט ווידער שטיין.

— און אויב מ'קאָן נים שאַפֿן אַזאַ בילד, טאָ זאָל פֿאַרשאָלטן ווערן יענער טאָג, ווען כ'האָב גענומען דאָס פּענדזל אין האַנט אַרײַן...

און ליגנדיק שוין אָפֿן באַנקבעטל מיט האַלבפֿאַרמאַכטע אויגן — דער באַרנבוים צייכנט עפּעס מיט דעם קרומען צווײַג איבער דער וואַנט, — דערזעט דאַניעל אָף דער שוועל זײַן זון. ער שטייט אין דער טיר, ווי אין אַ ליכטיקער ראַם.

— שמוליקל, ווּ ביסטו געווען?

— די מאַמע האָט מיר געוואַשן דעם קאָפּ, מיך איבערגעטאָן.

דער זון שטייט אָף דער שוועל אַ פֿאַרפּאַליעטער, אין די שאַבעסדיקע מאַלבושימלעך. די מונקל-קאַשטאַנענע קרויזן, נאָך נאַסע פֿונעם צוואָגן, קלעפּן זיך צום הויכן ווײַסן שטערן. די אויגן בײַ אים אַזוינע שוואַרצע — מ'זעט גאָר קיין ווײַסלעך ניט.

— וואָס זשע שטייסטו אָף דער שוועל? קום, וועל איך דיר דערציילן אַ מײַסעלע.

— וועגן וואָס?

— וועסט שוין הערן.

דאַניעל באַמערקט, אַז דאָס קינד געפֿינט זיך אין אַ מין פֿאַרלעגנהײַט — ווייסט נים, וואָס צו טאָן: זאָל ער גיין הערן אַ מײַסעלע, צי ניט?.. בידעשעט עס אים. ס'איז דאָך ניטאָ קיין טײַערערס פֿאַר שמוליקן, ווי אַ מײַסע. פֿאַרוואָס זשע שטייט ער נאָך אַלץ אָף דער שוועל? די שוואַרצע קרומע ברעמען גייען זיך בײַם קינד צונויף. עפּעס רעדט ער מיט זיך אַליין.

בײַ דאַניעלן רײַסט זיך אַרויס אַ ווייטעקדיקער קרעכץ — וואָס שטייט פֿאַר דעם זון אין לעבן? וועט זײַן גוירל זײַן אַ ליכטיקערער? וואָס וועט פֿון אים אויסוואַקסן? וויאַזוי וועט ער וואַקסן אָן אַ טאַטן? — אָט-אָ די אַלע פֿראַגעס האָבן מיטאַמאָל גענומען אים מאַטערן. זיי מאָנען און פֿאָדערן אַן ענטפֿער.

און דאָ קומט נאָך צו יענע אייביקע, יענע ווייטעקדיקע פֿאַר אַלעמען פֿראַגע:

— און ווּ וועל איך זײַן?.. צי דען טאַקע בלײַבט פֿונעם מענטשן נאָר אַ ביסל שטויב?.. און דאָס איז גאָר? און די וועלט גייט זיך ווײַטער, די זון וועט ווידער אופֿגיין...

פּלוצעם לויפֿט צו אים צו שמוליקל, שטעלט זיך מיט די קניעלעך אָף דעם באַנקבעטל, בייגט זיך אָן און שפּאַרט אָן דעם קין אָן דעם פֿאָטערס ברוסט — אין די אויגן ברענען בײַ אים בייזע פֿײַערלעך.

— פֿאַרוואָס שרײַסטו אָף דער מאַמען? די מאַמע זאָגט, אַז אָדער דו שרײַסט אָף איר, אָדער דו רעדסט מיט איר, ווי מיט אַ קראַנקער?

דאַניעל טוט אַ ציטער. ער גלעט דעם זון איבערן קאָפּ-האָר:

— דאָס האָט דיר, שמוליקל, די מאַמע געהייסן?..

— ניין, טאַ, ניין... זאָג מיר, ווער איז יענע מומע, וואָס איז הײַנט געשטאַנען לעם דיר? די מאַמע האָט אַזוי געוויינט, ווען יענע מומע...

— שמוליקל, — טוט אים אַ רוף אַקיווע, וואָס זיצט בײַם פֿענצטער און הערט זיך צו צו דעם געשפּרעך, — אָף אַזאַ פּײַפֿעלע ביסטו אַ באַלן צו שפּילן?

דאַניעל אָטעמט אָפּ גרינגער. אקיווע איז אים באַצײַטנס געקומען צו הילף, וואָס וואָלט ער געקאָנט ענטפערן דעם קינד?

ער בלײַבט ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. זײַן האַרץ ווערט פול מיט שרעק: וועט אים שמוליקל אַמאָל פאַרשטיין? גיכער, ניט. ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער ביכלאַל אויסמײַדן צו ריידן מיט עמעצן וועגן דעם פאָטער. ער וועט פּאַשעט ניט וועלן ריידן אַף זײַן אייגענעם פאָטער קיין שלעכטס. בײַ זיך אין האַרצן וועט ער אים האַלטן פאַר אַ טשיקאַוון שלימאַזל. פאַר אַ האָן, וואָס איז פאַרקראָכן צווישן אָדלערס... ער וועט, פאַרשטייט זיך, וועגן דעם קיינעם ניט זאָגן... ער וועט שטענדיק וואַרטן, עמעצער זאָל זאָגן אַף זײַן פאָטער אַ גוט וואָרט, עמעצער זאָל קומען און ברענגען אַזאַ וואָרט...

און אקיווע פּײַפט. אַזוי פּײַפט די לערכע אין די זומערדיקע פאַרטאָגן. די זון גייט אויף, און די לערכע פליט אַרויף הויך איבערן פעלד און בלײַבט דאָרטן הענגען, ווי אַף אַ שנירל. פון דאָרטן, פון אונטער דער זון, טראָגט זיך איר געזאַנג. זי פּאָכעט מיט די פליגעלעך און פּײַפט, פּײַפט... און אָט אַזוי פּײַפט אין די צעבליטע מײַ-נעכט אין די סעדער אָדער אין די קוסטעס בײַם טײַך דער סאָלאָוויי.

שמוליקל לויפט צו צו אקיווען און וויל בײַ אים אַרויסנעמען פון מויל דאָס פּײַפערל, נאָר קיין פּײַפערל איז בײַ אקיווען אין מויל ניטאָ.

— אַף וואָס האָט איר געשפּילט? — פרעגט איבעראַשט שמוליק. ער פירט אקיווען פאַר דער האַנט צו דער אָפענער טיר, צו דער שײַן, — אַף וואָס האָט איר געשפּילט?

— אַף אַ גאָלדן פּײַפעלע מיט זילבערנע רייפעלעך...

— און איר האָט עס אַראָפּגעשלונגען?

אקיווע צעלאַכט זיך:

— המ-מ... אַראָפּגעשלונגען.

שמוליק בלײַבט שטיין באַצאָרנט. די קרומע ברעמען גייען זיך ווידער צונויף: אויך ער, דער פעטער אקיווע, אויך ער איז אַן אָפּנאַרער? הײַנטיקן זומער האָט אים דער זיידע דאָס ערשטע מאָל מיטגענומען מיט זיך אַפן יאַריד. מ'האָט אָנגעשאָטן דאָרטן אין סאָד דעם וואָגן מיט עפּל, און ביידע, ער, שמוליק, מיטן זיידן, פאָרן אין שטעטל אַרײַן. דער זיידע האָט אים, ווען מ'איז אַרויסגעפאָרן אַפן גלײַכן וועג, איבערגעגעבן די לייצעס מיט דער בײַטש.

— טרײַב אָן!

דער זיידע רעדט צו אים, ווי צו אַ דערוואַקסענעם:

— זע, דו זאָלסט אַכטונג געבן, אַז די בעוורעלײַט, די שקאָצים, זאָלן ניט שלעפּן קיין עפּל פון וואָגן. זיי צעגאַנווענען די גאַנצע פּאַרנאָסע.

— זאָלן זיי נאָר פּרוּוון צוגיין, וועל איך זיי אַזוי געבן מיט דער בײַטש... — די יינגלעך אין שטעטל זײַנען אָבער שמוליקן אַזוי געפעלן געוואָרן, — באַזונדערס יענער, וואָס מיט דעם אָפּגעריסענעם דאַשעק, דער „שוואַרצער" מיטן קרומען פיסל, — זיי באַווײַזן אַזעלכע קונצן, אַז שמוליק האָט אויפגעהערט זיי אָפּצוטרײַבן פונעם וואָגן. שפּעטער האָט ער שוין ניט געקאָנט בײַשטיין און איז גאָר צו זיי פונעם וואָגן אַראָפּ.

און דאָ איז יענער, וואָס מיט דעם אָפּגעריסענעם דאַשעק, דער שוואַרצער, וואָס מיטן קרומען פיסל, צוגעגאַנגען צו שמוליקן:

— דיר באַווײַזן אַ פאָקוס?

— באַווײַז...

— דו זעסט דאָס שטיינדל? נאַ, באַטאַפּ עס. ס'איז אַן עמעס שטיינדל, כײַ אַדוינאָי! כ'האָב עס געפונען בײַם טײַך אין זאַמד. איאָ, אַ גרויס שטיינדל?

— נו, איז וואָס, — פאַרשטייט ניט שמוליק, — און אַז ס'איז אַ גרויס?

— איז בײַ דיר דאָס שטיינדל, — זאָגט דער שוואַרצער, — נאַ, נעם, לייג עס מיר אַרײַן מיט דײַנע הענט אין מויל אַרײַן.

ער עפנט דאָס מויל און שמוליק לייגט אים דאָס שטיינדל אַרײַן.

דער שוואַרצער מאַכט צו דאָס מויל, פּאַרקוועטשט אַן אייגל, דאָס קאַרטאָפליע-נאָזל טוט אים מאָדנע אַ שפּרונג אַראָפּ צו דער אייבערשטער פאַריסענער ליפּ. דערנאָך זאָגט ער עפּעס אַ שפּריכוואָרט און עפנט אויף דאָס מויל.

— וואָס זשע איז דאָ דער פּאָקוס? — פרעגט שמוליק. — אָן-אָ ליגט דאָך דאָס שטיינדל בײַ דיר אונטערן צונג. אַזוי קאָן איך אויך.

— באַלד וועט עס ניט זײַן, — זאָגט דער שוואַרצער, — זעסט, דאָס שטיינדל איז דאָ? באַלד וועט עס ניט זײַן.

ער פאַרקוועטשט ווידער דאָס אייגל, צעשפּרייט די הענט, דרייט זיך דורך אַ פּאָר מאָל אַפן קרומען פיסל, שטעלט זיך אָפּ און עפנט דאָס מויל... — ליידיק! דאָס שטיינדל איז אין מויל ניטאָ. שמוליק בלײַבט פאַרגאַפט, נאָר דאָ דערהערט ער דעם זיידנס קאָל:

— מ'קאָן זיך אַף דיר שוין פאַרלאָזן, אַ פײַנער שוימער. אַף מײַנע סאָנים געזאָגט געוואָרן. וווּהין קוקסטו?

ער דרייט זיך אויס, שמוליק; אין וואָגן אין דער דראַבינע איז דורכגעלעכערט די שטרוי און די יינגלעך שלעפּן עפּל.

— אַ פײַנער שוימער! וואָס שטייסטו, ווי אַן אויסגעמאָלקענער?

שמוליק איז בײַ זיך אַזוי געפאַלן פון דעם זיידנס רייד, אַז ער צעוויינט זיך. מ'האָט אים געשטעלט צום נאַר. דעם גאַנצן טאָג איז ער געזעסן אַפן וואָגן אַ דערשלאָגענער. ס'האָט אים אָבער אויך געמאַטערט צו וויסן: וווּהין איז אַהינגעקומען דאָס שטיינדל פון מויל?

צו פאַרנאַכט-צו, דער יאַריד הייבט זיך שוין אָן צעפאָרן, דערזעט שמוליק ווידער אַפן מאַרק יענעם שוואַרצן מיטן קרומען פיסל. שמוליק איז אַראָפּגעשפּרונגען צו אים:

— כ'וועל דיר געבן צוויי עפּל, נאָר זאָג, וויאזוי מאכסטו דעם פּאָקוס?

— גיב פיר, פיר גיב, — זאָגט דער שווארצער, — נאָר גרויסע...

שמוליק פארגעסט אָן דעם רויגעז מיטן זיידן, לויפט צו צו אים און בעט בא אים אויס פיר גרויסע עפּל.

— נא!

— דער איז א ווערעמדיקער, — זאָגט דער שווארצער, — גיי ברענג אן אנדערן, פאר אזא פּאָקוס קומט זעקס עפּל.

שמוליק לויפט ווידער צום זיידן. יִצכאָק באָיאר, א פארנומענער און א פארהאַוועטער מיט די קוינים — די ווייבער פארשיטן אים מיט נײַן מאָס רייד, — בורטשעט פון אומצופרידנקײַט אפן אייניקל, דאָך בײַט ער איבער דעם עפּל.

— מיט וועמען פירסטו עס האנדל?

שמוליק האָט קיין צײַט ניט צו דערקלערן און צו ענטפערן. ער יאָגט אף צוריק צום שווארצן. יענער, מיט יִשעוו-האדאס, באטראכט דעם עפּל פון אלע זײַטן. געפינט אין אים קיין פעלער ניט, טוט ער מיט דער דלאָניע פון אונטן ארויף א וויש דאָס פלײשיקע נעזל און לייגט פּאָרזיכטיק ארײַן אויך דעם לעצטן עפּל אין בוזעם, הינטער דעם העמד.

— נו? — פרעגט בא אים שמוליק מיט אומגעדולד.

— וואָס נו?.. דורען! דאָס שטיינדל שלינג איך פּאַשעט אראָפּ.

דער שווארצער צעלאכט זיך, טוט זיך רונד ארום א דריי אפן קרומען פיסל, שטעקט ארויס די צונג און פארשווינדט צווישן די וועגענער.

...שמוליק, א באצאָרנטער, קוקט פון אונטער די קרומע צוזאמענגעצויגענע ברעמען אף דעם לאכנדיקן אקיווען.

— איר האָט אויך אראָפּגעשלונגען, — פארקרימט ער זיך. — דאָס איז דאָך ניט קיין פּאָקוס.

און ער גייט צו צו דאנִיעלן:

— טא, דו, דו... האָסט אמאָל עמעצן אָפּגענארט?

— ניין, מײַן קינד, אנטקעגן וואָס פרעגסטו?

— טא, איך וועל קיינמאָל, קיי-מ-אָ-ל ק-יי-נ-ע-ם ניט אָפּנארן...

און שמוליק לויפט ארויס.

דאנִיעל טוט א שלונג די לופט. דעם קינדס ווערטער האָבן געקלונגען, ווי א שוווּע. ס'דאכט אים, ער איז אין דעם אפילע זיכער, דאָס קינד טײַטלט אף עפּעס אָן. ער האָט, דוכט זיך, נאָרוואָס אים, דאנִיעלן, באשולדיקט אין זייער שרעקלעכס...

— אקיווע-פרײַנט, בא נײַן יאָר לעבט שוין שמוליק איבער א גרויסן בראָך... דאָס קינד האָט דערזען ארום זיך גאָלע ליגן...

— דו טראכסט וועגן דעם, דאנִיעל, צו ערנסט. גלייב מיר, אז שמוליק מיינט גאָרניט.

— ניין, אקיווע-כאווער, קינדער פארשטייען זייער א סאך. זיי האָבן שארפע אויגן, גרויסע אויערן און אָפענע הערצער. אין זײַנע יאָרן האָב איך זיך שוין אין אלץ געגריבלט, צו אלץ האָב איך זיך געוואָלט דערגראָבן. כ'האָב שוין דיר אמאָל דערציילט: בא נײַן יאָר האָב איך זיך פארליבט אין איווען, און דאָס איז געבליבן אפן גאנצן לעבן... די טעג טוט מיך שמוליק א פרעג: דו האָסט א שוועסטער כיירוס? און ער שטייט מיט ברענענדיקע אייגלעך און ווארט פון מיר, וואָס וועל איך אים זאָגן. פונוואנען האָט ער זיך דערוווּסט פון כיירוסן? ווען זי איז פון דער היים אוועק, איז ער נאָך קיין דרײַ יאָר ניט אלט געווען. איר נאָמען, ווי דו ווייסט, ווערט אין שטוב ניט דערמאָנט.

דאנִיעל הייבט זיך שווער אונטער אפן עלנבויגן, ס'קראכן אים די געלענקען:

— אקיווע-פרײַנט, וועט מיך אמאָל מײַן זון פארשטיין?

און ניט ווארטנדיק אף אקיוועס ענטפער:

— דו ווייסט דאָך... איך האָב געוואָלט כאָטש איין מענטשן אין דער וועלט פארשאפן פרייד, געבן גליק... אקיווע-כאווער, בא מיר זײַנען געווען די בעסטע, די ריינסטע, די ערלעכסטע קאוואָנעס, איך האָב געוואָלט געבן מאלקען פרייד. איך האָב געוואָלט, אז כאָטש אירע טרוימען זאָלן פארווירקלעכט ווערן... אוי, אקיווע-פרײַנט, וויאזוי דאָס לעבן לאכט אלץ אויס, מאכט אלץ צו כויזעק... די שענסטע קאוואָנעס, די ריינסטע געפילן מישט דאָס לעבן, ווי אפּצולאָכעס, אויס מיט בלאָטע... ניט קיין גאָט, נאָר א טײַוול האָט באשאפן די וועלט.

— דאנִיעל, וועגן וואָס רעדסטו?

— וועגן דעם, מײַן פרײַנט, וועגן וואָס ס'איז שווער צו רײדן, און ס'איז נאָך שווערער צו שווײַגן... לאָמיר שווײַגן, אקיווע-כאווער, לאָמיר שווײַגן.

ערווישט אָפּ מיט דער האנט דעם שוויים פון שטערן, קוקט דורכן פענצטער מיט צוגעזשמורעטע אויגן אין דער פינצטערער נאכט ארײַן און הערט זיך צו, ווי דער צוגעקומענער פויגל פיקט אים לײַכט די האנט, וואָס הענגט פון באנקבעטל אראָפּ.

— דער בושעל איז גלײַך געוואָרן א גאנצער בען-באָיס... אקיווע-פרײַנט, זע, איבערן גאנצן דאָרף ברענען נאָר אין צוויי הײַזער לאָמפּן — בא די מילנער און בא די זינגערטס. אין אלע איבעריקע כאטעס זיצט מען אין דער פינצטערניש... אָדער ס'שלאָגן אין די פענצטערלעך די סמאָלע-פײַערלעך פון די סאָסנאָווע קינעלעך. רוסלאנד זיצט בא דער שײַן פון „לוטשינעס“...

— ווען מ'וואָלט צונויפגעלייגט, — זאָגט אקיווע, — אלע לוטשינעס פון רוסלאנד צוזאמען, וואָלט געוואָרן אזא שײַטער, אז ס'וואָלט פארברענט געוואָרן דאָס שטרויענע רוסלאנד איינײַנעם מיט דעם צאריזם...

— אקיווע-פרײַנט, כ'האָב מוירע פאר אזא סרייפע. א מעסער שארפט זיך אָן א מעסער.

— דו ווילסט, דאַניעל, אַז די צוקונפט זאָל קומען אין זײַדענע זאָקן?

— כ'ווייס, פרײַנט מײַנער, אַז זי קאָן אַזוי ניט קומען... נאָר מיר דוכט זיך, אַז גאָט האָט שוין אויסגעגאָסן אויף דער ערד דעם קאָס מיטן גיפטיקן ווײַן. דער שײַטער ברענט שוין באַלד צוויי יאָר, און דער קיסיי-האַמאַלכוס ווערט ניט פאַרברענט. דו הערסט, אַקיווע? — פרעגט ער אים פּלוצעם, — צי ס'דאַכט זיך מיר אויס?

— ניין, דאַניעל, ס'דאַכט זיך דיר ניט אויס, איך הער שוין פון לאַנג.

זיי האָבן ביידע קיין טאָעם ניט געהאַט. ווײַט אין דער נאַכט אַרײַן טראָגט זיך:

Соловей, соловей, пташечка,
Канареюшка жалобно поёт —
Раз-два, раз-два,
Горе не беда...

— איצט, דאַניעל, הערסטו?

דאַניעל טרײַבט אָפּ פון זיך דעם בושעל:

— כ'הער, אַראַקטשייעוו בושעוועט.

— ס'האַלט מיט אים שמאָל, — זאָגט אַקיווע, — אויב ניקאָלײַ דאַרף שוין שיקן קאַזאַקן אַהער, אין די פּאָלעסיער זומפּן, האַלט עס שוין בא „אַליינו“.

— ס'קאָן זײַן... — ענטפערט דאַניעל פאַרטראַכט. — נאָר ביז די זון וועט אויפגיין... דאָס לעבן, אַקיווע-פרײַנט, איז שטאַרק פאַרפּלאָנטערט, א ווילד-פאַרפּלאָנטערטער קנויל פּאָדעם... און פון אַלע זײַטן, ווער ס'האָט יאָ און ווער ס'האָט ניט קיין גאָט אין האַרצן, וואַרפט זיך, מיט וואָס ס'קומט אים נאָר אונטער דער האַנט, אויפן קנויל, מ'וואַרפט זיך מיט היץ און מיט בלינדן קאַס. אַלע איניינעם ווילן מיטאַמאָל, אין א קעהערהאַז, פאַנאַנדערבינדן און צעפּלאָנטערן... ס'ווערט א טויהו-וואָוויהו... געלאָפן זײַנען אַלע צום קנויל מיט א גוטן מיין, מיט א גוטן ווילן, און דאָ ווערט מען סאָנים. איינער וויל לערנען דעם צווייטן... אַלע ווילן באַלד ווערן דייע-זאָגער, מאַדריכים, מאַנהאָגים האַדאָר. נעבעכדיקע פרײַנט ווערן הײַנט פײַנט, אויף מעסער-שטעך. דער קנויל ווערט נאָך מער פאַרפּלאָנטערט. דער קנויל ווערט דורכגעזאַפּט מיט אומשולדיק בלוט... ניין, אַקיווע-פרײַנט, דאָ דאַרפן קומען מענער מיט גרויסן סייכל, מיטן טיפן פאַרשטאַנד, וואָס האָבן ישעיהו-האַדאָם און גרויס, גאָר גרויס געדולד... מ'דאַרף דאָ ניט רײַסן דעם פּאָדעם, נאָר איבערהאַקן אים... כּיירוס וויל מיט דער בלויזער שווערד צעהאַקן דעם קנויל...

— דאַניעל...

— יאָ, יאָ, אַקיווע-פרײַנט, לאָמיר שווײַגן. דו וועסט דאָך זײַן מיט מיר א פּאָר טעג?

ער כאַפּט איבער דעם אָטעם:

— דעם קנויל, מײַן פרײַנט, דאַרף מען רויק פאַנאַנדערפּלאָנטערן... פאַרפּלאָנטערט, אַקיווע-פרײַנט, זייער פאַרפּלאָנטערט איז דאָס לעבן. און ביז מ'וועט עס צעפּלאָנטערן... מ'האָט אַוועקגערויבט באַם מענטשן דאָס סאַמע טײַערסטע, דאָס סאַמע הייליקסטע — פרײַהײַט און ליכט... אָן דעם לעשט זיך דער ווילן, די מוט, דער גלויבן, אַקיווע-כאַווער, א דימענט קאָן שײַנען און פינקלען נאָר אויף דער זון... אויף זומפּן וואַקסן ניט קיין רויזן...

ער זעצט זיך אויף, דאַניעל, און ווי שטענדיק, ווען ער איז שטאַרק אויפגערעגט, דוקט ער אַרײַן די צעשפּרייטע פינגער אין דעם צעשויבערטן ווײַסן קאָפּ האָר.

— ס'ווערט שרעקלעך, אַקיווע-פרײַנט, ווען דו טוסט א טראַכט, ווער ס'פירט אָן מיט אַזא לאַנד, ווי רוסלאַנד. אַזא ריזיק לאַנד מיט אַזויפיל פעלקער... פּאָבעדאָנאָסצעוו, וויטע, פּורישקעוויטש, איגנאַטיעוו, פּלעווע... מיט געקאָוועטע שטיוול טרעט מען די סאַמע עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט. ס'אַראַ אַכזאָריעס! שרעקלעך, אַקיווע-פרײַנט, זייער שרעקלעך... און פונוויבן, אויפן קיסיי-האַמאַלכוס, זיצט דער גאָטס-געזאַלבטער — א גוילעם מיט א קרוין אויפן קאָפּ און מיט א האַק אין דער האַנט...

— דאַניעל, אויב דו קאָנסט ניט שווײַגן, גיי איך אַוועק.

— איך שווײַג, אַקיווע-פרײַנט, איך שווײַג... זעץ זיך אַוועק לעם מיר, ווילן מיר שווײַגן. נאָר פריִער טו א קוק, ווער איז עס דאָרטן געקומען? עפּשער ווידער דער פּריסטאַוו? ער איז הײַנטיקע וואָך שוין געווען דאָ צוויי מאָל. גיב א קוק, מײַן פרײַנט, ווער איז דאָרט?

אין שטוב זײַנען פאַרשײַט, ווי אַרײַנגעפאַלן, צוויי יינגלעך. ביידע אין נײַע, ערשט פון אונטער דער נאָדל אַרויס שוואַרצע שאָפּן-פּעלצלעך, אין שוואַרצע שמויסענע היטעלעך, אָנגערוקט אויף איין אויער. זיי האָבן אַרײַנגעבראַכט און גלײַך אָנגעפילט די שטוב מיט שאַרפן ריי-עך פון נאַרוואָס אויסגעאַרבעטער שאָפּן-פעל. ביידע אין שטאַרק געפּוצטע שטיוועלעך מיט געקנײטשטע כאַליאַוועס.

דער קלענערער האַלט אין איין האַנט א געשניצטן שטעקן — א שמירע פאַר די הינט, און אין דער צווייטער — א ברענענדיקן לאַמטערן, צו באַלײַכטן דעם וועג. דאָס עלטערע יאַטל האַלט אַרומגענומען מיט ביידע הענט א היפּש פּעקל.

אַריבערגעטראָטן די שוועל, ניט פאַרמאַכט אַפילע די טיר, האָבן זיי ביידע אין איין אָטעם, ביידע מיטאַמאָל אַרויסגעפּלאַצט אויף די בײַקעלעכלעך:

— א גוטשאַבעס דער זיידע מיט דער נײַער מומע איווע שיקן אײַך מיטן ליבן גאַסט די מאַמע האָט געבעטן איר זאָלט אָפּגעבן דאָס טישטעכל אויף צוריק...

אָפּגעזאָגט, ווי א מיזמער, דאָס אײַנגעכאַזערטע, בלײַבן ביידע שטיין, די צוויי קליינע באָיאַרעס, ווייסן ווײַטער נים, וואָס צו טאָן. אַכוץ שמוליקן, גייט צו זיי קיינער ניט צו, קיינער נעמט בא זיי ניט צו דאָס פּעקל.

און דערצו נאָך, צו זייער פאַרוווּנדערונג, גייט צו מאַלקע, נעמט אָן שמוליקן בא דער

האנט, זאָגט קיין וואָרט ניט און פירט אים אויך אוועק אין קיך ארײַן.

פארמאכט דער קלענערער די טיר הינטער זיך און הייבט ווידער אָן:

— א גוטשאבעס דער זיידע... מיט דער נײַער מומע... אי-ווע...

דער עלטערער טוט אים א שלעפּ באם ארבל:

— ש-שוין געזאָ-אָגט.

— לאָמיר זאָגן נאָכאמאָל...

— „האָניק-טייגל"! די מומע האָט דען גע-הייסן זאָגן צוויי מאָל?

ריווקע „דער שטילער זומער" קוקט אפן מאן... די צוויי אלטע באָיארס, יִצחאָק מיט גאווריִעלן, ריידן שוין ניט צווישן זיך אריבער צען יאָר, פון נאָך איזועם כאסענע... מ'האָט זיך ניט גע-קריגט, נאָר ביידע מײַדן זיך אויס דעם וועג. דאניִעל גייט דאפקע יאָ ארײַן צו גאווריִעלן. ער האָט אפילע איין זמאן געקנעלט מיטן עלטערן איניקל. שמוליק שפּילט זיך דאָרט אויך אמאָל אין הויף מיט די קינדער. זי, ריווקע, פון זינט נעכע „איז געשטראָפט געוואָרן פון גאָט", וואָלט זי אויך, ווען ניט יִצחאָק, ארײַנגעגאנגען אהין.

די צוויי קליינע באָיארס גיבן נאָכאמאָל וועגן זיך צו וויסן. דער קלענערער קלאפּט א שטיוול אָן א שטיוול — דערווארעמט קלוימערשט די דערפרוירענע פיס. דער עלטערער, ווי דער טאַטע זײַנער, רייניקט דורך מיט א הוסטעלע דאָס גערגעלע: ק-בי-קבי.

יִצחאָק באָיאר ווארפט א בליק אף גאווריִעלס איניקלעך, אף דעם ברענענדיקן לאמטערן — אום שאבעס שיקט ער זיי מיט פײַער... און דרייט זיך אויס צו דער וואנט:

— איך וויל ניט און איך דארף ניט פון גאווריִעלן דעם קיבעד.

נאָר דאָ דערפילט ער אף זיך, יִצחאָק באָיאר, דאניִעלס בליק. דעם בליק זעט ער ניט, נאָר ער פילט אים. און צו יִצחאָקן קומט דער געדאנק: דאָס צוגעשיקטע פּעקל קומט ניט פון גאווריִעלן און ניט פארן ליבן גאסט, פאר אווראָמען, דאָס האָט זי, איזווע, צוגעשיקט פאר דאניִעלן... נאָר-וואָס איז זי געקומען צו פאָרן. דאניִעל ברענט אזוי אויך, ווי א ליכט אפן ווינט. אָן-אָ שטייט ער, דאניִעל, אָנגעשפּארט אָן דער וואנט. זיך פונעם באנקבעטל אופגעהויבן. זאָל ער אזוי וויסן פון בייז, יִצחאָק, ווי ער ווייסט, וואָס צו טאָן? צוליב דאניִעלן וואָלט מען באדארפט צו-נעמען דעם קיבעד. וויאזוי אָבער נעמט מען עס צו? מאלקען וועט עס פארשאפן גרויסן אגמעס-נעפעש. פארוואָס קומט עס איר? זי גייט אזוי אויך ארום, ווי אין א הינערפּלעט. ריווקע דער-ציילט: מאלקע האָט הײַנט געוויינט א גאנצן טאָג מיט ביטערע טרערן.

און דאָ, פאר אלעמען אומדערווארט, גייט ארויס מאלקע פון דער קיך און נעמט צו בײַ די קינדער דאָס פּעקל. זי צעוויקלט עס און שטעלט ארויס אפן טיש צוויי פלעשער רויטן ווײַן, א טאָרט און א פירקאנטיק שאכטל, וואָס איז איבערגעבונדן מיט א ווײַסער ספּענגע.

— נאט אײַך, קינדער, דאָס טישטעכל און גיט איבער... גיט איבער דער מומע איזווען א גרויסן שיינעם דאנק... שוויגער, ווו ליגן די גלעזלעך? זאָל דער שווער מאכן קידעש איבערן ווײַן... זייער שיין פון איר זײַט... יאָ, דאניִעל?

## IX

דאניִעל, אָנגעשפּארט אָן דער וואנט, קוקט אף מאלקען מיט א גוטן שמייכל. דאָס הארץ טוט אין איר א צאפּל — פאר אזא שמייכל איז זי דאָך גרייט צו גיין פאר אים אין פײַער. זי וואָלט געלאָפן, מאלקע, אין א ברענענדיקן פראָסט, ס'וואָלט זי ניט אָפּגעשטעלט קיין שלאקס-געוויטער, זי וואָלט געקראָכן איבער די געפערלעכסטע פּאָלעסיער זומפּן, אבי נאָר אָט די אלע וועגן זאָלן פירן צו אים — צו דאניִעלן.

— גאָטעניו, — פליסטערן אירע ליפּן, — הארציקער, געטרײַער... מיט וואָס האָב איך זיך פארזינדיקט פאר דיר און פאר דאניִעלן? האָב איך דען איין טאָג, פון זינט איך געדענק זיך, געלעבט פאר זיך?

דאניִעל איז דאָך איר גאנץ לעבן. פון אָנברויך אף קאיאָר ביז שפּעט אין דער נאכט ארײַן זיצט זי בײַ דער ניי-מאשין, נייט די לײַוונטענע העמ-דער, די גרויע סוויטעס און סערמענגעס. נאָך אזא טאָג האָרעוואניע קאָן זי דעם רוקן ניט אויסגלײַכן. און שוין ליגנדיק אין בעט, שמארצן איר אלע איינוורים אזוי, אז זי קאָן ניט אײַנ-שלאָפן. זי כאזערט אָפּט איבער דער שוויגערס — „דעם שטילן זומערס" רייד:

— גאָטעניו, הארציקער, איך קלאָג זיך דען כאָליִע? פארוואָס אָבער קומט עס מיר?

און דערצו נאָך טרעפט גאנץ אָפּט, אז דאניִעל הערט גאָר אוף מיט איר צו ריידן. ווייסט זי שוין דעמלט ביכלאל ניט, מאלקע, צוליב וואָס לעבט זי אף דער וועלט... אליין ווערט איר מיטאמאָל אזוי שווער און איבעריק, אפילע דאָס קינד.

אין אזעלכע בערויגעז-שווײַגנדיקע טעג, ווען זי קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען, ווען זי פארשילט דעם טאָג פון איר געבוירן, איר מו-טערס טראכט און איר אייגן געביין, דער עלנט דערפירט זי ביז צו פארצווייפלונג, — גראָד אין אזעלכע טעג באמערקט זי דאניִעל ביכלאל ניט. אין אזעלכע טעג מאָלט ער אָן און אופהער. ס'טרעפט אָבער אויך, אז אינמיטן מאָלן טוט ער א וואָרף דאָס פּענדזל, נעמט ארומשפּאנען איבער דער שטוב, און פּלוצעם זעצט ער זיך צו צו איר און קושט איר אין די אויגן.

— מאלקע-קיניגן, אין דײַנע אויגן ליגט אזא שטומער טרויער.

פארשטייט זי ניט: ער האָט צו איר א נײַע טײַנע?

ער זעצט זי אוועק צו זיך אף די קני:

— מאלקע-קיניגן, דײַנע האָר זײַנען פון סאסנע-גאָלד און ס'שמעקט פון זיי מיט זון און מיט מיאטע.

יאָ, זי וואשט טאקע דעם קאָפּ מיט מיאטע-בלעטער. דאניִעל האָט זייער ליב דעם ריח פון

מיאטע. אָבער וויאַזוי קאָנען שמעקן אירע האָר מיט זון?.. נאָר מיסטאמע ווייסט ער בעסער, דאַניעל. אירע אויגן ווערן פײַכט — זי איז אפּדערעמעסן גליקלעך. פאַר אַזאַ רעגע ווערט אים, דאַניעלן, אַלץ געשענקט. דאָך פרעגט זי בײַ אים שטיל:

— דאַניעל, וואָס האָסטו צו מיר?

— איך צו דיר? עך, מאַלקע מײַנע, קיניגן, ווען דו ווייסט, וואָס הייסט וועלן אָנמאָלן אַ בילד... עך, מאַלקע-קיניגן...

— ווער זשע שטערט דיר דען, דאַניעל? דאָס קינד איז אין שטוב ניטאָ, איך זיץ מיר אין ווינקל... ס'פעלט דען דיר לײַוונט?

— מאַלקע מײַנע, קיניגן, ניט אין דעם גייט עס... איך וואָלט וועלן אָנמאָלן אַ בילד. איך האָב אַ גוטן שטיק לײַוונט, אַקיווע האָט מיר געבראַכט גוטע פאַרב...

— איז פאַרוואָס זשע מאָלסטו ניט, ווער לאָזט דיך ניט?

— איך קאָן ניט, מאַלקע-קיניגן, איך קאָן ניט אָנמאָלן אַזאַ בילד... ס'באַקומט זיך בײַ מיר ניט. נו, די גאַנצע וועלט איז מיר ניט ניבע. איך פיל זיך פאַר אַ גאָרנישט... כ'גיי אַרום פאַר אַלעמען אַ באַלכויוו, אַ באַלכויוו, וואָס די האָר זײַנען ניט מײַנע.

— דאַניעל, פאַר וועמען ביסטו אַ באַלכויוו?

— מאַלקע מײַנע, קיניגן-קרוין, — שלאָגט ער איר איבער די רייד, — איך וויל אָנמאָלן אַ טרוקענעם זומער, די זון סאַרפּעט אַזוי, אַז אַלץ אַרום איז פאַרוועלקט געוואָרן. די פּאַשע איז אויסגעברענט געוואָרן, די כודאָבע צערײַבט זיך אָן דער הייסער צעפּראַסקעטער ערד די ליפּן ביז בלוט און רעוועט ביז צו די הימלען. די בלעטער אויף די ביימער וויקלען זיך צונויף און פאַלן צו דער ערד. פון דער היץ, מאַלקע-קיניגן, ברענען וועלדער... און אין אַ לויטערן טײַך שטייט אַ מענטש, דאָס וואַסער דערגרייכט אים ביזן האַלדז, און ער שטאַרבט פון שרעקלעכן דאָרשט...

— דאַניעל, גאָט איז מיט דיר, ווו האָסטו געזען אַזאַ זומער?

פון אירע ווערטער פאַרמאַכט ער די אויגן — זי פאַרשטייט ניט.

— דאַניעל, — פרעגט זי ווײַטער, — דער מענטש שטייט דאָך בײַ דיר אין וואַסער...

— יאָ, מאַלקע מײַנע, יאָ, מײַן קיניגן, ער קאָן זיך אָבער ניט אָנטרינקען... ער קאָן ניט דערלאַנגען צום וואַסער...

— ער שטייט אין וואַסער, — פרעגט זי מיט שרעק, — און קאָן ניט דערלאַנגען? דאַניעל...

— יאָ, מאַלקע-קיניגן, ער קאָן ניט דערלאַנגען צו דעם וואַסער. ווי נאָר דער מענטש בייגט אָן דעם קאָפּ און וויל זיך אָנטרינקען, גייט דאָס וואַסער פון אים אַוועק און ער בלײַבט שטיין אין אַ שוואַרצן זומפּ...

דאָ פאַרשטייט זי שוין, מאַלקע, ביכלאַל גאָרניט. עמעס, אין אַזאַ שאָ ווערט ער איר נאָך טײַערער, נאָך ליבער. האַגאַם זײַנע רייד ליגן זיך איר אַפּן סייכל ניט, ווערט פאָרט איר האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד און מיט גאַדלעס — ער, דאַניעל, דערציילט איר, וואָס ער וויל, און וואָס ער טראַכט. איינצײַטיק אָבער ווערט ער פאַר איר עפּעס ווײַטער, פרעמדער. איר דוכט: אַן אַנדער דאַניעל האַלט זי אויף די הענט. יענער דאַניעל, וואָס שרײַט אויף איר, איז איר היימישער, פאַרשטענדלעכער. אַ מאַן שרײַט אויף אַ ווײַב. איר טאַטע האָט געשריִען אויף דער מאַמע, אַפילע דער שווער שרײַט אַמאָל אויך אויף דעם „שטילן זומער", אויך זי, מאַלקע, ווען זי זאָל נאָר האָבן די האַסאָגע, ווען ס'זאָל זיך איר קאָנען עפענען דאָס מויל אויף דאַניעלן, וואָלט זי אים אויך ניט איין מאָל אַרײַנגעזאָגט אַ פּאָר שאַרפע ווערטער. מיט אָט דעם דאַניעלן אָבער, וואָס רעדט וועגן אַזאַ סאַרפּענדיקן זומער... וועגן אַ מענטשן, וואָס שטייט אין אַ לויטערן טײַך און שטאַרבט פון שרעקלעכן דאָרשט...

באַהאַלט זי דאָס פּנים אויף זײַן ברוסט און דורך די רייכעס פון אייל און פאַרב זוכט זי אָפּ און געפינט דעם רייעך פון זײַן לײַב — אָט דאָס איז איר עמעסער דאַניעל. זי נעמט אים אַרום, און אַ מאַטקײַט גייט איר איבער אַלע איווורים.

— דאַניעל, דו האָסט מיך אַ ביסעלע ליב?

— אַכויץ דיר, מאַלקע מײַנע, קיניגן-קרוין, האָב איך דען עמעצן?

אויף דעם באַרויִקט זי זיך. ער האָט טאַקע אַכויץ איר קיינעם ניט. דאַניעל איז איר געגעבן געוואָרן פון גאָט אַליין. זאָלן מענטשן ריידן, וואָס זיי ווילן, זאָלן זיי זאָגן: דאַניעלן איז שוין דערמלט, נאָך איוועס כאַסענע, אַלציינס געווען, וועמען צו נעמען, זײַן לעבן איז שוין סײַוויסײַ צעבראָכן געוואָרן. און, ווייסנדיק, אַז זי, מאַלקע, שטאַרבט נאָך זײַנע פּרים, האָט ער זי גענומען פאַר ראַכמאָנעס.

און גענומען האָט ער זי אויף אַ ווילדן און אויף אַ וווּנדערלעכן אויפן: ער איז אַרײַן, דאַניעל, אין איינעם אַ ווינטערדיקן שאַבעס באַטאָג צו זיי אין שטוב, געטראָפן דאָרט, ווי שמענדיק, פאַרברענגען באָכערים און מיידלעך פונעם היגן און פון די אַרומיקע נאָענטע דערפער. ס'איז געגאַנגען, ווי געוויינלעך גייט דאָ צומיינסטן, די פאַנטן-שפּיל. די דאָזיקע שפּיל פאַרמאָגט איר גרויסע מײַלע: אַלע קאָנען אין איר אָנטיילנעמען, זי כאַזערט זיך פינקטלעך קיינמאָל ניט איבער, און אויב ס'קומט אויס אַלע שאַבעס, אַלס שטראָף, אַ קוש טאָן דאָס זעלבע מיידל, ווערט עס דעם באָכער אויך ניט נימעס.

דאַניעל איז געזעסן בײַ דער זײַט אַ פאַרטראַכטער, געביסן די נעגל, אויף קיינעמס רייד קימאַט ווי ניט געענטפערט. עמעס, געערדט האָט מען מיט אים אין יענער צײַט ביכלאַל ווינציק. קיינער האָט ניט געוווּסט, נאָך דעם, ווי מ'האָט איוועץ מיט גוואַלד אונטער דער כופּע געפירט, וואָס און וויאַזוי מיט דאַניעלן צו ריידן. די באָכערים האָבן זיך עפּעס געפילט פאַר אים שולדיק — ווי האָבן זיי עס גאָר געקאָנט דער-

לאָזן, אז עפּעס איינער פון דער פרעמד, אַן אַלטער רײַכער באָכער, זאָל קומען און צונעמען איוועו... זיי האָבן באַדאַרפט אלע, ווי איינער, קומען דאַניעלן צו הילף — צעוואלגערן די ווענט פון גאַוורןעלס שטוב, באַפרײַען איוועו, געדאַרפט געווען נעכען פארשפּאַרן אין א הינערשטײַג, און דאָס ברודערל אירס, אבושלען, און דעם רײַכן יכעסדיקן כאָסן טרײַבן מיט דרענגלעך פון דאָרף אַרויס.

די מיידלעך, האגאם די הערצער האָבן זיי בעעמעס געריסן אַף דאַניעלס בראָך, זיי פלעגן אופריכטיק, ווי נאָר ס׳פלעגט פארגיין א רייד וועגן איוועו, לאָזן א טרער: אזא שיינע ליבע איז כאָרעוו געוואָרן. פונדעסטוועגן אין דער שטיל, בא זיך אין הארצן, האָט זיך יעדע איינע פון זיי געפרייט — געבליבן וויניקער מיט א קאלעמויד און מערער מיט א כאָסן-באָכער. און נאָך וואָס פאר א באָכער?.. מ׳קאָן דאָך אַף אים אויסרעכענען, ווארטן און האָפן...

איז דעמלט דאַניעל, אין יענעם ווינטערדיקן שאבעס באַטאָג, געזעסן אָן א זײַט, קימאַט בא דער שטובטיר, און לויט דעם, ווי ער האָט געביסן די נעגל, איז געווען צו זען — ער שלאָגט זיך מיט דער דייע: בלײַבן צי אַוועקגיין? זײַן צעטראָגנקײַט איז אָבער אויסגעטײַטשט געוואָרן פּאָשעט: אַף וויפל פון צווייטן צימער לאָזט זיך הערן רעב אבושלס קאָל, וויל ער זיך דאַניעל געוויס מיט זײַן גרעסטן סוינע פּאָנעם-על-פּאָנעם ניט טרעפן. ווען ער ווייסט, דאַניעל, פריער, אז אבושל איז בא מאלקען אין שטוב, וואָלט ער זיכער ניט אַרײַנגעקומען.

די שפּיל איז דערווײַל געפירט געוואָרן ווײַטער. נאָר קעדיי צו באַפרײַען זיך פון דער נעפּענטעמקײַט, וואָס דאַניעל האָט מיט זײַן אָנקום אַרײַנגעבראַכט, נעמט מען זיך, ווי טאָמיד אין אזעלכע פאלן, צו פירן די שפּיל מיט מערער ברען און איבערגעטריבענער היץ. איינעם א באָכער שטעלט מען אַרויס פון יענער זײַט טיר, און ער דאַרף פון דאָרטן פרעגן:

— וויאזוי שטיי איך דאָ? טרעפט!

אַף דעם ענטפערט מען אים:

— דו שטייסט דאָרטן, ווי א גוילעם...

דער באָכער, א רויט-פארשעמטער, נאָר ניט קיין באַליידיקטער, קומט אַרײַן צוריק פון הינטער דער טיר, לאַכט צוזאַמען מיט אַלעמען. דאַניעל לאַכט ניט. דאָס זיצן זײַנס, ווי א זײַטיקער, א פרעמדער, הייבט שוין אָן צו דריקן אַף אַלעמען. ס׳פאַרדריסט שוין, אַלעמען ס׳ווערט זיי פארשטערט דער שאבעס באַטאָג, ווען מ׳קאָן פאר דער גאַנצער האָרעפּאַשנער וואָך א הוליע טאָן פון פולן הארצן. זייער וויניק פרייד פארמאָגן זיי, אָט די דאָרפסלײַט. יעדער ברעקל פרייד, אַזעלכע זי זאָל ניט זײַן, איז זיי טײַער. באַזונדערס נאָך דעם לאַנגן פּאָלעסיער הארבסט, ווען די רעגנס און בלאָטעס האָבן געהאַלטן אַלעמען אין גרויסן אומעט.

פּלוצעם הייבט ער זיך אוף, דאַניעל, — ער וועט אויך שפּילן. אָבער ניט מיט אָט דעם אָפּגעריבענעם גראָשן. זאָל מען געבן א גאָלדן פינגערל. ניין, דאָס פינגערל טויג ניט — ס׳איז מיט א שטיין. ער דאַרף א קײַלעכדיקן, א גלאַטן רונג.

לויפט מאלקע אַוועק, קריגט פון דער באַהעלטעניש אַרויס דער מוטערס כופּע-רונג און ברענגט אים צוטראָגן:

— נא, דאַניעל.

און צו אַלעמען:

— כ׳בעט אײַך, זעט, דאָס רינגל זאָל זיך כאָלילע ניט פארקײַקלען אין א שפּאַרונע אַרײַן.

מאלקעס וואָרענונג איז איבעריק: אלע ווייסן, אז מאלקעס פארמעגן איז בלויז דער רונג, ס׳איז דער נאָדן, די יערושע, וואָס די מוטער האָט איר אָפּגעגעבן פארן טויט.

— פארן רונג — זאָגט דאַניעל — האָב גאָר קיין מוירע ניט. דער רונג, מאלקע, וועט בלײַבן אַף דײַן האַנט...

זײַן קאָל ציטערט. ער איז בלייך. ער האַלט דעם רונג איבער מאלקעס קאָפּ, אין דער הייך, צווישן דעם גראָבן פינגער און דעם ווײַזפינגער.

— זײַט איידעס! — ער נעמט אָן מאלקעס האַנט, טוט איר אָן דעם רונג אַפן פינגער און זאָגט דערבײַ וואָרט בא וואָרט:

— הארײ אט מעקודעשעס לי בעטאבאאס זו קעדאס מוישע וועיסראָעל.

צום אָנהייב, מאַמעש באַגײַסטערט פון אזא שפּאַס, צעלאַכן זיך אלע:

— אָט דאָס, פארשטיי איך, איז א פּאַנטע...

— אויב געשפּילט, איז געשפּילט.

— שטייט נאָר, שטייט, ער האָט זי דאָך מעקאַדעש געווען...

פון אַלקער לויפט אַרויס מאלקעס פּאָטער זכאַריע, נאָך אים — נעכעס ברודער, „דער כאַריף“, רעב אבושל. ער, רעב אבושל, שרײַט אויס מיט א כיכיקענדיקן קעלעכל און שפּרינגט דערבײַ קימאַט אונטער:

— מאַזלטאָוו דיר, דאַניעל! מאַזלטאָוו דיר, מאלקע! מאַזלטאָוו דיר, זכאַריע! זכאַריע, דו האָסט באַרעכאָשעם כאַסענע געמאַכט די טאָכטער... שטעל לעקעך און בראַנפן.

ערשט אַצינד, באַנעמענדיק, וואָס דאָ איז זיך נאָרוואָס פארלאָפן און געשען, בלײַבן אלע דערשראָקן שטיל. מע שטייט פארגאַפט. די אויגן ריידן זיך איבער... מען איז צוגעשמידט געוואָרן צו די ערטער. איין רעב אבושל לויפט אַרום איבער דער שטוב פון איין ווינקל צום צווייטן, רײַבט די הענט אָן די פּאָלעס פון דער לאַנגער קאַפּאָטע און שטיקט זיך מיטן געלעכטערל:

— כי-כי, אבי מע זאָגט, אז אומעטום איז שולדיק אבוש. אָט האָב איך זיך דאָ ניט צוגערירט אפילע מיט קיין פינגער... כי-כי.

מאלקעס פּאָטער, דער אײַנגעדאַרטער זכאַריע, א קליינוווקסיקער, מיט א ברייטער באָרד,

שטייט, ווי א טאם, פירט מיט דער צונג איבער די ליפּן און שטאמלט:

— זי איז א יעסוימע, דאַניִעל, א יעסוימע, צו אזא כויזעק דערגיין... דאַניִעל, מ'וועט דאַרפן א גאָט... אזוי מעוועטעש זײַן פאר דער גאנצער וועלט א יעסוימע... וואָס האָסטו געהאַט צו אירע יונגע יאָרן? צו מײַן עלטער? זי איז בא מיר איינע געבליבן... פון אכט קינדער איינע...

ענטפערט דאַניִעל אַף זכאריעס אלע רייד מיט איין וואָרט:

— שווער...

— דאַניִעל, איז עס?..

— שווער, גיט אונדז אַפּ מאַזלטאָוו! מאַלקע איז מײַן ווײַב. — און פאר אַלעמענס אויגן נעמט ער זי אַרום און טוט זי א קוש אין די ליפּן.

מאַלקע, א פאַרלוירענע פון דעם אַלעם, וואָס איז נאָרוואָס מיט איר פּאַרגעקומען און געטראָפן, שטייט מיט פאַרבראָכענע הענט, איר לענגלעך פּאָנעם איז אזוי ווײַס, אז אפילע די זומער-שפּרענקעלעך, וואָס פאַרגייען ניט אויך אום ווינטער, זײַנען איצט פון איר פּאָנעם פאַרשוואונדן. אירע שיינע, א ביסעלע פאַר-שמאָלטע אויגן קוקן מיט א מאָדנעם שטומען טרויער אַף דאַניִעלן. זי גלייבט ניט זײַנע רייד, דעם קוש:

— צוליב וואָס, דאַניִעל, דער כויזעק?

— גאָט באַהיט! מאַלקע, דו ביסט מײַן באַשערט ווײַב.

זי דרייט דעם קאָפּ צום אַרומיקן אוילעם, א נעבעכדיקע, א פאַרשולדיקטע, ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט:

— איך בין דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק.

און לויפט אַוועק אין אַלקער אַרײַן. דאָרטן בײַסט זי זיך דעם פינגער, אַף וועלכן דאַניִעל האָט איר נאָרוואָס אָנגעטאָן דעם רונג. דאָס האַרץ שפּרינגט איר שיר ניט אַרויס, פאר די אויגן, פולע מיט הייסע טרערן, גייען גאָלדענע רינגען, און די פּיס ברעכן זיך איר אונטער. זי פאַלט אָבער ניט. זי שטייט, ווי צוזעגעלעפּט, מיטן אויער צו דער טיר — הערט, ווי דער טאַטע רעדט:

— זאָל זײַן אין א גליקלעכער שאָ, אין א מאַזלדיקער שאָ. ס'איז א באַשערטע זאַך... דער זיווג איז פון גאָט. מ'דאַרף שטעלן בראָנפן... טאַכמער, ווו ביסטו?

לויפט מאַלקע אַוועק נאָך ווײַטער — פון אַלקער אין דרויסן אַרויס. דער אַרום ליגט אין א בלוי-פינקלדיקן פראָסטיקן שניי. די ביימער אין א געדיכטן פריר-טוי. דורך די טרערן שײַנט איר און שפּיגלט זיך א ווינטערדיקער טאָג. ס'פעלט איר די מאַמע... אוי, פעלט איר איצט אוים די מאַמע. נאָך קיינמאָל האָט איר די מאַמע אזוי ניט אויסגעפעלט. ווען ס'איז ניט אזוי פאַרשנייט און פאַרוויט, וואָלט זי צו איר קייווער געלאָפן.

דער מוטערס כופּע-רונג בליצט אַף איר פינ-גער. ס'אַרא שיינער טאָג. פאר דעם האָט דערבײַ טעג געוויט און געדרייט, עס האָט נעקערט אזוי, אז ס'איז אומעגלעך געווען דעם קאָפּ פון שטוב אַרויסצורוקן. אָט דעם ליכטיק שנייִקן שאַבעס וועט זי אין איר האַרצן טראָגן דאָס גאַנצע לעבן. דער טאַטע איז גערעכט — ס'איז א באַשערטע זאַך... דאַניִעל איז איר געגעבן געוואָרן פון גאָט אַליין. אָבער פאַרוואָס לויפט אבושל אַרום און רײַבט פאר סימכע די הענט? רעב אבושל פרייט זיך דאָך נאָר דעמלט, ווען בא יענעם טרעפט א צאָרע... זי באַהאַלט זיך נאָך ווײַטער, הינטער דער זײַט שטוב, וואָס גייט צום גרויסן וואַלד אַרויס, זי שטייט אין איין קאָפּטל, דער באַזונטער פראָסט באַשיט זי מיט א זילבערנער ליסקע. די ליפּן פּײַערן איר נאָך פון דאַניִעלס קוש, נאָר דאָס האַרץ איז איר אַרומגעכאַפּט מיט א שאַרפן, מיט עפּעס א ברענענדיקן ווייטעק: ער האָט דאָך ליב איווען! זי, מאַלקען, האָט ער קיינמאָל ניט ליב געהאַט... און פּלוצעם איז דאַניִעל געוואָרן אירער? ניין, ס'איז עפּעס א כאָלעם... נאָר זי כאַזערט דעם פּאָטערס רייד: „ס'איז א באַשערטע זאַך“... א באַשערטע זאַך? פאַרוואָס זשע איז דאָס באַשערטע ניט געקומען פריער? איז ביז אהער דאָס מאַזל אירס געשלאָפן?.. האָט טאַקע דאַניִעל פאר אַלעמען געזאָגט: מאַלקע איז מײַן ווײַב! האָט טאַקע דאַניִעל געמיינט זי? איז עס טאַקע יענער דאַניִעל, וועלכן זי האָט פון קינד-ווײַז אָן ליב געהאַט? זי האָט אים ליב געהאַט פאַרבאָרגענערהייט, ניט אזוי, ווי איווע — פאַר אַלעמען פרײַ און אָפן; זי, מאַלקע, האָט אים ליב געהאַט אזוי שטילערהייט-פאַרבאָרגן, געטריבן פון זיך די ליבע, ווייסנדיק — איר טרוים וועט קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט ווערן. זי, מאַלקע, האָט מוירע געהאַט פאר זײַטיקע אופּצוהייבן אַף אים די אויגן, מוירע געהאַט: איר סאָד, איר הייליקער סאָד זאָל אָנטפּלעקט און פאַרשוועכט ווערן, זי זאָל ווערן דערצו נאָך צו שפּאָט: די געלע מאַלקע און... דאַניִעל? איווע — דאָס איז דאַניִעלס פּאָר! און פּלוצעם מאַכט מען איווען כאַסענע פאר א פרעמדן אַלטן רײַכן באָכער, און ער, דאַניִעל, אַף וועמען זי, מאַלקע, האָט נאָר ניט געהאָפט, ניט געוואַגט אפילע צו האָפן, קומט עס אין שטוב אַרײַן און טוט איר אָן אינמיטן העלן טאָג, פאר אַן אוילעם, דעם גאָלדענעם רונג אַפן פינגער. זי, מאַלקע, וועט זײַן דאַניִעלס ווײַב...

...און מאַלקע, ווי צוגעוואַקסן געוואָרן צו דער ערד, שטייט נאָך אַלץ אָנגעבויגן איבערן טיש, די הענט אָנגעשפּאַרט אָן די צוויי פּלע-שער ווײַן, די פאַרשמאָלטע אויגן זײַנען איר נאָך שמעלער געוואָרן, זיי קאָנען זיך ניט אָפּ-רײַסן פון דעם פּוכקן קנײַלעכדיקן לעקעך, פון דעם פירקאַנטיקן שאַכטל, וואָס איז אזוי קונציק אַרומגעבונדן מיט דער ווײַסער סטענגע.

— קום, מאַלקע, — רופט זי די שוויגער,— קום אהער, נעם די גלעזלעך, וואָס האָסטו זיך אזוי פאַרטראַכט? וועסט די וועלט, טאַכמער

מײַנע, ניט באַקלערן, פון פאַראַכטאָגן שאַבעס ביז הײַנט איז אוואַדע אַ גרויסער דאַנק גאָט. אווראָמצעניו איז אין דער היים. אַזאַ גרויסע מאַטאָנע פון זײַן ליבן נאָמען... און דו, אַקיווע-לעבן, שטיי ניט מיט צונויפגעלייגטע הענט. נאַ דיר דעם גרײַצער און מאַך אויף אַ פלאַש ווײַן.

— איך — זאָגט דאַניעל — וועל דעם ווײַן ניט טרינקען.

— פאַרוואָס? — הייבט אויף מאַלקע דעם קאָפּ. — מיטן ווײַן... צי אָן דעם ווײַן...

— קינדער, — בעט זיך „דער שטילער זומער“, — קינדער, פאַרשטערט ניט דעם שאַבעס... יִצחאָק, גיי וואַש זיך, מאַך קידעש! שמוליקל, גענוג דיר האָבן צו טאָן מיטן בושעל, נאָר דער בושעל האָט מיר געפעלט... אווראָמצעניו, ס'איז דיר גוט צו זיצן, עפּשער דיר אונטערשפּאַרן נאָך אַ קישן?

זי נעמט זיך ווידער אײַסעקן בײַ זײַן געלעגער:

— האַ, מײַן זון, דער פוס טוט דיר ניט וויי? ס'זאָל זײַן מיר פאַר דײַן פוס. וואָס שווייגסטו, אווראָמצעניו? רייד, מײַן קינד, כ'וויל הערן דײַן קאָל... אוי, ווי כ'האָב געבענקט נאָך דײַן קאָל.

זי ווישט אויס אַפּגיך מיטן עק טיכל די אויגן:

— אַוועקגעגאַנגען פון דער היים איז אַזאַ שיינער טאַפּאַל, אַ קאַרטינע, ניט קיין באָכער, און צוריק האָט מען מיר געבראַכט אַ לעבעדיקן מעס, אַ בינטל ביינער. ווען ניט די הויט, צעשיטן זיי זיך. כ'האָב דאָך אים ניט דערקענט.

— וואָס דען האָט איר געוואָלט? — מישט זיך אַרײַן אַקיווע, — ער זאָל קומען פון דער מילכאָמע מיט אַ פּלוסטערל, מיט אַ גיידערל, מיט אַ קײַלעכדיק בײַכעלע?

— גיי שוין, גיי, כ'קלאָג זיך דען, כאָלילע?

— און „דער שטילער זומער“ גייט אַוועק מיט אירע שווערע, נאָר שטילע טריט אין קיך אַרײַן. זי גייט העלפן מאַלקען גרייטן צום טיש.

— מ'האָט דיר טאַקע דאָרטן אין מאַנטשזשוריע פײַן צעקנייטשט די פענצטער... — זעצט זיך אַקיווע צו לעבן אווראָמען. — דו האָסט טאַקע אַ פּאָנעם פון אַ טערקישן מאַלכאַמאָוועס. מ'האָט דיך דאָרט ניט געהאָדעוועט מיט גאַניידן-עפּעלעך? דו האָסט ניט געגעסן מיט די גענערעלער פון איין שיסל? מיר פאַרשפּאָרסטו צו דערציילן — איך ווייס אַליין. מ'האָט דיר דאָרטן געמאַכט אַ היפּשן פאַלד אין דער קישקע...' דו מיינסט, אווראָם, אַז איך האָב ניט געדינט? אויף מײַן וואָרט — געדינט. עמעס, אויף קיין מילכאָמעס בין איך ניט געגאַנגען... נאָר אַפילע דינען דעם קייסער אַזוי איז אויך פון די גאָר קליינע מײַכאָלים. איך האָב זיך אויך גענוג אָנגעליטן. געדינט האָב איך ניט לאַנג, אָבער מיט פעפער... בײַ מיר, דאַרפסטו וויסן, איז געווען אַ פעלדפעבל גאָר אַן אַנטיק. ער איז געווען אַזוי געראָטן אין ניקאָלײַען, נו, וואָס זאָל איך דיר זאָגן, ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. דאָס זעלבע בערדל, די זעלבע וואָנצעס און דעריקער — איין כאַראַקטער... זייער אַ גוטער. קאָן ניט פאַרטראָגן קיין קרומע מינע, קיין מענטשלעכע צאָרע, גרייט פאַר אַ מענטשן צו טאָן אַלץ, אַ מענטש איז בײַ אים הייליק און טײַער... מיט איין וואָרט — אַ קייסער אַ פעלדפעבל. פלעגט אָט דער פעלדפעבל, אָט דאָס קייסערל, דעם גאַניידן זאָל ער האָבן, אַרויספירן אַלע טאָג די ראָטע פאַר דער קאַזאַרמע און פרעגן:

— ווער זײַנען אונדזערע אינערלעכע סאָנים?

און די סאָלדאַטן האָבן באַדאַרפט ענטפערן אַלע אין איין קאָל:

— סאָציאַליסטי, סטודענטי, זשידי.

פלעג איך שווײַגן. האָט עס מײַן פעלדפעבל איין מאָל באַמערקט, גייט ער צו צו מיר און פרעגט:

— ווער זײַנען אונדזערע אי-נע-רער-לעכע סאָנים?

שווײַג איך. פרעגט ער מיך נאָכאַמאָל. שווײַג איך. פאַרוואַרפט ער די רעכטע האַנט אויף אַ האַלבן ווערסט אַרונטער, הענט האָט ער געהאַט לאַנגע, און פאַרפאָרט מיר אין דער לינקער באַק אַרײַן אַזוי, אַז אַלע זיבן הימלען האָבן זיך מיר אַ וויג געטאָן אין די אויגן, און אונדזער שיינע גרינע ערד האָט זיך גענומען וואַקלען אונטער מײַנע פיס... הענט האָט מײַן פעלדפעבל געהאַט גאָלדענע. פון אַזאַ בענטש האָט זיך מיר גלײַך געלאָזט דער ווײַן פון נאָז. אָבער ס'איז נאָר שווער, ברידערלעך מײַנע, ביז מ'כאַפּט דעם ערשטן נעריק. דערנאָך איז שוין גרינגער — ס'גייט שוין אויף איין כעזשבן... ער שלאָגט, און איך שווייג. דאָס הייסט — איך שווײַג ניט, איך קוק אים אין די אויגן אַרײַן... פּלוצלינג באַפוילט ער: — בע-גאַ-ם מ-מאַרש! לויף איך. וואָס קען איך ניט? כ'האָב דאָך געיאַרשנט פון נויעכס זון, פון שעמען, דעם פאַרמאַזאָליעטן זיצער... און פון יאַנקעווס זון, פון זוווּלענען — די לאַנגע פיס. מע זעט מיך, אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען, אין אַלע וועלט-טפּיסעס און אויף אַלע וועלט-מערק. שווימען אָפּן וואַסער קען איך אויך. איך שווים שוין בעסער פון נויעכן אַליין. איך שווים אַרום איבער דער וועלט אַפילע אָן אַ טייווע... איך גיי פּאַשעט טריט-וואַסער! אַז איך קען אַלץ! ער הייסט מיר לויפן — לויף איך. איך לויף אָפּ דרײַ שפּאַן, און ער: — קררדוגאָם! דרײַ שפּאַן, און — קררדוגאָם! נאָר דאָ דערזע איך פונדערווײַטנס אַ פּאָר בלאָווע הויזן מיט רויטע לאַמפּאַסן — אַ גענעראַל. מיסטאַמע גייט ער מיט זײַנע באַהעלפער פרעגן בײַ די סאָלדאַטן: אויף וואָס קלאָגן זיי זיך? מיילע, קלאָגן קלאָגט זיך קיינער ניט. זאָל זיך עמעצער פּרוּוון קלאָגן. נאָר אַז פאַרן גענעראַלס אויגן זאָל אַרומלויפן אַ צעבלוטיקטער סאָלדאַט, דאָס, פאַרשטיי איך, וועט אים ניט פּאַסן. און מײַן פעלדפעבל האָט אויך דערזען דעם גענעראַל, שרײַט ער צו מיר:

— אַפּסטאַוויט!

נאָר איך מאַך זיך אָבער ניט הערנדיק. איך לויף. און וווּהין? גלײַך דעם גענעראַל אַנטקעגן. זאָל ער זען און קלײַבן נחת. דער גענעראַל שטעלט מיך טאַקע אָפּ, באַטראַכט מײַן פאַרבלוטיקט פּנים און רופט צו דעם פעלדפעבל. לויפט יענער צו, שטעלט זיך אָפּ דרײַ טריט פונעם גענעראַל, די האַנט צום דאַשעק, בלײַבט שטיין ווי אַ פּלאָקן, און ליגט אַרויס פאַרן גענעראַל — אַזוי און אַזוי...

זע איך: דער גענעראַל בלײַבט זייער צופרידן מיט זײַן פעלדפעבל. איך זע — איך קאָן גאָר שלעכט אָפּשנײַדן. דאַרף מען זיך פּרוּוון ראַטעווען פון ביידן. — וואַשע אימפּעראַטאָרסקאָיע בלאַגאָראָדיע, — שרײַ איך אויס צום גענעראַל, — אויב דו וועסט באַפוילן, וועל איך פליִען ווי אַ פויגל. איך קאָן דיך מיטנעמען מיט זיך אַף דער לעוואָנע. פון דאָרטן וועל איך דיך, אימפּעראַטאָרסקאָיע בלאַגאָראָדיע, פירן אין גאַנײדן אַרײַן צו דער מאַלקע שוואָ. זי האָט אַזעלכע יעיצערהאָרע-פיסלעך...

— ער איז מעשוגע, — זאָגט דער גענעראַל.

— טאַק טאָטשנאָ! — ענטפערט דער פעלדפעבל.

— ביסט אַליין, וואַשע אימפּעראַטאָרסקאָיע, מעשוגע, — צעשרײַ איך זיך נאָך העכער, — איך בין שוין געפלויגן ניט איין מאָל אַף דער לעוואָנע, איך האָב דיר געוואָלט ברענגען אַ מאַטאָנע פון דאָרטן — דאָס טעלערל פון הימל... פלי מיט מיר, אימפּעראַטאָרסקאָיע בלאַגאָראָדיע, — כאַפּ איך אים אָן בײַ דער האַנט. — די מאַלקע שוואָ איז אַזאַ שיינע... נאָר אונדזער שלוימע-האַמעלעך איז זי שוין נימעס געוואָרן...

בקיצור, מ'האָט מיך אָפּגעפירט אין אַ גאָספּיטאַל. האָב איך דאָרטן אָפּגעברײַעוועט אַ וואָכן דרײַ, געמאַכט אַלעמען מיט דער בלאָטע גלײַך... און מ'האָט מיך אַרויסגעלאָזט מיט אַ דיאַגנאָז: אָליגאָפרעניִיאַ... דאָס הייסט איך בין געבוירן געוואָרן אָן אַ קלעפּקע אין קאָפּ, ס'פעלט מיר דאָרט אַ שרײַפל.

און אקיווע צעלאַכט זיך, ווי אַ קינד. פּאַטשט מיט די הענט איבער די קני:

— כ'בין געבוירן געוואָרן מיט אַ ווינטמיל אין קאָפּ.

פון אקיוועס געלעכטער לעבט אויף די שטוב. און אווראָם, האַלב ליגנדיק אין די ווײַסע קישנס, קאָן זיך נאָך אַלץ ניט גלייבן — ער איז טאַקע אין דער היים? די אײַנגעפאַלענע שוואַרצע אויגן ברענען מיט פרייד און מיט נחת: גלעט ער, ווי זײַנע זיידעס, די שוואַרצע באָרד, וואָס די מאַמע האָט אויסגעוואַשן און צעקעמט, און פון די פאַרטריקנט-געשוואָלענע ליפּן פאַרגייט ניט דער גליקלעכער שמייכל. איצט פעלט אים שוין גאָרנישט. דאָבציע איז שוין אויך דאָ... אָן-אָ זיצט זי אַ פאַרויטלטע לעבן דאַניִעלן. דאָס האָט ער, אַפּאָנעם, איר צו וויסן געגעבן, אַז ער, אווראָם, האָט זיך אומגעקערט אַהיים. זי, דאָבציע, איז פאַר דער צײַט, וואָס ער איז אין דער היים ניט געווען, זייער אויסגעוואַקסן, אַ גאַנצער ווײַבספּאַרשוין געוואָרן. זי באַהאַלט שוין ניט פאַר אַלעמען די אויגן... זי זיצט און פלעכט איבער אַ צאָפּ. זיי ווייסט, אַז ער האָט ליב אירע בלאָנדע האָר. דער טאַטע גייט אַרום איבער דער שטוב, די גראָבע פינגער פאַרוקט הינטערן גאַרטל, שמוכט און דער באָרד אַרײַן און „זאָגט"...

ווי ער האָט עס געבענקט נאָך אַזאַ פרײַטיקצונאַכטס, נאָך די איבערגעדעקטע כאַלעס, נאָך די ברענענדיקע ליכט.

אווראָם קוקט אַף די ברענענדיקע ליכט, און די פרייד אין זײַנע אויגן הייבט זיך אָן צו זעצן. פאַר די אויגן שווינדלען די ברענענדיקע לאַמטערנס אַפן בעסוילעם בעשאַס מע האָט אין יענעם פינצטערן אָוונט ראָכלען צו קווורע געבראַכט. ער שפּרינגט אַף די מיליצעס צווישן די ברענענדיקע לאַמטערנס... אין האַלדז שטעלט זיך אים אַ געזאַלצן-ביטערער קנויל. ער, אווראָם, דאַרף זיך אָן אייצע האַלטן מיט אקיווען. אים איינעם קאָן ער דערציילן וועגן ראָכלען.

נאָר אקיווע לאַכט אַזוי געשמאַק, אַז די גאַנצע שטוב לאַכט מיט. אַפילע דאַניִעל צעשמייכלט זיך:

— דו ביסט, אקיווע-פרײַנט, אַ גאָט געבענטשטער מענטש. דו נעמסט אויף דאָס לעבן גרינגער... און טיפער! אַף דעם בין איך דיר מעקאַנע!..

— דאַניִעל, — זאָגט אקיווע ערנסט, — קריך צו מיר אַפן וואָגן. מירן זיך לאָזן מיט דיר ווײַטער אין מײַן וועג אַרײַן. מיר וועלן פאָרן און פאָרן. ס'וועט אונדז געוויס אויסקומען צו פאָרן לאַנג, נאָר איך וועל דיר דערציילן די גאַנצע צײַט וווּנדער-מײַסעלעך וועגן גאָלדענע פּאַוועס אין דעם גאָלדענעם לאַנד. איך ווייס, דאַניִעל, ווײַט איז צו יענעם לאַנד. נאָר אין איינעם אַ שיינעם טאָג וועלן מיר אַרײַנפאָרן אין זייער אַ שיין לעבן...

— נעמט מיך אויך מיט, — זאָגט שטיל מאַלקע.

— קינדער, — שאָקלט מיטן קאָפּ „דער שטילער-זומער", וואָס שטייט מיט גאָפּל-מעסער אין האַנט אינמיטן דער שטוב און הערט זיך צו צום געשפּרעך, — שטעלט בעסער אַוועק אונדזער אַלטע קרעטשמע אַף רעדער, מירן אײַנשפּאַנען די ווײַסע שקאַפּע און מיר וועלן אַלע אַזוי-אָ פּאַוואָלינקע פאָרן צו דער גאָלדענער פּאַווע... געזונט זאָלט איר נאָר זײַן. וואָס טראַכט איר נאָר ניט אויס! גייט שוין, גייט צום טיש! ייִצכאָק, מאַך קידעש, און דו, שמוליק, לאָז צורו דעם בושעל. איר הערט די גלעקלעך? — טוט זי זיך אַ וואָרף צום פענצטער און פאַרשאַרט אַ פאָרהענגל, — ער פאָרט ווידער! וויסט איז מיר, מ'האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער שטוב. שוין דאָס צווייטע, וואָס רייד איך, ער קומט שוין צו פאָרן דאָס דריטע מאָל.

צו דער שטוב איז טאקע צוגעפאָרן מיט ראש און אימפעט, מיט שארפן גלעקל-געקלאנג, מיט כראַפּענדיקע פערד, א פור. דער „שטילער זומער" פארוקט דאָס פאָרהענגל:

— באהיט און באוואָרן און באשיץ אונדז, ליבער גאָט.

— יִשמאָריינו האבוירע... — און בא יִצ־כאָק באַיאָרן ווערט די פלייצע איַנגעבויגענער, דער קאָפּ פארנייגט זיך אים צום אונטערגעבויגענעם אקסל, דער פארוואקסענער אויער אָנגעשטעלט — די צאָרע איז נאָך ווײַט?

און די צאָרע איז שוין אין שטוב. דער פּריסטאוו, ווי א באלעבאָס, עפנט ברייט אוף די טיר, שפּרינגט קימאט אריבער די שוועל, שטעלט זיך אוועק אין א זײַט, לייגט צו די האנט צום שלייף און לאָזט דורך פארבײַ עפּעס איינעם א דארן, א לאנגן.

— צו דער צײַט, איַער הויכוווילגעבורט.

דער שינעל, וואָס ביז צו די טריט, מאכט דעם ארײַנגעקומענעם נאָך לענגער און דארער. אפן שינעל בליצן צוויי רייען געשײַערטע קנעפּ, און פון די אקסל אראָפּ — שפּאָגל-נײַע גאָלדענע פּאָגאָנעס.

— הא-הא, — רײַסט זיך ארויס באם פּריסטאוו. א נידעריקער, ניט אזוי גראָב, ווי פעט, ציט ער מיט דער נאָז — א ברייטע, פון אויבן צוגעפּלעטשט, פון הינטן — פליישיק און פאריסן, א רויטע מיט גרינע אָדערלעך. ער טוט א פּיך, ווי א קאָמער, מיט די געל-שפּיצעכיקע וואָנצן. די קײַלעכדיקע שמאלץ-אייגעלעך נעמען בא אים, ניט ווילנדיק, פינטלען אף די צוויי פלעשער ווײַן, וואָס שטייען אפן טיש. — הא-הא, שא-באסקאווקי קידעש לאכאיעמקא?.. פאר דעם גאסט? כא-כא-כא... נו, אָט דאָס איז ער! — ווײַזט ער אָן מיט דעם פינגער אף אווראָמען. — דאָס פּייגעלע איז, ענדלעך, פארפלויגן אין נעסט ארײַן. לאנג אף דיר געווארט. מיט וועלכע וועגן ביסטו עס געגאנגען? דו האָסט זיך געדרוקט אהיים דורך די הינטערוועגעלעך? פּאָניאטנאָ...

דאניעל איז פארנומען מיט איינס: ער קוקט אף דעם לאנגן זשאנדארם: א מאָרנע פּאָנעם. א פּאָנעם, ווי אויסגעשניצט מיט א שיקערער האנט פון א טונקל-הארטן האָלץ. די אויגן באם זשאנדארם באוועגן זיך ניט. שטייענדיקע אויגן.

— ניט קיין אויגן, — זאָגט צו זיך אליין דאניעל, — נאָר צוויי גריבעלעך בלוי איַיז.

וויל ער שוין הערן, דאניעל, דאָס קאָל. נאָר די צײַט גייט, און פון דעם זשאנדארם הערט מען קיין וואָרט ניט. זײַן שווײַגן לייגט זיך אזוי שווער אפן הארצן, אז מאלקע אָטעמט שוין מיט אָן אָפּן מויל.

ריווקע אָטעמט ביכלאל ניט. דערזעענדיק, ווי דער פּריסטאוו האָט אָנגעוויזן אף אווראָמען, שטעלט זיך „דער שטילער זומער" אוועק פאר דעם בעט, צענעמט די הענט, און איר גאנץ אויסזען, באזונדערס איר פּאָנעם, זאָגט:

— מײַן טויט זאָל דאָ זײַן, נאָר צום קינד וועל איך ניט צולאָזן.

דאניעל שפּירט די גאנצע צײַט נאָך די „צוויי גריבעלעך בלוי איַיז". זיי פינקלען קאלט קעגן די ברענענדיקע ליכט. ער שווײַגט נאָך אלץ.

— וואָס קאָן דאָס באטײַטן אזא שווײַגן? — טראכט דאניעל. — מיסטאמע דארף עס זײַן איינס פון זײַנע מיטלען. מיסטאם שוין אָן אויסגעפּרוווט מיטל: וואָס מער שווײַגן, אלץ א גרעסערער פּאכעד און איימע ווערט אָנגעטריבן. זיי ווייסן גוט, די דאָזיקע לײַט, מיט דערשראָקענע מענטשן איז לײַכטער האָבן צו טאָן. מיט איבערגעשראָקענע מענטשן קאָן מען אלץ מאכן. זיי גיבן גוט אכטונג, אז דער פּאכעד זאָל ניט ארויס פון די הײַזער... וואָס מערער פּאכעד פון אונטן, אלץ זיכערער איז מען אויבן!..

דאָס שווײַגן זײַנם געדויערט שוין אָבער אזויפיל, אז אפילע דער פריסטאוו הייבט אָן אריבערצוווארפן דעם פעטן גוף פון איין פוס אף דעם צווייטן. די גרינע אָדערלעך אף זײַן רויטער נאָז ציִען זיך אויס, שלענגלען זיך, ווי ווערעמלעך, ארוף צו די אויגן. דער פּריסטאוו טוט א שנאָל איבער דער נאָז, און די גרינע אָדערלעך לויפן גלײַך אײַן.

— איוואן פיאָדאָראָוויטש, — האלט ענדלעך ניט אויס דער פּריסטאוו, — וואשע וויסאָקאָבלאגאָראָדיע, נאטשניאָם?..

אין דער אלטער קרעטשמע שטייט א טויטע שטילקײַט. ס'הערט זיך בלויז — הינטער דער הרובע גרילט א גריל. איין ליכט טראסקעט, שפּריצט מיט פונקען. ס'שמעקט שטארק מיט געברענטן קגויט און מיט צעשמאָלצן אומריינעם ביילעוו. שמוליק, בא מאלקען אף די הענט, שלוקערצט פון שרעק. דער בושעל שטייט אף דער באנק און פּיקט די כאלע.

— וואשע וויסאָקאָבלאגאָראָדיע, נאטשניאָם!

און דאָ דערהערט דאניעל, ווי פון הינטער דעם לאנגן שינעל, ערגעץ פון די שפּיץ פיספינגער הייבט זיך אוף א שיפּערײַ. דער זשאנדארם האָט אָנגעהויבן צו שיפּען, ווי א גלאָז סאָדע-וואסער. די שיפּערײַ הייבט זיך אלץ העכער און העכער. אָט איז זי שוין, דוכט זיך, דורכגעגאנגען דעם בויך, אָט שיפּעט שוין אין דעם אייבערשטן טייל פון ברוסטקאסטן, אָט שיפּעט שוין בא אים אין האלדז, און מיטאמאָל דערהערט זיך א טרוקן הילכיקער:

— טש-ש-טאָ-זש-זש-זש...

פון אָט-אָ דעם קאָל צעוויינט זיך שמוליק. דער פּריסטאוו דרייט זיך אָפּ און טוט א הילכיקן שנײַץ די נאָז.

(פאָרזעצונג קומט)

## כאַנע װײַנערמאַן



געבוירן אין 1902 אין שטעטל לוהין (או־קראַינע). פאַרענדיקט דעם אָדעסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1925. װוינט אין אָדעס.

# אַ געזאַנג דעם סטעפּ

פאַרטאָג, אַף טויזנט מײַל פאַרכאַפּט מײַן אויג
דיך, פרײַער סטעפּ, װאָס װייסט ניט פון קיין ברעגן.
ס'איז פעט דײַן ערד, אַזוי װי שװאַרצער רויג,
ס'איז פריש, װי קװאַל־װאַסער, דײַן טוי און רעגן.
מיט כאַלע שמעקט דײַן יעדער גאַרב און סטויג,
מיט זאַפרען שמעקט דײַן סאָנעשניק בא װעגן.
גוטמאָרגן, סטעפּ! ביסט פול מיט מי און פריד.
גוטמאָרגן, יוגנט מײַנע, — װיגל פון מײַן ליד!

איך עפן אויף די פענצטער און די טיר
פאַר אַלע דײַנע פייגל אין די נעסטן:
שטייט אויף, געהילפן מײַנע, זינגט מיט מיר! —
די ליד זאָל פלאַטערן אַף אָנצאָליקע װערסטן.
מיט אַלע מײַנע כּוחות איך דערשפּיר
דעם שיר־השירים פון דעם פויגלשן אָרקעסטער.
מײַן סטעפּ! איך זינג מיט דיר... אַ לעבן לאַנג
דײַן הייסער אָטעם קלאַפּט אין מײַן געזאַנג.

אַף דײַנע ראַכװעסן, װאָס כ'האָב באַלעבט,
געװועזן איז אַמאָל אַ רײַכער כוטער.
אָט דאָ האָט מיך דער לענינשער דעקרעט
דײַן ערד געשאָנקען אין אַ שאָ אַ גוטער.
באַנאַכט, אַף פּאַשע, כ'האָב אין ליד מיט דיר גערעדט
און דײַנע װינטן האָבן מיך געמוטיקט.
עס האָט אַף מיר גערעגנט און געשנייט,
נאָר דאָך מײַן מזל כ'האָב אין דיר פאַרזייט.

כ'בין יונג געװען, איך בין געװען געװאַגט,
געגאַנגען מיטן פאָלק פוסטריט צוזאַמען,

ס׳האָט דאָן אין מיר געשאָסן דער קולאַק,
מײַן האָב־און־גוטס געלאָזט אין רויך, אין פֿלאַמען;
ס׳האָט אָפֿט נאָך מיר זיך נאָכגעיאָגט א האַק,
דעם סוינעס גיפֿט געוואָלט האָט מיך פֿאַרסאַמען.
נאָר ס׳האָט, ווי שטענדיק, מיך פֿון יעדן ווײ
געשיצט די קאָמוניסטישע פּאַרטײ.

...די צײַט פֿון גרויסער אופֿלעבונג מיך רופֿט
צו פֿרײדיקער און פֿרידנספֿולער אַרבעט.
כ׳האָב אײַנגעזאַפּט מיט מוטער־מילך דײַן לופֿט,
דאָס גליק פֿון אַקערן און בינדן גאַרבן,
פֿון ווײַנגערטנער דעם כ׳יעסדיקן דופֿט,
ווו יעדער טרויב איז פֿול מיט רעגנבויגן־פֿאַרבן.
כ׳האָב דאָ געהאָרעוועט, געהויבן פּלאַסט נאָך פּלאַסט —
איך בין געווען א טוישעוו, ניט קיין גאַסט.

דער פֿרילינג האָט געשפּילט אין יעדן הויז,
אף יעדן פֿעלד, וואָס האָט מיר גליק געגעבן.
אין יעדן סאָנעשניק, אין יעדער רויז,
אין יעדן האַרץ, אין יעדן לײַב־און־לעבן.
איך פֿלעג פֿאַרנאַכט אין סטעפּ אַרויס —
מײַן ערשטע ליד פֿון זײַנע קלאַנגען וועבן.
ס׳האָט מיר אין לעבן גאָרניט אויסגעפֿעלט —
דאָס מאַזל האָט באַטראָטן אונדזער שוועל.

כ׳האָב אָפּגעהיט דיך, סטעפּ, פֿון לײד און צאַר,
פֿון הײסן ווירבל־ווינט, פֿון קרירע קאַלטער,
קיין צווײַגל האָט בא דיר ניט אײַנגעדאַרט,
דער שײַער פֿאַר דײַן שעפֿע — א צעפּראַלטער.
די נויט האָט דאָ אף קײנעם ניט געוואַרט —
אוועק פֿון אונדז אַריבער גרענעץ זיך באַהאַלטן.
כ׳אַטש פֿלאַם פֿון קריג האָט דיך, מײַן סטעפּ, געשענדט,
דאָך ווידער בליט דער קאַרשנבוים לעם נײַע ווענט.

...אוקראַיִנער סטעפּ, דו ביסט מײַן גרויסע הײם,
א גרוס דיר, מײַן קאָלווירט, מײַן הויז, מײַן שײַער.
כ׳האָב ווידער דאָ געלײגט בעטאָן און שטײן
אין דײַנע ברײט־צעוואַקסענע געבײַען.
אין יעדן ביימעלע, וואָס קוקט אף מיר מיט כײן,
אין יעדן גאָרטן, — מײַן צושטײַער.
עס ברויזט דער יאַם פֿון רײַפֿן ווײץ,
פֿון ראַנד צו ראַנד ער רוישט, ער פֿלײצט.

ס׳איז זומער איצט, די הימלען זײַנען בלוי,
מע לײגט דאָס היי אין די הויכע סקירדעס.
ס׳איז פֿול שוין דער פֿאַפּשוי מיט מילך און טוי,
דער קאַוון צוקערט שוין, ס׳איז פֿול דער קירבעס.
ווי נאָר אף טאָג פֿאַמעלעך גרויט,
עס רופֿט א שטים פֿון ראַדיאָ מיט ווירדע:

— שטייט אוף, בריגאדעס, מיט א גרינג געמיט,
ס׳איז צײַטיק שוין דער ערשטער טאָג פון שניט!

אין בײדע הענט איך האלט פארקלאמערט דעם שטורוואל
פון דעם קאָמבײַן. זאָל סארפענען די זון און בראָטן!
די קערנער פלייצן, ווי א וואסערפאל,
עס זײַנען פולע בונקערס אָנגעשאָטן.
דער ווייץ איז יאָדערדיק און ציכטיק... באלד
וועל איך מאשינעס אָנלאָדן גראָטן
און שיקן, ווי אן עכטער באלעבאָס,
דעם פאָטערלאנד מײַן ערשטן ברויט־אָבאָז.

דער פאָרזיצער, פארהאוועט און פאריאָגט,
ווישט מיט דער דלאָניע אָפּ דעם שוויס פון שטערן.
— ווי רײַך מיר זײַנען, — טוט ער שטאָלץ א זאָג,
און ער פארשעפט א הויפן קערנער שווערע.
געפרוווט זיי אף די ציין, געפרוווט די וואָג,
ער הייבט אָן שטיל צו כעזשבענען און קלערן...
— וואָס זאָגסטו, פאָרזיצער, ס׳וועט ברויט אונדז זײַן?
— אָהאָ! ס׳וועט קוילעטש זײַן, און פלייש, און ווײַן!

ס׳וועט אלדאָסגוטס אין אונדזער ווינונג זײַן,
די קינדער וואקסן דאָ אין נאכעס און אין פריידן,
די פערמעס זײַנען פול מיט זעט און שײַן,
די מילן האלטן שטענדיק אין איין ריידן.
ס׳איז יעדער ווײַנגאָרטן — א קעלטער ווײַן,
די סעדער אבריקאָסן — א גאניידן!
די פייערס פון מײַן סאָד און מײַן באשטאן —
דערקוויקן אויך נאָרילסק און מאגאדאן.

איך רוף אײַך, פרײַנט, צוגאסט, סײַ יונג, סײַ אלט,
נו, קומט און זעט, און זאָלן אלע וויסן,
אז אלץ ארום בלויז אָטעמט אין געשטאלט
פון דעם, וואָס שאפט מיט ליבע און געוויסן.
און טוט א קוק: צו אלדאָסגוטס איך האלט
אין גרויסער שיינער וועלט מײַנער די שליסל.
איז ווער וועט ווידער זיך דערוועגן דאָ
מיר ברענגען א שלימאזלדיקע שאָ?

כ׳בין גרויס בא זיך, וואָס איך און אלע מיר
דאָ האָבן וועגן ברייטע אויסגעטראָטן,
פאר גוטעפרײַנט צעעפנט ברייט די טיר,
און זײַן זאָלן די סאָנים אויסגעראָטן.
און זאָלן אלע שפּײַכלערס אין קאָלווירט
מיט ברויט און שעפע טאָמיד זײַן פארשאָטן —
מיר טראָגן פריד און זעט מיט ברייטער האנט
פאר ווילטיק פונעם פאָלק און פונעם לאנד.

---

## ראָכל בוימוואָל



געבוירן אין 1914 אין אָדעס. פאַרענדיקט דעם מאָסקווער מעלוכע-אוניווערסיטעט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1923. וווינט אין מאָסקווע.

# ײבער מאָסקווע

מײַן שטאָט — א הויפטשטאָט,
מײַן לאנד — א גרויסלאנד.
אף רעכטס — א הייבקראַן,
אף לינקס — א הייבקראַן.

און ניט קיין ציגל,
נאָר גאנצע בלאָקן.
דעם בויערס וויגל —
אף העכסטע שטאָקן.

און בריקן ברייטע,
פון שטאָל געפורעמט.
ווי אויסגעניייטע,
די שמאָלע טורעמס.

דער פלאץ דער רויטער
בא דער קרעמל־וואנט איז —
א ריזן־ברויט
אף א לאנגן האנטעך.

אין די הייסע טעג,
אין די גרויסע פרעסט,
ווו נאָר א וועג —
אלץ אהערצו געסט.

צוזאמען שפאנען
א קאָנגאָלעזער
מיט א וויעטנאמער,
מיט א כינעזער.

עס קומען אָן דאָ
מעלוכע־פירער
פון שווארצער קאָנגאָ,
פון ברוינער בירמע.

לאָאסער זין
און קובינער קעמפער
אָט דאָ געפינען
אף אלץ אן ענטפער.

דאָ איז דער נעגער
פון קיינעם ערגער,
און גלײַך מיט אלע
איז דער מאלײַער;
יעדעס פאָלק
איז אונדז ליב און טײַער.

דאָרט, ווו דער דענקמאָל
פון מאיאקאָווסקי, —
אן אומגעריכטער
קלוב פון דיכטער,
אָן טיש און בענקל —
אינמיטן מאָסקווע.

דאָ ווערט פארזאמלט
א קרײַז א ברייטער,
עס לייענט איינער,
עס רעדט א צווייטער,

און אלע — גערן,
און, ס'דוכט, די שטיינער
פון דענקמאָל הערן...

דאָ גייט אין דרייסטקייט
אין יונגער גוטסקייט,
אין יונגער בייזקייט,
אין דראנג — צו נוציקייט.

סטודענטשאפט בייט זיך
מיט סוווענירן.
אלץ ווערט באשטעטיקט
און אלץ באשטרייט זיך —
די יוגנט זעטיקט
דעם הונגער אירן.

כ'זעץ פאָר אלץ ווייטער
מיין שטאָט־נעסיע...

ס'לויכט, ווי א שייטער,
קינאָ „ראָסיאַ".
אָ, מאָסקווע — הויפּטשטאָט,
ביסט מיין דערציִער!

אין ווירבל־שנייען,
אין רעגן־שלאקסן
בין איך, א קינד נאָך,
אָט דאָ געוואקסן.
און ס'איז אצינד נאָך
מיין גרויס פארמעגן —
מיין שטארק פארקאָכט זיין
אין דיינע וועגן,
אין מיינע לאנדסלייט,
דער כיילעק מיינער
אין אָט דעם שיינען
פון גאסן דיינע.

## אין ווינטער־טאָג

א טאָג אין ווייסע פינטעלעך,
אין שנייעלעך א טאָג,
מיט ברינעמער, ווי טינטערלעך,
אף יעדן ווייסן ראָג.

אין האנט מיט לייצעס שטריקענע,
כ'געדענק זיך, ווי אצינד,
א שטייף ארומגעוויקלטע,
א זיבניאָריק קינד.

א טאָג אין ווייסע פליגעלעך,
אין שנייעלעך א טאָג.
און שטיקלעך גליטש, ווי שפיגעלעך,
באם ברונעם אפן ראָג.

פון סטעזשקע פון דער מיטעלער,
וואָס גייט אראָפּ דעם בארג,

איך לאָז זיך אף מיין שליטעלע
און בין צופרידן שטארק.

א טאָג אין ווייסע בלימעלעך,
אין שנייעלעך א טאָג,
א טאָג, ווי ברויט מיט קימעלעך, —
וואָס קאָן זיין שענער, זאָג!

דער פראָסט איז, ווי א סקאָרינקע,
געשמאק אזוי און הארט,
מיט יאָדלעס מיט גרינהאָריקע
אין טיפן שניי פארשארט.

מיט רוסלענדישער ווינטער־שיין
איז אָנגעזאפט מיין בלוט.
ס'איז יענע צייט אהינטער שוין.
נאָר איך געדענק זי גוט!

## שוין אזויפיל יאָר...

שוין אזויפיל יאָר פארבראכט צוזאמען,
וועט די שטילע ווייַלע אונדז ניט שאטן.
זעץ זיך צו צו מיר, ווי צו א מאמען,
לאָז זיך צוטוליען, ווי צו א טאטן.

דיינע אויגן — אלץ די זעלבע אויגן.
דיינע פינגער — אלץ די זעלבע פינגער.
וואָס האָסטו דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן?
זאָג עפּעס, וועט ביידן ווערן גרינגער.

# ווי א העלע ראקעטע

און דאָס וואָרט וועט אוועק,
וואָס געשיקט איז פון דיכטער,
אין דעם העכסטן וועג,
דורך אים געריכטעט.
ווי א העלע ראקעטע,
פארלאָזן זײַן צימער,
ווו פון ביכער און העפטן
א קרײַז אן אינטימער,
און זיך האסטיק באהעפטן
מיט אומענדלעכן שטעך...
שפירט נאָך נאָך דעם וואָרט,
איך בעט אײַך!..

און דער דיכטער אליין
אין דעם דאָזיקן פלי־טאָג
וועט אין קראָם ארײַן גיין
עפעס קויפן צו מיטיק, —
ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.
ס׳וועט זײַן שאָכן אים גריסן,
ווען ער וועט אים דערזען,
און ניט אָנהייבן וויסן,

וויפל שלאָפלאָזע נעכט
האָט דעם דיכטער געקאָסט דאָס,
אז ער האָט זײַן באשיידענע רעכט
אפן קאָסמאָס.

אין דעם פּאָשעטן וואָרט
אזא קראפט איז באהאלטן, —
דאָס קען ער נאָר, דער דיכטער,
ווי אן אטאָם עס שפאלטן.
פון דעם אָפּשטוים־אָרט שטײַגן
זײַן וואָרט דארף געלינגען.
אין דעם דאָזיקן וואָרט
ליגט דאָס הארץ פונעם זינגער.

ס׳איז דאָס וואָרט — פון יאָרהונדערט
דער שפּאָרזאמסטער צייכן,
ס׳איז בארופן דעם הערלעכסטן וווּנדער
דערגרייכן!
טרעט דעם וועג אָפּ, איר וויסטע,
איר אלע פארבלענדטע!
„יאם פון קלאָרקײַט״, ווו ביסטו? —
אלץ נעענטער, נעענטער!

# דאָס ליבסטע אָרט

ווי ס׳איז גוט זיך לאָזן צו דעם טײַך,
צו דעם פעלד, וואָס איז מיט ראכוועס רײַך!

א מעכײַע — אָפּזוכן א לאָנקע,
ביז די קני אין גראָז ארומצובלאָנקען...

וועגן וואלד — איז ריידן שוין פארשפּאָרט!
א באזונדער כיין האָט יעדעס אָרט.

נאָר א לעבן — דורך די נעכט און טעג —
צו מײַן שרײַבטיש לייג איך דורך א וועג.

---

# ז. װענדראָף — 85 יאָר

טײַערער פרײַנט ז. װענדראָף!

די רעדקאָלעגיע און די מיטאַרבעטער פון „סאָװעטיש הײמלאַנד" באַגריסן אײַך האַרציק צו אײַער רומפולן 85-טן געבורטסטאָג.

אײנער פון די עלטסטע שרײַבער אין סאָװעטנפאַרבאַנד, האָט איר העכער 60 יאָר געװידמעט דער ייִדישער ליטעראַטור. אײַער שאַפונג האָט צוגעצױגן די אױפמערקזאַמקײט פון עטלעכע דורות לײענער, װעלכע זײַנען אײַך דאַנקבאַר פאַר די פילצאָליקע טאַלאַנטפולע װערק.

מיר װײסן װעגן דעם גרױסן און שװערן װעג, װאָס איר האָט דורכגעמאַכט. ניט אין ענגלאַנד און ניט אין אַמעריקע, װעלכע איר זײַט אַדורכגעגאַנגען און אױסגעפאָרן, האָט אײַער טאַלאַנט ניט געקאָנט געפינען זײַן אָנװענדונג. רוסלאַנד, װוּ איר האָט זיך באַזעצט אױף שטענדיק, איז געװאָרן דער פרוכטבאַרער באָדן פאַר אײַך אַלס שרײַבער און געזעלשאַפטלעכער טוער.

צענדליקער ביכער, העכער צװײ טױזנט קינסטלערישע פאַרצײכענונגען און אַרטיקלען זײַנען אַרױס פון אונטער אײַער פּען. מיט איראָניע און בײזן סאַרקאַזם האָט איר געשילדערט דעם פּאָליצײיִשן װילקיר פונעם צאַרישן רוסלאַנד. דער געזעלשאַפטלעכער רעזאָנאַנס פון אײַער ערשטן בוך „פּראָװאָזשיטעלסטװאָ" איז געװען אַזױ גרױס, אַז די רוסישע איבערזעצונג זײַנע האָט ניט בלױז אַרױסגערופן אַן אָפּרוף אין דער פּרעסע, נאָר אַפילע געדינט די דעמאָקראַטישע עלעמענטן װי אַ דעמאַסקירנדיקער דאָקומענט קעגן דער ניִדערטרעכטיקער נאַציאָנאַלער העצע-פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג.

מיט דער זעלבער קראַפט זײַט איר אַרױסגעטראָטן קעגן דער „אײגענער" נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע. מיט דער האַנט פון אַ געניטן מײַסטער האָט איר אָנגעמאָלט די פּאָרטרעטן פון ייִדישע געלט-זעק, סײַ פון די „פּאַטריאַרכאַלע", אַזױ אױך פון די סאַמע „מאָדערנסטע".

פאַר די ערשטע פינף יאָר נאָך אײַער אומקערן זיך קײן רוסלאַנד זײַנען דערשינען „פּראָװאָזשיטעלסטװאָ", „באַקאַנטע פּאַרשױנען", „געלעכטער און טרערן", „אַ ברײטער שמײכל", „הומאָרעסקעס און דערצײלונגען" — ביכער, װעלכע האָבן פּאָפּולער געמאַכט אײַער נאָמען. נאָך דער אָקטיאַבער-רעװאָלוציע האָט איר זיך אַנטפּלעקט אַלס אַן ענערגישער פּובליציסט און געזעלשאַפטלעכער טוער. אַקטיװ און פרוכטבאַר האָט איר זיך אױך געמיט אין די יאָרן פון דער גרױסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע.



פון די װערק, װאָס איר האָט אָנגעשריבן אין סאָװעטישן פּעריאָד, פאַרנעמען אַ באַזונדער אָרט דאָס בוך „אַרבעט און נױט", די פאַרצײכענונגען װעגן פּראָדוקטיװיזאַציע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין סאָװעטנפאַרבאַנד, װי אױך די דערצײלונגען װעגן קינדהײט און יוגנט, װאָס זײַנען אײַנגעשלאָסן אינעם באַנד „אױפן שװעל פון לעבן".

איצט, װען מיר מערקן אָפּ אײַער 85-טן געבורטסטאָג, זײַנען מיר גליקלעך אונטערצושטרײַכן, אַז איר געפינט זיך צװישן די אַקטיװע בױער פון דער סאָװעטישער ייִדישער ליטעראַטור. פון טיפן האַרצן װינטשן מיר אײַך, טײַערער פרײַנט, איר זאָלט פיל יאָרן זײַן געזונט און מיט אײַער קונסט פאַרשאַפן פרײד די סאָװעטישע לײענער, װאָס שעצן אײַך און האָבן אײַך ליב.

רעדקאָלעגיע און מיטאַרבעטער
פון „סאָװעטיש הײמלאַנד".

ז. ווענדראָף

# הערי ווינסטאָנס קאַריערע

1

דער נאָמען פֿון דער גאַס — אָרטשאַרד-סטריט* האָט געקלונגען, ווי א שפּאָט, ווי א בייזע איראָניע: ווייניקער פֿון אַלץ האָט אָרטשאַרד-סטריט דערמאָנט א פּרוכט-גאָרטן אין ווײַס-ראָזעווע פּרילינג-בלי, און געשמעקט האָט די גאַס אויך ניט מיט פּרי-האַרבסטיקע זיסע רייכעס פֿון א סאָד, באַלאָדן מיט צײַטיקע פּרוכט. די גאַס מיט דעם שיין-קלינגענדיקן נאָמען, וואָס רופֿט ארויס אַסאָציאַציעס וועגן גרינע ביימער, פֿרישער לופֿט, קילע שאָטנס און קוויקנדיקע אַראָמאַטן, האָט „געבליט" מיט מיסט-קאַנען לענגאויס די טראָטואַרן און „געדופֿטעט" מיט יענעם ניט אויסראָטבאַרן ספּעציפֿישן רייעך, וואָס איז אייגנטימלעך פֿאַר די קוואַרטאַלן פֿון דער אָרעמקײַט אין אַלע גרויסע שטעט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. קורץ, אָרטשאַרד-סטריט איז געווען א געוויינלעכע גאַס פֿון „סלאַמס" — פֿון האַלב-כאָרעווע הײַזער, וועלכע זײַנען פֿאַראַן ניט ווייניק אין דער „גרעסטער און רײַכסטער שטאָט פֿון דער וועלט".

אָבער געפֿינען א פֿרײַע דירע אין די סלאַמס פֿון אָרטשאַרד-סטריט איז געווען א סאַך שווערער, ווי אין די פּאַלאַצאַרטיקע רײַכע הײַזער אַף פּאַרק-עוועניו אָדער אַף ריווערסייד-דרייוו — די קוואַרטאַלן פֿון די אויסדערוויילטע „אייבערשטע צען טויזנט".

די האַלב-כאָרעווע הײַזער מיט די פֿינצטערע שמוציקע טרעפּ, דורכגעדרונגענע מיט רייכעס פֿון קיך-אָפּפֿאַל און נאַס וועש, זײַנען פֿון די קעלערס ביז די בוידעמער, ווי א מילגרוים מיט קערנדלעך, אָנגעפּיקעוועט געווען מיט אײַנוווינער פֿון „צווייטן סאָרט": מיט נידעריק-באַצאָלטע אַרבעטער, מיט אַרבעטלאָזע און האַלב-אַרבעטלאָזע, מיט „ווײַס-קאָלנערדיקע שקלאַפֿן" — קליינע באַאַמטע מיט גרויסע פֿאַמיליעס, מיט קלערקן, מיט יאָרנלאַנג אַרבעטלאָזע לערער, מוזיקאַנטן, אַקטיאָרן, זשורנאַליסטן, וואָס האָבן שטופּנווײַז אַראָפּגעגלידערט צו די סלאַמס פֿון אָרטשאַרד-סטריט, און מיט טונקעלע פֿאַרשוינען, וואָס נאָר זיי אַליין איז באַוווּסט דער קוואַל פֿון זייער פּאַרנאָסע.

אָרטשאַרד-סטריט האָט אויך פֿאַרמאָגט אירע „אייבערשטע צען טויזנט", וועלכע האָבן פֿאַרנומען דירעס שוין ניט אין סלאַמס, נאָר אין „טענעמענטס", — סטאַנדאַרטע הײַזער, ווי קאַזאַרמעס, מיט א סאַך קליינע דירעס און מיט זייער ווייניק באַקוועמלעכקײַטן.

א טייל פֿון דעם דאָזיקן אייבערשטן שיכט וואָלט אפֿילע געקאָנט זיך פֿאַרגינען איבערצוקלײַבן זיך אין בעסערע דירעס, נאָר געוווינהײַט און, דעריקער, די מוירע פֿאַרן מאָרגעדיקן טאָג האָט זיי געהאַלטן צוגעשמידט צו די אַלט-געזעסענע ערטער: טאָמער בלײַבט מען מאָרגן אָן אַרבעט, מיט וואָס וועט מען צאָלן פֿאַר דער בעסערער דירע? עמעס, דאַן וועט אויך ניט זײַן, מיט וואָס צו באַצאָלן פֿאַר דער שלעכטער דירע אַף אָרטשאַרד-סטריט. נאָר דאָ וועט, אין פֿאַל פֿון נויט, דער לענדלאָרד — דער הויז-אייגנטימער — עפּשער ניט ארויסוואַרפֿן אַף דער גאַס אָן אַלטגעזעסענעם שאָכן, אויב מע וועט זײַן שולדיק פֿאַר א פּאָר וואָכן דירעגעלט. — א שיינע טרייסט, אָבער א גרונטלאָזע...

איינע פֿון אַזעלכע ווילהאָבנדיקע פֿאַמיליעס אַף אָרטשאַרד-סטריט איז געווען די מישפּאָכע ווינסטאָן.

קיינער האָט ניט געדענקט, אַז דייוו ווינסטאָן זאָל ווען-עס-איז זײַן אָן אַרבעט. אפֿילע אין די ערגסטע צײַטן האָט ער געאַרבעט ניט ווייניקער, ווי דרײַ-פֿיר טעג אין דער וואָך.

אָרטשאַרד-סטריט איז מעקאַנע געווען די ווינסטאָנס. אין די „ווײַבערשע קלובן", אַף די סטופּש — די טרעפּ פֿאַרן הויז, דאָס באַליבטסטע אָרט, וווּהין ווײַבער גייען ארויס אין זומערדיקע אָוונטן כאַפּן א ביסל „פֿרישע לופֿט", — אָדער אַפֿן „רוף" — אַפֿן פֿלאַכן דאַך, וווּ די אײַנוווינער פֿון די סלאַמס ראַטעווען זיך אין שטיקנדיקע זומערדיקע נעכט פֿון היץ און וואַנצן אין זייערע ענגע דירעלעך, — האָבן

* אָרטשאַרד — פּרוכט-גאָרטן.

שכיינעס מיט גוטוויליקער קינע אָפּט ארומגערעדט די ווינסטאָנס.

— א גליקלעכע פרוי, די מיסיס ווינסטאָן: א קלייניקייט, א מאַן, וואָס ווייסט ניט, וואָס הייסט א וואָך אָן ארבעט!

— גייט ארײַן צו פּעני ווינסטאָן אין שטוב, וועט איר גלייבן, אז איר זײַט ערגעץ אין א פּלעט* אף בראָדוויי: פּײַן מעבל, טעפּעכער, א פּאטעפאָן, וויגשטולן, און אײַז-אלמער.

— אלץ גענומען אף וועכנטלעכע אויסצאָלונגען, — שטעלט ארײַן א ניטפארגינערקע.

— גוט, אז מע ארבעט סטעדי** און ס'איז פאראן מיט וואָס צו צאָלן...

מיסיס ווינסטאָן האָט געהאט איר אייגענע מיינונג וועגן איר „גליק". זי האָט זיך ניט וואָס צו קלאָגן, איר דייוו איז א גוטער מאַן און א גוטער פּאָטער צו זײַן קינד: ברענגט איר אין שטוב ארײַן ביז דעם לעצטן סענט. אפילע אף א פּעקל סיגארעטן נעמט ער דערנאָך בא איר. נאָר ווען אף אויסהאלטן א פּאמיליע פון פיר דארף מען בא איצטיקן יאקרעס האָבן, שוין גאָר קארג, זעכציק דאָלער א וואָך, און ברענגען ברענגט איר מאַן פופציק דאָלער, און אָפּט נאָך וויניקער, דארט דיר, כלעבן, גוט דער מויעד, ווּיאזוי ווי-ניט-איז אויסצוקומען.

— וואָס מיינט איר, טײַערינקע, פון ראכוועס, צי פון פארגעניגן וועגן האלט איך לאָדזשערס***?

מיסיס ווינסטאָן האָט ניט געזאָגט דעם גאנצן עמעס: די זעקס דאָלער א וואָך, וואָס זי באקומט פון איר „לאָדזשער", האָט זי ניט צוגעלייגט צום מאנס פארדינסטן, קעדיי „ווי-ניט-איז אויסצוקומען". דאָס איז אומבארירבארער קאפּיטאל, וועלכן זי „סייפט" — שפּאָרט אָפּ, צו העלפן איר הערי „מאכן א קאריערע".

דער צוועלפיאָריקער הערי איז געווען די פרייד און די האָפענונג פון זײַנע עלטערן, דעריקער — פון זײַן מוטער.

הערי איז געבוירן געוואָרן און געוואקסן אף אָרטשארד-סטריט. דורך די פענצטער פון דעם דריטן שטאָק פונעם טענעמענט-הויז האָט ער געקאָנט זען בלויז די סלאמס מיט די פארשיידנפארביקע שילדן פון געוועלבלעך, ווארשטאטן, וועשערײַען, ביליקע רעסטאָראנדלעך, וואָס האָבן, ווי נײַע לאטעס אף אן אלטן מאלבעש, באפלאסטערט די שמוציק-גרויע ווענט פון די הײַזער. ער האָט געקאָנט זען די מיסט-קאנען באם ראנד פון קעגניבערדיקן טראָטואר; גאסן-הענדלער מיט פארלעגענע פּראָדוקטן, אויסגעלייגטע אף האנט-וועגעלעך; אָפּגעצערטע, האלב-ארומגעריסענע טומלענדיקע, קינדער, וואָס שפּילן זיך אינמיטן גאס. יעדע דרײַ מינוט האָט זיך נאָענט, פארבײַ ווינסטאָנס פענצטער, מיט ליאזג און טראסק אדורכגעטראָגן א צוג פון דעם „עלעווייטער" — פון דער שטאָטישער עסטאקאדן-באן — און האָט אף א רעגע אויסגעשלאָסן פון העריס בליק די אָפּגעשארפּעטע ווענט, די מיסט-קאנען, די גאסן-הענדלער און גופע די שײַן פון טאָג.

און ס'איז געווען א רעטעניש: ווי קומט עס, אז אן אייניקל פון דעם האָמלער שנײַדער לייזער ווײַנשטיין, וועמען דאכקעס, רעכטלאָזיקײַט און יידישע פּאָגראָמען האָבן מיט העכער פופציק יאָר צוריק פארוואָרפן קיין אמעריקע, און א זון פון א „געבוירענעם פּראָלעטאריער", ווי דייוו ווינסטאָן האָט זיך זעלבסט טיטולירט, א קינד פון אָרטשארד-סטריט-סלאמס, זאָל פון קליינווײַז אָן צייכענען און מאָלן דאפּקע מאָנומענטאלע וואָלקן-קראצערס, פּרעכטיקע פּאלאצן, הענגענדיקע בריקן, גראנדיעזע ארקעס, שפּרודלדיקע פאָנטאנען — אזוינע זאכן, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזען, סײַדן עפּשער אין קינאָ אָדער אין אילוסטרירטע זשורנאלן. ס'איז געווען א רעטעניש: ווי קומט עס צו דעם געזעצטן, ברייטפּלייציקן, ברייטפּאָנעמדיקן, קנאפּ-רירעוודיקן דייוו ווינסטאָן א יינגל פון אזא איידעלן, מע קאָן זאָגן, אריסטאָקראטישן אויסזען — א שלאנקער, מיט א צארט געזיכט, מיט ברוינע, עטוואָס זיך זשמורענדיקע, ווי שמענדיק צו עפּעס זיך צוקוקנדיקע, אויגן?

— ווי צוויי טראָפּן וואסער, די מאמע, — האָבן שכיינעס געזאָגט.

נאָר אין דעם אָפּגעצערטן מידן פּאָנעם פון מיסיס ווינסטאָן איז שווער געווען צו געפינען שפּורן פון אמאָליקער צארטקײַט און שיינקײַט.

הערי איז געווען דאָס וואונדערקינד פון אָרטשארד-סטריט.

ווען מיסיס ווינסטאָן פלעגט מיט קלוימערשטיקער גרינגשעצונג באווײַזן פאר שכיינעס, „מיט וואָס א קינד קאָן זיך פארנעמען", האָט דער ווײַבערשער „קלוב" אין איין קאָל באשלאָסן, אז דאָס וואקסט א גרויסער מאָלער אָדער א בארימטער ארכיטעקטאָר.

— מירן נאָך אמאָל האָבן אונדזער אייגענעם פרענק לאָיד* בא אונדז אף אָרטשארד-סטריט, — האָבן פרײַנטלעכע שכיינעס נעוויִעס געזאָגט.

— האָט קיין זאָרג ניט, אז הערי וועט ווערן בארימט און רײַך, וועט איר אים אף אָרטשארד-סטריט ניט זען. די פרענק לאָידס וווינען אף ריווערסייד-דרייוו אָדער אף דער פינפטער עוועניו...

— ווּ ער זאָל ניט וווינען, איז אזא קינד אן אויצער פאר זײַנע עלטערן.

— איר וועט זען, מיסיס ווינסטאָן, אז הערי וועט נאָך אמאָל אײַער גאנצע פאמיליע גליקלעך מאכן, — האָט אָרטשארד-סטריט נעוויִעס געזאָגט.

מיסיס ווינסטאָנס הארץ האָט זיך געברייטערט פון נאכעס און פון שטאָלץ, מיט איר

---

* — א באזונדערע דירע; ** — שטענדיק, אָן איבערײַס; *** — קוואַרטיראנטן.

* פרענק לאָיד רייט — בארימטער אמעריקאנער ארכיטעקטאָר, שעפער פון א נײַעם סטיל אין דער אמעריקאנער ארכיטעקטור.

טאלאנטפול קינד. איר האָט זיך אזוי געוואָלט גלייבן, אז „ער וועט נאָך אמאָל גליקלעך מאכן די גאנצע פאמיליע“, נאָר געזאָגט האָט זי פונדעסטוועגן:

— בא פארמעגלעכע עלטערן וואָלט פון אזא יינגל מיט דער צייט עפשער טאקע אויסגעוואקסן א גרויסער ארכיטעקטאָר אָדער א באַרימטער מאָלער, אָבער וואָס קאָנען אזעלכע, ווי מיר, טאָן פאר אים? ניט נאָר שיקן אים אין א מאָלער-שול, צי אין אן ארכיטעקטור-קאָלעדזש, דינגען פאר אים לערער, צי גאָר שיקן אים קיין יוראָפּ, ווי עס טוען רייכע לייט, — עטלעכע סענט אף וואטמאן-פאפיר און אף א פּאָר טיובּיקעס פארב איז מיר שווער אָפּצורייסן פאר אים.

— נישקאָשע, א טאלאנט וועט זיך שטענדיק דורכשלאָגן א וועג, — האָבן שכיינעס זי געמוטיקט.

מיסיס ווינסטאָן האָט שווער אָפּגעזיפצט.

— אוי, טייערינקע, ווייניק טאלאנטן גייען פארלאָרן צווישן אונדזערע האָרעפּאשנע מענטשן?

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, מיסיס ווינסטאָן, — האָט מיסיס מאקפערסאָן, די ווינסטאָנס טיר-צו-טיר-שכיינע, איינמאָל, ביים א שמועס וועגן הערין, א זאָג געטאָן, — אָט נעמט צונויף אייער הערים מאָלערייען און באווייזט אונדזער פּראָפעסאָר מיסטער אָ׳קייזי. ער וועט אייך שוין זאָגן, צי איז אין אייער באָיטשיק עפּעס פאראן, אָדער איר זאָלט זיך ארויסשלאָגן פון קאָפּ דעם געדאנק צו מאכן פון אים א צווייטן פרענק לאָיד.

מיסיס מאקפערסאָן, א שווערלייביקע עלטערע פרוי, וואָס האָט נאָך פערציק יאָר לעבן אין אמעריקע פארהיט איר שאָטלענדישן דיאלעקט מיט די שארפע „ריישן“ און איר שאָטלענדישע געמיטלעכקייט, איז געווען דער פון קיינעם ניט דערוויילטער, נאָר פון אלעמען אנערקענטער פּרעזידענט פון דעם „ווייבערשן קלוב“ אינעם טענעמענט-הויז אף אָרטשארד-סטריט נומ. 114.

צו מיסיס מאקפערסאָן זיינען ווייבער געקומען אויסריידן זייער שווער הארץ, אָן אייצע האלטן זיך וועגן פאמיליע-איניאָנים, באראטן זיך וועגן א קינד, וואָס לאָזט זיך ניט דערציִען. און דעריבער, ווען מיסיס מאקפערסאָן האָט געזאָגט „ווייזט הערים מאָלערייען דעם פּראָפעסאָר אָ׳קייזי“, האָט זיך עס פעני ווינסטאָן גלייך געלייגט אפן סייכל. עס האָט זי בלויז געוווּנדערט, פארוואָס זי האָט אליין ניט דערטראכט זיך צו אזא פּאָשעטן געדאנק.

מיסטער אָ׳קייזי, א געוועזענער לערער אין אן ארכיטעקטור-קאָלעדזש, האָט אראָפּגענידערט צו אָרטשארד-סטריט איבער זיין טעווע צו פּראָטעסטירן. מיסטער דאָנאלד אָ׳קייזיס אונטערשריפט איז שטענדיק געווען צווישן די ערשטע אונטער א פּראָטעסט קעגן נעגער-לינטשונג צי קעגן דיסקרימינאציע פון „פארביקע“ און פרעמד-געבוירענע. קורץ גערעדט, — אונטער יעדן גערעכטיקן פּראָטעסט, אונטער יעדן פּראָגרעסיוון אפּעל.

דער דירעקטאָר פון דעם ארכיטעקטור-קאָלעדזש האָט ניט איין מאָל אופמערקזאם געמאכט אָ׳קייזין, אז אן אונטערשריפט פון א מיטגליד פונעם פּעדאגאָגישן קאָלעקטיוו אין איין שורע מיט די אונטערשריפטן פון אנארכיסטן, קאָמוניסטן, סאָציאליסטן, פון אלערליי צעדרייטע מויכעס און ניט געוווּנטשענע עלעמענטן, קאָמפּראָמעטירט דעם גוטן נאָמען פון איינעם פון די סאמע רעספּעקטאבלסטע לערן-אנשטאלטן אין לאנד.

מיסטער אָ׳קייזי פלעגט דערוף ענטפערן, אז זיין געוויסן איז זיין געוויסן, ניט קיינעמס, און אז ער קלייבט זיך ניט אָפּצוזאָגן פון זיינע איבערצייגונגען.

דאן האָט מען אים געוואָרנט, אז זיין אונטערשריפט אונטער נאָך איין „רויטן“ דאָקומענט וועט באטראכט ווערן, ווי אן אונטערשריפט אונטער זיין רעזיגנאציע פון לערער-פּאָסטן אין קאָלעדזש.

און אזוי איז געשען.

פון דאן אָן זיינען די טירן פון אלע לערן-אנשטאלטן אין לאנד געשלאָסן געוואָרן פאר אים.

געשפּייזט האָט זיך מיסטער אָ׳קייזי דערפון, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט באקומען ארבעט אין בויקאָנטאָרן: קאָנטראָלירט און קאָרעגירט בויפּלענער.

די פארדינסטן האָבן קוים געקלעקט אף א באשיידענער עקזיסטענץ אין א טענעמענט-הויז אף אָרטשארד-סטריט.

ס׳האָט ניט לאנג געדויערט, ווי אָרטשארד-סטריט האָט באערט מיסטער אָ׳קייזין מיטן טיטל פּראָפעסאָר.

אָרטשארד-סטריטס טוישווים האָבן זיך געפילט שטאָלצער, וואָס זיי האָבן אן אייגענעם פּראָפעסאָר אף זייער גאס.

הויך, מאָגער, א שטרענג פּאָנעם מיט צוויי טיפע קנייטשן פון ביידע זייטן מויל, געדיכטע האלב-גראָווע האָר און טיף-איינגעזונקענע גרויע אויגן אונטער אראָפּהענגענדיקע געדיכטע ברעמען, — איז מיסטער אָ׳קייזי טאקע מער ענלעך געווען אף א פּראָפעסאָר אָדער אף א שטרענגן ריכטער, ווי אף אן איינפאכן לערער.

גלייך און שטאָלץ האָט מיסטער אָ׳קייזי געשפּרייזט איבער דער גאס, באגלייטנדיק יעדן טראָט מיט א קלאַפּ פון זיין שטעקן אין טראָטואר, ווי ער וואָלט דערמיט געזאָגט: איך האָב פּראָטעסטירט, איך פּראָטעסטיר און וועל פּראָטעסטירן, אלציינס, צי עס געפעלט וועמען אָדער עס געפעלט ניט...

מיסיס ווינסטאָן איז געווען אין א פארלעגנהייט: ווי וועט זי גיין מיט אירע איניאָנים צום פּראָפעסאָר — זי קען דאָך אים אפילע ניט. און זי ווייסט ניט, ווי מע רעדט מיט א פּראָפעסאָר.

— נארישקייטן! — האָט מיסיס מאקפערסאָן זיך א בייזער געטאָן. — אָט ווי איר רעדט

מיט מיר, אַזוי רעדט מיטן פּראָפֿעסאָר. אַ פּאַשעטער מענטש ביז גאָר, אײנגער פֿון אונדזעריקע, כאָטש אַ פּראָפֿעסאָר. אויב עס ציטערן בײַ אײַך אַזוי די קני, טאָ זאָל אײַער דייוו צו אים אַרײַנגיין.

אָבער דייוו האָט וועגן דעם אַפֿילו ניט געוואָלט הערן.

— איך קען דעם פּראָפֿעסאָר, ווי דו, לעמאָשל. ער מיך — נאָך ווייניקער. איז וואָס וועל איך גיין דולן אַ פֿרעמדן מענטשן דעם קאָפּ מיט זאַכן, וואָס קערן זיך צו אים ניט אָן? מאָלע, וואָס קינדער שמירן אַלץ אָן, וועט יעדערער עס טראָגן צום פּראָפֿעסאָר?

מיסיס ווינסטאָן האָט זיך ניט באַרויִקט.

— ביסט אַ טאַטע צי ניט קיין טאַטע? עס האַנדלט זיך וועגן אַ קאַריערע פֿאַרן קינד, וועגן אונדזער אַלעמענס גליק!..

דייוון האָבן דערעסן די נאָגענישן, און ער האָט נאָכגעגעבן:

— גוט. כ'וועל ווײַזן דעם פּראָפֿעסאָר דעם באָיס שמירערײַען, און טשעפּע זיך אָפּ פֿון מיר.

און אין אײנעם אַ זונטיקדיקן פֿרימאָרגן האָט ער גענומען הערים אַלבאָמען און איז אַוועק צום פּראָפֿעסאָר.

די טיר האָט אים געעפֿנט אַליין מיסטער אָ'קייזי. ער איז געווען אָן אַ רעקל. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בלײַפֿעדער, אַ צווייטער בלײַפֿעדער האָט געשטעקט הינטער זײַן אויער.

צום שײַבעדיקן טיש איז צוגעפּעסטיקט געווען אַ בויגן וואַטמאַן-פּאַפּיר מיט אַ צייכענונג. דייוו האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט געשטערט דעם פּראָפֿעסאָר אין זײַן אַרבעט. ער איז געבליבן שטיין בײַ דער טיר.

— קומט אַרײַן, קומט אַרײַן, שאָכן! — האָט דער פּראָפֿעסאָר אים אײַנגעלאַדן, — זעצט זיך!

נאָר זעצן זיך איז געווען ניט אַזוי גרינג: אַלע שטולן, די קאַנאַפּע, דאָס בעט זײַנען פֿאַרוואַלגערט געווען מיט רולאָנען פּאַפּיר, מיט צונויפֿגעוויקלטע און פֿאַנאַנדערגעוויקלטע צייכענונגען, מיט אַלבאָמען, ביכער, שאַכטלעך מיט טיובּיקעס פֿאַרב, מיט ווירעס, טריאַנגוליאַטאָרס, רייסשינעס, צירקולס, רייספֿעדערס. צווישן אָט די אַלע אַטריבוטן פֿון דער פּראָפֿעסיע האָט זיך דאָ און דאָרט געוואַלגערט אַ שמוציק נאָזטיכל, אַ צעקנייטשטער קראַגן, אַ פּאָר שקאַרפּעטן. אויף אַלץ איז געלעגן אַ היפּשער שיכט שטויב. ס'איז ניט שווער געווען צו זען, אַז אַ פֿרויען-האַנט באַרירט זעלטן די אײנזאַמע נעסט פֿון דעם אײנזאַמען אַלטן מאַן.

באַמערקט דייווס זוכנדיקן בליק, האָט מיסטער אָ'קייזי אַ שאַר אַראָפּ געגעבן פֿונעם נאָענטסטן שטול גלײַך אויפֿן דיל אַלץ, וואָס ס'איז אויף אים געלעגן, און אַ זאָג געטאָן:

— איצט זעצט זיך און זאָגט, וואָס איך קאָן טאָן פֿאַר אײַך.

— איך וועט מיך אַנטשולדיקן, פּראָפֿעסאָר...

— אָ, נאָר אָן טיטלען, — האָט אָ'קייזי אים איבערגעשלאָגן, — מיסטער אָ'קייזי וועט גאַנץ גענוג זײַן.

— איך בעט קיין פֿאַריבל ניט האָבן, מיסטער אָ'קייזי, איך האָב ניט געוואָלט אײַך באַאומרויִקן... נאָר מײַן מיסיס איז צו מיר צוגעשטאַנען... אונדזער באָי מאָלט אָפּ אַלץ, וואָס ער זעט און וואָס ער זעט ניט... נו, איז אָט... מיסיס ווינסטאָן איז צו מיר צוגעשטאַנען: ווײַז און ווײַז דעם פּראָפֿעסאָר... מיסטער אָ'קייזין, מיין איך, זאָל ער זאָגן, צי וועט פֿון דעם באָי עפּעס אַרויסקומען... צי האָט ער טאַלאַנט... איז אָט...

— אַלע קינדער מאָלן, — האָט מיסטער אָ'קייזי אַ בורטשע געטאָן. נאָר גלײַך נאָכדעם האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צו די העפֿטן.

— ווײַזט נאָר, לאָמיר זען, וואָס ער האָט דאָרטן אָנגעמאַליעוועט, אײַער באָי.

מיסטער אָ'קייזי האָט געבלעטערט אײן העפֿט נאָך דעם צווייטן, אויפֿמערקזאַם באַטראַכט די קינדערשע צייכענונגען, אַרויסלאָזנדיק פֿון צײַט צו צײַט קיין זאַך ניט זאָגנדיקע קלאַנגען: „הם... הם!..“

ענדלעך האָט ער אָפּגעלייגט די העפֿטלעך אָן אַ זײַט:

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, מיסטער ווינסטאָן... ווי איך האָב שוין באַמערקט: אַלע קינדער מאָלן... אײַער באָי — הערי, האָט איר געזאָגט, רופֿט מען אים... אײַער הערים מאָלערײַען זײַנען דערווײַל אויך ניט מער, ווי קינדערשע מאָלערײַען. נאָר דער באָי האָט אין זיך, ווי מיר שײַנט, גוטע אָנגאַבן, מעגלעך, טאַלאַנט. דאָס וועט די צײַט באַווײַזן. אָבער, אַז אַן עמבריאָן פֿון אַ טאַלאַנט זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ טאַלאַנט, פֿאָדערט זיך אַ סאַך לערע און אַ סאַך מי, דעריקער — מי. די אײנפֿאַכסטע אייצע, וואָס איך וואָלט אײַך געקאָנט געבן, איז: איר זאָלט פֿאַר אים דינגען גוטע לערער, וואָס זאָלן אים צוגרייטן, ווי געהעריק, אין אַ קונסטשול. ווען ער וועט ענדיקן די קונסט-שול, אַרײַנגעבן אים אין קאָלעדזש, אין אַ קונסט-אַקאַדעמיע אָדער אין אַן אַרכיטעקטור-אינסטיטוט, וווּהין זײַן נייגונג וועט באַווײַזן, דערנאָך שיקן אים אויף אַ פּאָר יאָר קיין יוראָפּ — איטאַליע, פֿראַנקרײַך, גריכנלאַנד... אָבער מיט אַזאַ גוטער אייצע וואָלט איך ענלעך געווען אויף יענעם דאָקטער, וואָס פֿאַראָרדנט אַ שווינדזיכטיקן אַרבעטלאָזן, ער זאָל זיך ניט אָנשטרענגען בײַם דער אַרבעט, אָוועקפֿאָרן קיין דענווער, וואָס מער פֿאַרברענגען אויף דער פֿרישער לופֿט, וואָס בעסער דערנערן זיך און אויסמײַדן יעדע זאָרג און אויפֿרעגונג... ס'איז נאַריש, אָדער ציניש, אָדער ביידע זאַכן צוזאַמען. איך ווייס, אַז מײַן אָנגעמערקטע פּראָגראַם איז ניט פֿאַר אַן אַרבעטער, אַפֿילו ווען ער האָט שטענדיקע אַרבעט. איז אָט וואָס: איר שיקט מיר אַהער דאָס ייִנגל, איך וועל זיך מיט אים באַקאַנען, און אויב איך וועל זיך איבערצײַגן, אַז דאָס איז בײַ אים ווירקלעך אַ נייגונג, אַ לײַדנשאַפֿט, ניט קיין פֿאַרבײַגייענדיקע קינדערשע פֿאַרווײַלונג, וואָס פֿאַרשווינדט

צוזאמען מיט דער קינדהייט, וועל איך אים העלפן מיט וואָס איך קאָן. און ווייטער וועלן מיר זען. אויב עס וועט זיך בא אים ווירקלעך אנטוויקלען א טאלאנט, וועט אונדז, עפשער, געלינגען צו פּויעלן פאר אים א סטיפּענדיע אין אן ארכיטעקטור-קאָלעדזש. די צייט וועט ווייזן. נו, און איצט מוז איך ארבעטן, א דרינגענדיקע באשטעלונג...

* * *

דער פּלייס, וואָס הערי האָט ארויסגעוויזן, האָט געפרייט מיסטער אָ'קייזין, און די דערפאָלגן פון דעם יאָר, וואָס ער באשעפטיקט זיך מיטן יונגל, האָבן אים אָנגענעם איבערראשט.

— דער באָי באזיצט אן אײַנגעבוירענעם טאלאנט צו ארכיטעקטור, — האָט מיסטער אָ'קייזי געזאָגט דער מיסים ווינסטאָן, — אלץ, וואָס עס פאָדערט זיך פון אים, איז ארבעט, ארבעט און ארבעט.

מיסים ווינסטאָן איז געווען די גליקלעכסטע מוטער אין דער וועלט. דער פּראָפעסאָר אליין זאָגט, אז הערי באזיצט טאלאנט! זי האָט שוין געזען איר יונגל — א בארימטן ארכיטעקטאָר, א צווייטן פרענק לאָיד...

און פּלוצעם איז איר הערים וועג צו רום און רײַכקייט איבערגעריסן געוואָרן. ס'איז געשען דאָס, וואָס האָט די לעצטע צײַט אלעמען אזוי נעשראָקן: דייוו איז געבליבן אָן ארבעט. דאָס ערשטע מאָל פאר א סאך יאָרן — אינגאנצן אָן ארבעט.

## 2

איינמאָל אין א שאבעס-פארנאכט איז דייוו געקומען אהיים, ווי שטענדיק אָפּגעגעבן דעם ווײַב זײַן וועכנטלעכן ארבעטלוין און מיט קלוימערשטער זארגלאָזיקייט א זאָג געטאָן:

— נו, פעני, אָפּגעארבעט זיך...

דאָס געלט איז ארויסגעפאלן פון פעניס הענט. זי האָט זיך מאכטלאָז אראָפּגעלאָזט אפן שטול, מיט בלאס געוואָרענע ליפּן שטיל געזאָגט:

— ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט... אזא קריזיס... א סאך אנדערע הײַנט געסעקט*?

— פרעג ניט... עס הייבט זיך ערשט אָן.

— וואָס וועלן מיר איצט טאָן, דייוו?

— נו, נו, פעני, זײַ ניט אזוי געפאלן! האָב קיין מוירע ניט, כ'וועל ליידיק ניט אומגיין.

פעניס הענט האָבן לײַכט געציטערט. איר גאנץ אויסזען האָט אויסגעדריקט פארלאָרנקייט.

— אזויפיל ארבעטלאָזע, דייוו... — האָט זי ווי צו זיך אליין געמורמלט. — וואָס וועט מיט אונדז זײַן, דייוו? וואָס וועט זײַן מיט אונדזער הערי?

דייוו האָט ווײליעריש א קלאַפּ געטאָן דעם ווײַב איבערן אקסל:

— ניט געזאָרגט, פעני! מירן ניט פארפאלן ווערן! אף א וואָך הויצאָע האָסטו? איז גרייט

* — אָפּגעזאָגט פון ארבעט.

דערווײַל צום טיש. פאראן הענט, וועט זיך געפינען פאר זיי ארבעט. מירן פון הונגער ניט שטארבן.

דייווס איבערגעטריבענע האָפערדיקייט האָט פעני ניט בארויִקט.

— אזא יאקרעס... און אזויפיל דרינגענדיקע וועכנטלעכע צאָלונגען. רענט*, פאר דעם פוירניטשור**, פאר הערים וועלאָסיפּעד...

אָרטשארד-סטריט איז, ווי דייוו אליין, זיכער געווען, אז ער וועט זיך לאנג ליידיק ניט ארומדרייען:

— א מענטש מיט גאָלדענע הענט: א פרעזער, אן אינסטרומענטאליסט, א טאָקער. וואָס איר ווילט פאר אן ארבעט קען דייוו טאָן, ניט איינס, איז דאָס אנדערע. דייוו איז קיינמאָל ניט געווען אָן ארבעט און וועט איצט אויך לאנג ליידיק ניט אומגיין.

— וואָס איז פאראן וואָס צו ריידן — א דזשעק אף אָל טריידס***... אזעלכע, ווי ער, גייען לאנג ניט אום ליידיק.

אָבער עס זײַנען אוועק וואָכן און כאָדאָשים, און דייוו איז אלץ אומגעגאנגען אָן ארבעט.

דייוו איז גרייט געווען צו טאָן יעדע ארבעט, פאר יעדן לוין, אָבער קיין ארבעט פאר אים האָט זיך ניט געפונען.

ווינסטאָנס געמיטלעך דירעלע איז האלב אויסגעליידיקט געוואָרן. פריִער האָט מען ארויסגעפירט דאָס נאָך ניט אויסגעצאָלטע מעבל, דערנאָך, איינס נאָך ס'אנדערע, די נײַ-מאשין, די טעפּעכער, דעם וועלאָסיפּעד — אלץ זאכן, וואָס אגענטן פון פארשיידענע פירמעס האָבן פריִער, ווען דייוו האָט געארבעט „סטעדי“, קימאט מיט גוואלד אָנגעבונדן מיסים ווינסטאָן, דערווײַזנדיק איר מיט אלע קויכעס, אז ס'איז א זינד פאר גאָט און פאר זיך אליין ניט פארשאפן זיך אזעלכע נייטיקע זאכן, „ווען איר קאָנט עס האָבן פאר שפּאָט-ביליק און אף לײַכטע וועכנטלעכע אויסצאָלונגען, וואָס איר וועט זיי גאָרניט פילן“...

מיט יעדער אוועקגענומענער זאך איז אוועקגענומען געוואָרן א שטיק פון מיסים ווינסטאָנס הארץ. אזויפיל מי אוועקגעלייגט, פון אזויפיל זאכן זיך אָפּגעזאָגט — אָפטמאָל פון דעם סאמע נייטיקסטן — צוליב אופבויען פאר דער פאמיליע א „האָום“, א באקוועמע געמיטלעכע היים... און זי איז אזוי שטאָלץ געווען מיט איר „היים“! אלע זײַנען איר מעקאנע געווען... און פאר די אלע זאכן איז דאָך געווען קימאט ווי אויסגעצאָלט: פאר דעם מעבל — דרײַ פערטל פון דער פרײַז שוין באצאָלט, פארן וועלאָסיפּעד — דאָסגלײַכן, פאר דעם טעפּעך אין „פּארלאָר“**** אינגאנצן אכט דאָלער ניט דערצאָלט, פאר דער נײַ-מאשין — נאָך ווייניקער... אָבער וואָס איז די פּולע? איין דאָלער ניט דערצאָלט, איז די זאך נאָך אלץ ניט דײַנע! — זי

* — דירעגעלט; ** — מעבל; *** — א מענטש פון פּראָפעסיעס; **** — גאסטצימער.

געהערט דעם פּאַרקויפער, און ער נעמט זי אוועק...

נאָך מער, ווי פאַר דער צעשטערטער „נעסט“, האָט פּעני ווינסטאָנס האַרץ געבלוטיקט פאַר איר העריין, פאַר זײַן צוקינפטיקער „גלענצנדיקער קאַריערע“.

דער פּראָפעסאָר האָט ניט איין מאָל געזאָגט, אַז דער וועג פון הערים דערפאָלג ליגט דורך אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט, און הערי האָט געאַרבעט פלײַסיק, מע קאָן זאָגן — לײַדנשאַפטלעך. מע האָט אים מיט גוואַלד געדאַרפט אָפּרײַסן פון ציינכן-טיש, צווינגען אים גיין אַ ביסל אויף דער פרײַער לופט צי אין קינאָ, שפּילן מיט כאַווייִרים פוטבאָל. און איצט? שוין וואָכן און כאַדאָשים, אַז ער האָט קיין בלײַשטיפט אין האַנט ניט גענומען.

ווי און ווען זאָל דאָס ייִנגל אַרבעטן, אַז ווי נאָר ער קומט פון שול, מוז ער לויפן אין גאַס פאַרקויפן אָוונט-צײַטונגען, קעדיי כאָטש ווײפל-ניט-איז אַרײַנברענגען אין שטוב...

די הילף, וואָס דייוו באַקומט פון זײַן יוניאָן, איז ניט גענוג אָנצוזעטיקן די פאַמיליע, און אינגיכן ענדיקט זי זיך ביכלאַל אויף הײַנטיקס יאָר.

ווען הערי קומט שפּעט אין אָוונט אַהיים אַ מידער, אָפּט אַ דורכגענעצטער ביזן ביין, אַ הייזעריקער פון קעסיידערדיקן אויסשרײַען די סענסאַציעס פון טאָג, סטײַען אים שוין ניט קיין קויכעס ניט בלויז צו אַרבעטן, נאָר אַפילע צו עסן.

מיט בענקענדיקע בליקן קוקט דאָס ייִנגל אויפן ציינכן-ברעט: „כ'וועל אַ ווײַלע אָפּרוען און וועל דערנאָך אַרבעטן“... ער לייגט זיך צו אויף דער קאַנאַפּע און שלאָפט אײַן, ווי אַ דערהאַרגעטער.

די מוטער פירט אים אַ שלאָפנדיקן צום בעט, ציט פון אים אַראָפּ דאָס אָנטאָן, פאַרשטעקט אַרום אים די קאָלדרע, ווי זי פלעגט עס טאָן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קלייניקער. זי שטייט איבער אים, קוקט אויף זײַן אָפּגעצערט אויסגעבלייכט פּאָנעם, און איר האַרץ ווערט צעריסן פון ווייטעק און שמערץ פאַר איר קינד.

3

דייוו איז געזעסן אויף אַ באַנק אין ראָטנער סקווער, אַ קליין סעדל אין דער געגנט פון אָרטשאַרד-סטריט.

דער וועטער איז לאַכלוטן ניט געווען קיין פּאַסיקער צו זיצן אויף דער פרישער לופט. נידעריקע וואָלקנס זײַנען געהאַנגען איבער דער שטאָט. ס'האָט געטריפט אַ דריבנע אײַנגעשפּאַרט רעגנדל; פון איסט-ריווער* האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. נאָר גיין אַהיים האָט זיך דייוון ניט געוואָלט.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער אומזיסט געזוכט אַרבעט, וועלכע-ניט-איז אַרבעט.

ווידער קומען צו פּעניין מיט ליידיקע הענט...

דייוו דערקענט ניט זײַן פּעני: פריִער אַזאַ רויִקע, שטענדיק אַ געמיטלעכע און צאַרטע, גייט זי איצט שטענדיק אום אַ פאַרצאָרנטע, אַן אינערלעך-צערייצטע. אויף זײַנער אַ פראַגע ענטפערט זי מיט אַ האַלב מויל, ווי אומגערן.

זי קריגט זיך ניט מיט אים, מאַכט אים ניט קיין פאָרווורפן, זי שווײַגט... זי קוקט בלויז אויף אים. פירט איבער איר בליק פון אים אויף העריין און פון העריין אויף אים, ווי זי וואָלט געזאָגט: „זע, וואָס פונעם קינד איז געוואָרן“... פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען זײַן שולד.

וואָלט זי כאָטש אָנגעשריגן, אַפילע אָנגעשאָלטן, וואָלט עס, דוכט זיך, געווען גרינגער, איידער איר שווײַגן.

אויפן צווייטן עק באַנק האָט זיך געוואַלגערט אַ נאָכמיטיק-צײַטונג, וואָס עמעצער האָט אַוועקגעוואָרפן. דייוו האָט גענומען די צײַטונג און אָן איבעריקן אינטערעס געלייענט די קעפּלעך פון די טאָג-נײַעס. „נאָך פינף טויזנט אַרבעטער פאַר נעשיאָנעל עלעקטריק סאָפּליי קאָמפּאַני“ — האָבן גרויסע בוילעטע אויסיעס אַראָפּגעשריגן פון דער צײַטונג.

אונטער דעם פילצוזאָגנדיקן קעפּל איז אין אַ באַזונדער ראַמל באַאַריכעס דערציילט געוואָרן וועגן די גרויסע מײַלעס פון דער נײַער „אוניווערסאַלער עלעקטרישער קיך“, וואָס די „נעשיאָנעל עלעקטריק סאָפּליי קאָ“ האָט אָנגעהויבן אַרויסצולאָזן. דערנאָך איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז קעדיי באַפרידיקן דעם אַלץ וואַקסנדיקן נאָכפרעג פון די געברויכער אויף דער מאָדערנער וווּנדער-קיך, איז די „נעשיאָנעל עלעקטריק סאָפּליי קאָ“ געצוווּנגען צו פאַרגרעסערן איר פּלענט — איר זאַוואָד — און וועט באַשעפטיקן נײַע פינף טויזנט אַרבעטער פון פאַרשיידענע ספּעציאַליטעטן. דער אויפנעם פון פאַכלײַט האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

דייווס מידקײַט, נידערגעשלאָגנקײַט, אַפּאַטיע איז אָפּגענומען געוואָרן, ווי מיט דער האַנט. פינף טויזנט אַרבעטער פון אַלע ספּעציאַליטעטן! און ער ווייסט דאָך עטלעכע ספּעציאַליטעטן. ווי זשע איז מעגלעך, אַז פון פינף טויזנט אַרבעטפּלעצער זאָל זיך איין פּלאַץ ניט געפינען פאַר אים? מאָרגן פאַרטאָג וועט ער גיין זיך אָנבאָטן דער „עלעקטריק סאָפּליי קאָ“. אַ פרעזער, אַן אינסטרומענטאַליסט, אַ טאָקער, אַ מאָנטאַזשניק, אויב איר ווילט — אַן עלעקטראָמאָנטיאָר, ביטע!

אַן אויפגעמונטערטער, אַ געמוטיקטער האָט ער געײַלט אַהיים אָנזאָגן פּעניין די גוטע בסורע.

4

ס'איז נאָך געווען שטאָקפינצטער, ווען דייוו האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט. שטיל, קיינעם ניט אויפצווועקן, איז ער אַרויס אין קיך, אויסגעטרונקען געײַלט אַ גלאָז טיי און אויף די שפּיץ פינגער זיך געלאָזט צו דער טיר.

— האָסט עפּעס געגעסן, דייוועלע? — האָט

* — אַ יאַם-אויסגוס אין ניו-יאָרק.

ער דערהערט פעניס שטילן רוף, — נעם כאָטש א פּאָר ריפּטלעך ברויט מיט מארגארין. ביז אָוונט איז נאָך ווײַט. ווערסט פארכאלעשט ווערן... אין א גוטער שעה, דייוו.

א וואָרעמקײַט האָט זיך צעגאָסן איבער דייווס האַרץ. א ספּאַזמע האָט צונויפגעדריקט זײַן האַלדז. שוין לאַנג, זייער לאַנג האָט ער ניט געהערט פון פעניין דעם צערטלעך-פארמינערטן נאָמען „דייוועלע“...

א קער געטאָן זיך צו פעניין, האָט ער שווײַגנדיק אָנגעוויזן מיט דער האַנט אפן פעסט שלאָפנדיקן העריין. דאָס האָט געדארפט באַטײַטן: „זאָל בעסער בלײַבן פאר אים“. דערנאָך האָט ער ליבשאפטלעך א שמייכל געטאָן צו דער פרוי, שטיל געזאָגט: „שלאָף, פעניל, ס'איז נאָך פרי“, א פּאָך געטאָן מיט דער האַנט — און פארמאכט הינטער זיך די טיר.

א קאַלטער בײַסיקער ווינט האָט אים דורכגענומען ביז די ביינער, ווי נאָר ער איז ארויס אין גאַס. ס'האָט גערעגנט — ניט גערעגנט, געשנייט — ניט געשנייט. הויך ארום די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן געווירבלט שנייעלעך, נאָר צו דער ערד, האָט זיך גערדאכט, דערגרייכן זיי ניט. אונטער די פיס איז געווען נאַס, ווי נאָך א רעגן. די גאַס איז געווען שטיל און ליידיק.

דעם קאָלנער פון מאַנטל אויפגעשטעלט, די הענט טיף פארוקט אין די קעשענעס, האָט דייוו מיט שנעלע טריט געשפּרײַזט צו דער עסטאַקאַדן-באַן-סטאַנציע. צו דער פּיק-שטונדע איז נאָך געווען ווײַט, נאָר די פּלאַטפאָרם איז גיך פארפולט געוואָרן מיט ארבעטער. „ניט שוין זשע פאָרן עס אַלע צום זעלביקן זאַוואָד, וואָס איך?“ — האָט דייוו מיט אומרו א טראַכט געטאָן.

„רייכערט „לאַקי סטרייק“. אַלע רייכערן „לאַקי סטרייק!“ — האָט מיט קלאַפּטערדיקע עלעקטרישע אויסיעס אַראָפּגעשריגן די איבעראַל פארפאָלגנדיקע רעקלאַמע.

דייוו האָט דערפילט, אַז ער כאַלעשט רייכערן. נאָר וויפל ער האָט ניט געשאַרט אין די קעשענעס, האָט ער מער ווי צוואַנציק סענט ניט צונויפגעשאַרט — פּינקט אַזויפיל, וויפל עס קאָסט די רײַזע צום זאַוואָד פון דער „עלעקטריק סאָפּליי קאָ“ און צוריק.

דייוו האָט געפילט, אַז פארייכערן מוז ער. מע קאָן אויסקומען א טאָג אָן עסן, אָבער ניט אָן רייכערן. ער וועט באַדאַרפן גיין נאָך דער אַרבעט צוריק אַהיים צופוס, נאָר א פּעקל סיגאַרעטן מוז ער קויפן.

אײַלנדיק איז ער צוגעלאָפן צום טאַבעקסטענד, א וואָרף געטאָן א ניקל, א כאַפּ געטאָן א פּעקל סיגאַרעטן און זיך געלאָזט לויפן צום אָנקומענדיקן צוג.

5

דייוו האָט געמיינט צו זײַן דער ערשטער באַם זאַוואָד. נאָר ווען ער איז אַהין געקומען, האָט ער פאר די נאָך געשלאָסענע טויערן פון זאַוואָד-הויף שוין געטראָפן א גרויסע מענגע מענטשן.

מען איז אונטערן שפּאָר רעגנדל געשטאַנען כמורנע, שווײַגנדיקע. בלויז צײַטנווײַז זײַנען געפאַלן צו קיינעם ניט געווענדטע קורצע פראַזן:

— נו, א וועטער!..

— א זופּ ברענדי אָדער א סקאָטש וויסקי אין אַזא וועטער איז פּונקט די זאַך...

— כאָטש א טעפּעלע הייסע קאַווע...

— ווער קאָן אָפּשפּאָרן פון זיך א סיגאַרעט, טשאַמס?*

— ווי לאַנג נאָך וועלן זיי אונדז האַלטן אונטערן רעגן, די זין פון א צויג?

זיבן אַזייגער האָבן די טויערן זיך ענדלעך געעפנט, און די מענגע האָט, ווי א שטורמישער פלוס, זיך ארײַנגעריסן אין הויף.

נאָך דעם, ווי די פארזאַמלטע זײַנען געשטאַנען נאָך א האַלבע שעה אונטערן רעגן, איז פון זאַוואָד-קאַנטאָר ארויס א הויכער דאַרער יונגערמאַן מיט א פּרישטשעוואַטן פּאָנעם און האָט הויך, אפן קאָל אויסגעשריגן:

— די „נעשיאָנעל עלעקטריק סאָפּליי קאָמפּאַני“ וועט הײַנט אָננעמען פיר און דרײַסיק אַרבעטער: צען עלעקטריקער, אַכט ארומוויקלער, אַכט פארבער און לאַקירער, דרײַ שאָפערן און פינף שוואַרצאַרבעטער. די נעענטערע צו מיר אַרבעטער פון די אָנגערופענע פּראָפעסיעס גייען ארײַן איינציקווײַז אין קאַנטאָר, די איבעריקע קאָנען זיך פאַנאַנדערגיין. וועגן ווײַטערדיקע אויפנעמס פון הענט וועט געמאָלדן ווערן.

דער אוילעם האָט זיך א וויג געטאָן. ווי א גערויש פון ביימער אין א שטורעמווינט, האָבן זיך דערטראָגן אויפגערעגטע, צערייצטע אויסרופן:

— הינטישע זין! „פינף טויזנט אַרבעטער!..“

— א בלאָף פון אָנהייב ביזן סאָף!..

— א באַצאָלטע רעקלאַמע, און איך, הילצערנער קאָפּ וואָס איך בין, האָב עס אָנגענומען פאר ריינעם עמעס, פאר ערלעכער צײַטונג-אינפאָרמאַציע!..

— און איך האָב לעכאַטכילע געוווּסט, אַז ס'איז א בלאָף, — האָט ווי שטענדיק און אומעטום זיך געפונען א „איך האָב פריִער אַזוי געזאָגט“.

— אַז דו ביסט אַזא סמאַרט אַלעק — אַזא כאָכעם, פארוואָס זשע ביסטו אַהער געקומען?

— צו זײַן ריין פאר מײַן געוויסן און... פאר מײַן ווײַב.

זידלענדיק און שילטנדיק די פארדאַמטע בלוטזויגער, די בלאָפערישע צײַטונגען און דאָס אייגענע פון „גאָט פארדאַמט לעבן“, האָט דער אוילעם גענומען זיך פאַנאַנדערגיין.

דייוון האָט ניט פארדראָסן, וואָס ער האָט אויסגעגעבן די לעצטע צען סענט אַף סיגאַרעטן. דער וועג אַהיים איז געווען זייער ווײַט, נאָר ער וואָלט געוואָלט, ער זאָל זײַן נאָך ווײַטער. קומען צו פעניין מיט גאָרנישט נאָך דעם, ווי ער

---

* — גוטער-ברודער.

האָט אין איר דערוועקט א האָפענונג, אז ענדלעך שטייען פאָר בעסערע טעג, — איז פאר אים געווען פֿײַנלעך, ווי דער טויט.

ער איז געגאנגען לאנגזאם, אָפּגעשטעלט זיך לעבן וויטרינעס, ניט דורכגעלאָזט אפן וועג אהיים קיין איין אונטערנעמונג, וווהין ער זאָל ניט אַרײַן פרעגן אף ארבעט; ער האָט געקלאַפּט אין די הינטערטירן פון האָטעלן און רעסטאָראַנען: עפשער פאָדערט זיך א הייצער, א געפעסוואשער, א שווארצארבעטער?

ניין, אינערגעץ האָט מען זיך ניט געניייטיקט אין קיין „הענט“.

עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן, ווען דייוו, א טויט-מידער, א דורכגענעצטער ביזן ביין, האָט זיך דערשלעפּט אהיים.

פעני האָט זיך געפּאָרעט בא דער פּליטע; איר אלטע מוטער איז, ווי שטענדיק, געזעסן אין איר ווינקל באם פענצטער און, ווי דאָסראָז אלטע פרויען, עפּעס געמורמלט פאר זיך אליין. הערי איז אין דער היים ניט געווען. זײַן נאס רעקל אפן שטול-װענטל האָט זיך געטריקנט פארן גאז-פײַער.

הײַנט האָט הערי געהאט א גוטן טאָג: די אָוונט-צײַטונגען האָבן געבראכט צוויי סענסאציעס: א פּופּצניאָריק יונגל האָט רערמאָרדעט זײַן מוטער מיט א האק און א קינאָ-שטערן פּאָדערט א מיליאָן דאָלער פון איר געליבטן פאר ברייטש אָף פּראָמיס*.

הערי איז הייזעריק געוואָרן, אויסשרײַענדיק די נײַעס, אָבער די צײַטונגען זײַנען גיך אויסגעפארקויפט געוואָרן ביז דער לעצטער, און ער איז אוועקגעלאָפן נאָך א צווייט פּעקל.

ווען דייוו איז אַרײַן אין שטוב, האָט פעני א קער געטאָן זיך מיטן פּאָנעם צו אים. זי האָט פארשפּאָרט אים פרעגן, צי ער האָט זיך געשטעלט ארבעטן. ס'איז גענוג געווען א קוק טאָן אף זײַן פּאָנעם, אף דעם, ווי ער האָט מאכטלאָז זיך אראָפּגעלאָזט אף דער שטול בא דער טיר.

שוױַגנדיק האָט זי זיך אומגעקערט מיטן רוקן צום מאן. א טרער איז געפאלן פון איר אויג אף דער הייסער פּליטע, מיט שיפּערײַ א זאָד געטאָן און אויסגעטריקנט געוואָרן...

פעני האָט ניט געקאָנט אָנהייבן ריידן מיטן מאן — הייסן ארומוואשן זיך, איבערטאָן זיך אין טרוקענעם, זעצן זיך צום טיש. אין איר הארץ האָט געברויזט א שטורעם פון געפילן: מיטגעפיל צו דייוון, ראכמאָנעס צו זיך אליין און מער פון אלץ — גרענעצלאָזע ליבע, ווייטעק און צאר פאר איר קינד, צום געקריוודעטן און בארויבטן פון רום און גליק הערין.

זי האָט געפילט, אז אויב זי וועט איצט אָנהייבן ריידן, וועט זי אויסברעכן אין א היסטעריק און וועט עפּשער אָנריידן דייוון אזוינס, וואָס וועט איר דערנאָך אליין ווײי טאָן.

דייוו האָט א צי געטאָן מיט דער נאָז די לופט. ער קאָן שווערן, אז עס שמעקט מיט פלייש און בעבלעך.

ווו האָט פעני געקאָנט נעמען געלט אף פלייש מיט בעבלעך, בייס אינדערפרי איז איר גאנץ פארמעגן באשטאנען פון פינף און צוואנציק סענט? דעם גאנצן טאָג האָט דייוו קיין ביסן ניט געהאט אין מויל. ער האָט בלויז געראויכערט. איצט, דערשמעקנדיק דעם רייעך פון היים געקעכטס, האָט ער ערשט דערפילט, ווי הונגעריק ער איז.

ער האָט נאָכאמאָל אײַנגעאָטעמט אין זיך דעם אפּעטיט-רייצנדיקן רייעך און, ווי שולדיק אין עפּעס, שטיל א פרעג געטאָן:

— כ'וואָלט שווערן, אז עס שמעקט מיט פלייש און בעבלעך... ווו האָסטו גענומען דערויף געלט, פעני־לע?

— הערילע, דער שפּײַזער אונדזערער, — ווײ צו מײַנע יאָרן! — האָט געבראכט, — האָט זי, שטייענדיק צו אים מיטן רוקן, מיט טרערן אין דער שטים געענטפערט. — א גוטן טאָג הײַנט געהאט: א מאָרד און א געט... א דאָלער מיט זעכציק סענט געבראכט אין שטוב אַרײַן, א בראָך צו דער מאמען! איבערגעביטן דאָס נאסע רעקל און אוועקגעלאָפן נאָך א פרישן פּאק צײַטונגען... האָב איך געקויפט א קענדל קאָנסערווירט פלייש מיט בעבלעך... מע דארף דאָך געבן א קינד עסן... האלעווײַ וואָלטן מײַנע אויגן בעסער ניט געזען, וואָס פונעם קינד איז געוואָרן...

דייוו האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געשוויגן.

— נו, וואָס זיצסטו, ווי אן אָרעמאן בא דער טיר? — האָט פעני מיט אײַנגעהאלטענער צערייצטקייט א זאָג געטאָן. — וואש זיך ארום, טו זיך איבער אין טרוקענעם און זעץ זיך צום טיש.

זיי האָבן נאָרוואָס אָנגעהויבן עסן, ווען דורך די אָפענע פענצטער האָבן פון דער גאס זיך דערטראָגן אויסגעשרייען פון צײַטונגס-פארקויפער און איבער אלעמענס קוילעם הערים קלינגענדיקע שטים:

— „איווענינג ניוז“! „סטאר“! גרויסע סענסאציע! פּופּצניעריקער באָי דערמאָרדעט מוטער מיט האק!... מווי סטאר גרייס לעסלי פּאָדערט פון מיליאָרדער ראָבערט נאָרטאָן מיליאָן דאָלער פאר ברייטש אָף פּראָמיס... „איווענינג ניוז“, „סטאר“, גרעסטע סענסאציע פון טאָג!...

מיסיס ווינסטאָן איז א פאל געטאָן מיטן קאָפּ אפן טיש.

— ווײ איז דער מאמען!.. בעסער וואָלט איך דאָס ניט דערלעבט... „א צווייטער פרענקלאָיד“... א צײַטונג-פארקויפער... מײַן הערי — א צײַטונג-פארקויפער... דאָס איז זײַן גלענצנדיקע קאריערע... — האָט זי, שטיקנדיק זיך מיט טרערן, געשלוכצט.

דייוו האָט, ווי א שולדיקער, אראָפּגעלאָזט די אויגן.

די אלטע מוטער, ווי קיין זאך וואָלט ניט געשען, האָט זשעדנע געגעסן דאָס קאָנסערווירטע פלייש מיט בעבלעך...

---

* — ברעכן דעם צוזאָג כאסענע צו האָבן.

# פערעץ מארקיש



פערעץ מארקיש, דער גרויסער ייִדישער דיכטער, איינער פון די גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור, איז געבוירן געוואָרן אינעם וואָלינער שטעטל פּאָלאָנע אין 1895. זײַן ערשט בוך „שוועלן“ איז דערשינען אין 1919. פון דעמלט אָן איז מארקישעס נאָמען ברייט באקאנט און באליבט באַם פּילנאַציאָנאלן סאָוועטישן לייענער.

אין דער צײַט פון פּערזאָנען-קולט איז פּערעץ מארקיש טראגיש אומגעקומען, אָבער זײַן לײַדנשאפטלעכע שטים קלינגט ביז הײַנט אין אונדזער ליטעראטור.

די פראגמענטן פון דער פּאָעמע „ירושע“, וועלכע מיר לייגן דאָ פאָר אונדזערע לייענער, ווערן געדרוקט צום ערשטן מאָל.




[1]

און נאָך א יאָר און נאָכעט צוויי,
און יאָר נאָך יאָר — זיך מישט און בלעטערט;
געווען אמאָל, געווען א היים,
געווען אמאָל, געווען א שטעטל...

עס שווימט די שול פאר עזרען אוף,
דעם לערערס בלענדיקער מונדיר;
ס'איז אָנגעגליט אין קלאס די לופט,
און ס'וויגט און ס'צערטלט זיך די טיר.
א קלונג אף גאנצן הויף צעשיט זיך,
א קלונג אף פונקען זיך צעבראָקט;
געקומען איז דער פּאָפּעטשיטעל
אין שול צו בײַזײַן אן אוראָק.
געקומען איז ער זיי פארהערן,
געקומען זען איז ער אליין,
וויאזוי מע שרײַבט, וויאזוי מע לייענט,
און צי מע שפּילט זיך, צי מע לערנט.
עס לויפן אָן אף אויגן רינגען,
דער לערער שפּיליעט דעם זשיליעט;
ניאָך עזרען שטעלט זיך אָן זײַן פינגער,
פונקט ווי צום שאָס — א פּיסטאָלעט.
און ס'איז אין קלאס אזא גערעד,
און ס'איז אין קלאס — א צעפּאלאָך,
און — פּארטיק! עזרען — צו דער ברעט!
און ס'ווערט אין הארץ בא אים א לאָך,

און ס׳ווערט אין הארץ בא אים א טומל,
סע וויגט פאנאנדער זיך, סע פאלט,
און ס׳שנײַדט דאָס קאָל דאָרט אומעטום אים,
און ס׳לייגט דאָס קאָל זיך אפן האלדז,
און ס׳גליטשט אף אים זיך, ווי א כאלעף,
עס גליטשט אף אים זיך — הין און צריק, —
און פענצטער זיך אליין צעפראלן,
און שויב מיט ווינט זיך רײַסט און קריגט.
און ס׳גיט דער לערער זיך א צאָקע,
און ס׳גיט דער לערער זיך א לאָז:
— נו, שרײַב דאָרט, עזרע, לאָמיר זאָגן,
— נו, שרײַב דאָרט, עזרע, אָן — ס ע ד ל אָ!

און בוכשטאבן זיך מישן אויס
און פאלן ערגעץ טיף אראָפּ;
געוועון — ניטאָ. געוועון — ארויס.
ס׳פארגייט, ס׳פארדרייט זיך אים דער קאָפּ:
...סעדלאָ. סעדלאָ. סעדלאָ. סעדלאָ.
סע שווינדלען פערד. סע שווינדלען פיס.
נו, יאָ. געוויס, אָט הייבט ער אָן.
נו, יאָ. אן עס. אן עס. געוויס.
עס קוקן ווענט: עס קוקט די ווײַט.
און ווי מיט פײַער בריט דער פאָל.
עס קוקט דער גאנצער קלאס פארטײַט.
און ס׳איז א בארג. און ס׳איז א טאָל.
און א געלאָף. און א געיעג.
און א פארוועט, ווי אף א יאגד:
— צי וועט ער אָנשרײַבן א יע,
— צי וועט ער אָנשרײַבן א יאט?..

און ס׳ציטערן בא אים די הענט,
די ברעט איז שווארץ, און טיף, און גלאט,
נאָר קוים־קוים וואָס מע זעט די יע,
און ס׳נעמט אף הערנער אים די יאט, —
און ס׳מויל באם לערער איז פארפרעסט,
דער פאָפּעטשיטעל זיצט בארוט —
בא עזרען רונדיקט זיך די עס,
די יע — אריבער, ווי א גרוב,
און ווי אף ברייטן שליאך — שוואליאָם —
דערשײַנט די דע, די על, די אָ —
און לײַכטער ווערט דעם גאנצן קלאס,
דער לערער שמייכלט צו דעם גאסט, —
נאָר עזרע גיט זיך א פארהאק
און שרײַבט נאָך צו — א טוויאָרדי זנאק...

. . . . . . . . . . . . . . .

און ס׳איז פארגאן און ס׳איז פארדעמערט,
מיט שווערן זשאווער ס׳איז פארהילט;
איז וואָס האָט ער פון דאָרט צו נעמען?
איז וואָס זשע ווענדט ער זיך אהין?

עס איז פארבײַ, עס איז פאַריבער,
מיט שווערן זשאווער ס'איז פארדעקט —
געווען א מארק, געווען יארידן,
און אַפגעשוונדן — גרינע טעג,
און דארע מאַגערע שאבאַסים,
און אומגליקן — געפאשעטע גראַב —
אף יעדער אומגליק שטייט א פאַסעק,
גלייך ווי אף מיסט — א שווארצע ראַב.
איז וואַס זשע גראַבט זיך עס און בריט דאַרט?
איז וואַס זשע גייט עס אים דאַרט נאַך?
געווען א קאַט און פאַפּעטשיטעלס
געווען, אוועק. אף בײַט. אף בראַך.

[2]

צעעפנטע טירן פון צוגן
און פריידיק פײַפן — געוועק;
— אוועלכע באַדארפן נאַך צוגיין?
— אוועלכע נאַך זײַנען אין וועג?

צעעפנטע סטעפעס, ווי שויסן,
און פיבער און פריידיקער צוק;
עס גריזעווען וואַכנטעג אוים זיך,
ווי אַקסן, פון יעטווידן צוג.

פארווינטיקטע פענעמער מידע,
פאפאכעס, און שטערן, און בלאנק;
און לידער זיך פלעכטן מיט לידער,
און ס'שמעלצט זיך אַ קלאנג מיט א קלאנג.

עס גיסט זיך ס'געזאנג אזוי העל דאַ,
עס נעמט דאַ ארום יעדער בוים;
— אַט זײַנען די אייגענע פעלדער,
— אַט איז זי, די טײַערע היים!

אוועמעס געזאנגען נאַך פעלט דען?
אוועמעס צעזונגען געביין?
— אַט רײַסן ארײַן זיך די וועלדער!
— אַט זינגט שוין דאַ מיט יעדער בוים!

אוקראַינער, און רוס, און כינעזער,
עס שלײַפט זיך א קלאנג אַן א קלאנג;
און ס'פרווט זיך מיט אלעמען עזרע;
— אַט איז זי, די היים, און דאַס לאנד!

און ס'גיסן זיך לידער, ווי ווײַנען,
און שיקערן אַן דאַס געמיט;
— נו, זינג עפּעס, עזרע, פון דײַנע, —
הייבט איינער זיך אוף פון דער מיט.

— אוועלעכע זײַנען עס „דײַנע״?
— אוועלעכע זײַנען עס „ניט״?
„פון „דײַנע״, טראַכט עזרע, פון „מײַנע״,
און פרייַלעך דערלאַנגט ער א שניט.

און לאַכנדיק, גיט ער א זעץ דאָרט:
— פון דײַנע, פון מײַנע, — באַשקאָ!
„און דאָס וועט שוין זײַן די לעצטע,
די לעצטע אַנטשיידענע שלאַכט!״

מיט וועג און מיט שלאַכטן — באַוואַקסן,
מיט שלאַכטן — פאַרברוינט און פאַרברענט;
— אַט זײַנען די ווינטיקע אַקסל,
— אַט זײַנען די ווינטיקע הענט!

און איינער גיט עזרען א טאָרע,
א צווייטער אין עזרען — א זשבור:
— עס הענגט בא דיר נאָך, ווי א טאָרבע,
דײַן שלאַכטיקע, עזרע, קאָבור!

„א טאָרבע?״ — טראַכט עזרע פאַרוווּנדערט,
„א טאָרבע״ — גיט עזרע א קלער;
ער האָט, דאַכט זיך, שוין א יאָרהונדערט
א וואָרט אַט אַזא ניט געהערט.

און ס׳גיט זיך די היים א דערמאָן אים,
און ס׳גיט א דערמאָן זיך די שטאָט;
מיט ברענענדיקע אָרעמאַנען
— ס׳איז קיינער פון זיי שוין נישטאָ...

[3]

און ער איז מיט שלאַכטן באַוואַקסן,
פון שלאַכטן פאַרברוינט און פאַרברענט;
און ס׳באָמבלט בא אים זיך אַף אַקסל
די מאַפּע פון גאָר פון דער וועלט.

אַט ליגט פאַר אים אָפן די קאַרטע
מיט יאַם און מיט באַרג און מיט לאַן —
א ווײַטע, א נאָנטע, געגאַרטע,
— וואָס איז עס, — א היים, צי א לאַנד?

— וואָס איז עס, — א לאַנד, צי א היימאַט?
— אַן אייגענע איז זי, צי ניט?
עס פלאַנצן פאַנאַנדער זיךביימער
פון ווינט, און פון וווּקס, און פון צוויט.

און ארום איז אזאמין געבלעבל,
אן איבערקלאנג פון געבוי, —
אז — א טרייסל טאָן ווילט זיך דאָס לעבן,
אזוי ווי א צײַטיקן בוים,

וואָס ער האָט אליין נאָך געפלאנצט דאָ,
באגאָסן וואָס ער האָט אליין.
— מיט פינעף ארײַנגעגנג אין הארצן!
— מיט פינעף מאָל פינעף און מיין!

ער האָט א מארשרוט אין דער צוקונפט,
עס פײַפט שוין דער דריטער געוועק;
— אוועלכע באדארפן נאָך צוגיין?
— אוועלכע נאָך זײַנען אין וועג?

צעעפנטע סטעפעס, ווי שויסן,
און פיבער און פריידיקער צוק, —
עס גריזעוועו וואָכנטעג אויס זיך,
ווי אָקסן, פון יעטווידן צוג.

ז׳אף צוג, און אף פערד, און צופוס,
אָט דאָרט איז זײַן היימאט, דאָרט איז זי, —
— ער האָט א מארשרוט אין א וויז
— ער האָט א פוטיאָווקע אין ווימן!

ער האָט א מארשרוט אין א וויז,
און אדרעס צו זײַן א געליבטער,
און נאָך האָט ער — כיישעק און לוסט,
און גענוג. און מער גאָר ניט באטריבט אים!

— ס׳איז גוט! — טוט א האנט אין א האנט זיך
א ווארעמען פליעסק, — אָט אזוי,
— די וועלט, אז מע האָט זי אינגאנצן,
באהאלט מען פאר זיך ניט קיין טייל!

אָט איז עס, דאָס לעבן, — אין צושלאָג,
ער האָט אין א צוג עס געבראכט;
און טײַער איז אים די טעפלושקע,
דער זוניק־פארזשאווערטער דאך!

אָט איז עס, דאָס לעבן, — צושטײַער,
פון ברעקלעך, פון טריט — א צעשאָט;
אזוי גרויס, אזוי פול, אזוי טײַער,
אז אָנהייבן איז עס א שאָד!

ער וואָלט מיט דעם זיצן דערנעבן
און קוקן אין פאָנעם דעם גלאַט;
— איך האָב דיך, איך האָב דיך, אָ, לעבן,
נאָך קיינמאָל אזוי ניט געהאט!

אף מאפע פון לענדער־געוועבן,
אף מאפע פון יאם און פון ערד —
איך זע נאָר דײַן אופגעברויז, לעבן,
און גאָרנישט ניט זע איך ניט מער!

ס׳פארטרינקט און פארפלייצט מיך דער צושלאָג
פון דײַנע צעשוימיקטע בריסט, —
אָ, ווײַסע, אָ, ליכטיקע בושעליעס,
דאָס הארץ, ווי דאָס לאנד, איז אין ריס!

ווילסט, ביימער כ׳זאָל פלאנצן, איז ביימער!
ווילסט אויסרײַסן — רײַס איך אליין!
— אָ, לעבן, אָ, לעבן, — מײַן היימאט,
— אָ, לעבן, אָ, לעבן, — מײַן היים!

עס עפנט דער הימל זײַן שארבלאט,
דער מוילעד זיך שלײַפט, ווי א שווערד;
— אינערגעץ ניט וויל איך ניט שטארבן,
אף פרעמדער, צי אייגענער ערד!

די וועלט איז צום לעבן איצט ווייניק,
די ערד צום באטראָט איז איצט קליין,
— אָ, לעבן, אָ, לעבן, — מײַן היימאט,
— אָ, לעבן, אָ, לעבן, — מײַן היים!

באפעל מיר דיר אופשטעלן טורעמס,
פארטריקענען הייס מיר א זומפ;
צופוס, און אף פערד, און אף שטורעמס,
און רײַטנדיק הויל אף דער זון!

מײַן זיסער באלוין פאר געלאפן,
פאר פײַן אף דער ערד — פאר געבראכטס;
כ׳וועל ארײַנגיין אין דיר, ווי נ׳א האפן,
אן אנקער פארשטעכן — דאָס הארץ!

און זיס וועט מיר זײַן דאָס פארזונקען,
און צוויי מאָל וועט זײַן מיר — די וועלט,
און טריקענען וועלן זיך זומפן,
און אופגיין מיט פרוכט וועט דאָס פעלד.

ווילסט, ביימער כ׳זאָל פלאנצן, איז ביימער,
ווילסט אויסרײַסן — רײַס איך אליין;
— אָ, לעבן, אָ, לעבן, — מײַן היימאט,
— אָ, לעבן, אָ, לעבן, — מײַן היים!

און ס׳ווילט אים אליין זיך א טאפ טאָן,
און טאָן ווילט אין דר׳הייך זיך א ריס;
— אוי, יאָרן אין שטרויענע לאפטיעס,
— אוי, יאָרן מיט באָרוועסע פיס!

אַט איז עס, דאָס לעבן, — אין ווייטעק,
ער האָט עס געבראַכט אין א צוג,
און ס׳ווילט זיך אזוי א געשריי טאָן:
— אהערצו, כאַווירים, קומט צו!

— אַט זײַנען די הענט פונעם פײַער,
די אָפענע אויגן. דאָס מויל.
און ס׳איז אים איצט זיבן מאָל טײַער,
און זיבן מאָל נאַקעט און הויל!

ער שמעקט זיך ארום, ווי א כײַע,
און הייס איז איעטווידער ריר;
— סײַ די ערד, סײַ דאָס לאנד איז אים טײַער,
סײַ דאָס ליכטיקע גיין איבער איר!

וווּהין פאַרט מען? קיין מאָסקווע? קיין כארקאָוו?
וווּהין גייט מען אוועק איצט — צופוס?
דער הימל זיך רונדיקט — אן ארקע,
עס הייבט זיך די ערד, ווי א ברוסט.

— ס׳איז גוט! — טוט זיך עזרע א מאָסטע,
עס טראָגט זיך דאָס לאנד אפן קאָל איצט;
הײַנט עקבערט זיך כארקאָוו אין מאָסקווע
און ביידע צומאַרגנס — באם פאָליוס!

און איצט — זיך צוטרייסלען, צוגעבן,
ווי בוים אין א שטורעם, — צו זאַט;
— איך האָב עס, איך האָב עס, דאָס לעבן,
נאָך קיינמאָל אזוי ניט געהאַט!

---



## שירע גאָרשמאַן

געבוירן אין 1906 אין שטעטל קראָק (ליטע). געלערנט אין קאָוונער פֿאָלקס-אוניווערסיטעט. אין 1923 אַוועקגעפֿאָרן קיין פּאַלעסטינע. געאַרבעט דאָרט אויף שוואַרצאַרבעט. אין 1929 געקומען קיין סאָוועטנפֿאַרבאַנד און אַרײַנגעטראַטן אין איינער פֿון די קרימער לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָמונעס. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1939. וווינט אין מאָסקווע.

# כאַנקע

די שווערסטע אוולע, די שווערסטע שטראָף איז די ניט פֿאַרדינטע שטראָף און די ניט פֿאַרדינטע אוולע. אומזיסטע שטראָף, ביטערע אוולעס האָט כאַנקע געהאַט מיט דער פֿולער מאָס. איר באָבע פּעסיע איז שטענדיק געווען פֿאַרהאָרעוועט, דעריבער פֿלעגט זי ניט באַמערקן, וואָס דאָס אייניקל האָט באַוויזן אָפּצוטאָן אין שטוב. דאָס אַליין איז גענוג געווען, אַז כאַנקען זאָל ווערן היים אין די אויגן... ווער רעדט, ווען די באָבע פּעסיע פֿלעגט אויפֿן אויסגעשנײַערטן טיש אַוועקשטעלן דאָס פֿאַרייכערטע קעסעלע.

— באָבע, וואָס טוסטו?! — פֿלעגט כאַנקע אויסשרײַען.

די באָבע האָט דאַן עטלעכע מאָל א דרייי געטאָן דאָס קעסעלע, און אויפֿן טיש איז געבליבן א שוואַרצע, פֿעטע ראָד. כאַנקע וויינט, פּעסיע וויסט נאָר איין זאַך — מאַכן פֿון דעם אייניקל א מענטש אָדער א באַרמינען.

— די הענטלעך-פֿיסלעך רירן זיך, די געלענקלעך בייגן זיך, לעבעדיקער ביין מאַכט פֿון שוואַרץ ווײַס! וויין ניט — די אייער שווײַגן, ווען די הון לייגט זיי!

כאַנקע פֿילט, ווי א האַרטער קנויל בלײַבט שטיין אין איר האַלדז. די קיך שווענקט אַוועק איניינעם מיט דער באָבען אין א רויטן וואָלקן. כאַנקע לויפֿט אַרויס פֿון שטוב. זי לויפֿט אָן אָן אָטעם דורך דער גאַס, אַבי קיינער זאָל זי ניט זען, אַבי א שכנה זאָל ניט באַווײַזן אָנזאָגן:

— פּעסיע, אײַערע איז שוין ווידער אַנטלאָפֿן!

אָט איז די פּאַטשט, די אַפּטייק. ווי גוט עס איז, וואָס דער יִשעוו האָט זיך שוין געענדיקט. פֿון ביידע זײַטן וועג ציִען זיך ראָוויקעס מיט וואַסער. ס'ציטערן אין וואַסער, ווי פּעטשאַ, צונויפֿגעקלעפּטע קנוילן-קײַקעלעך. כאַנקע ווייסט, אַז דאָס איז פֿראָשן-רויג, זי ווייסט, אַז יעדעס קײַקעלע וועט אינגיכן אַרויסלאָזן א פֿלינק עקל און וווּ דאָס עקל וועט זיך ווענדן, אַהין וועט זיך קערן דאָס קײַקעלע. אָבער כאַנקען איז איצט אַזוי ביטער אויף דער נשמה, אַז זי זוכט ניט קיין שטעקל, פּרוּווט ניט פֿאַנאַנדערנײַסן די גליטשיקע, געדיכטע צונויפֿגעקלעפּטע קנוילן. זי יאָגט באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַראָפּ, נאָכדעם באַרג-אַרויף, פֿאַרבײַ דעם סאָד. אַמאָל האָט זי דאָ אַראָפּגעריסן אַן עפּל, וואָס איז אויסגעוואַקסן גרויס, געל, דורכזיכטיק. נאָר איצט איז פֿריִער זומער, קיין עפּל איז נישטאָ. זי לויפֿט איבער דער לאָנקע. זי פֿילט, ווי דאָס גראָז שמײַסט איבער די פֿיס און קילט די פּולקעס.

די לאָנקע איז באַשאָטן מיט ליליִע-גלעקלעך, ראַמונקעס, ראָזע קווייטעלעך, וואָס הענגען פֿון די שטענגלעך, ווי דין-געשניטענע לעקשלעך, און שמעקן אַזוי מעכײַעדיק, אַז כאַנקע ניסט נאָכאַנאַנד. כאַנקע רײַסט און רײַסט, זי קאָן שוין ניט אַרומכאַפּן מיט די הענטלעך די בלומען. פֿון דער לאָנקע גייט א וואַרעמקײַט. אין כאַנקעס האַלדז צעגייט דער קרייוודע-קנויל. זי איז הונגעריק. זי רײַסט די קאָנעצינע-קווייטלעך און בײַסט פֿון זיי די ווײַסע, זיסע עקלעך. זי קאָן ניט באַנעמען, פֿאַרוואָס זײַנען די בלומען אַזוי גיך אויסגעלאָשן געוואָרן אין אירע הענט. עס הענגען די קלאָר-ווײַסע געצאַקטע צינגלעך אַרום די זוניקע הערצלעך פֿון די ראַמונקעס, די גלעקלעך זײַנען פֿאַרכאַלעשט, די גלאַנציקע

סאמעטענע פעלד-נעגעלעך זײַנען ווי מיט א טונקל הימל פארצויגן. נאָרוואָס זײַנען זיי דאָך געווען אזוי שטײַף-בלענדנדיק צווישן גראָז...

פון יענער זײַט טײַך, פון ווײַטן, זעט זיך דעם פעטער הירשעס שטוב, וואָס דאָס בערגל האָט אזוי גרינג און לופטיק אופגעהויבן איניינעם מיטן פארקן ארום גאָרטן, מיט די נאסטורציעס, מיט דער קליינער מומע מאלקע, וועלכע בלייכט זיך מיט דער ווײַסער פאטשיילקע אין דער אָפענער טיר.

נאָר כאנקע דארף איצט נישט די שטוב. זי לויפט צו צום טײַך, ווארפט ארײַן די בלומען אין וואסער און ווארט, אז זיי זאָלן זיך אָפּמינטערן... אָבער דאָס וואסער צעשפּרייט זיי, זיי טוען זיך א דריי, א טוק אונטער, שווימען ארוף איינציקווײַז און ווערן אוועקגעטראָגן מיטן שטראָם. דאָס גראָז אף דער לאָנקע הוידעט זיך, שווימט אין ווייכע וועלן. ס'איז שטיל-שטיל. פּלוצעם צעהילכט זיך דער טײַך מיט דער לאָנקע פון א הויכן, רופנדיקן, פריילעכן געשריי:

— כאנקע! באנקע! מיינסט, מע זעט דיך נישט ארויס? אהער גיי!

אליץ ציטערט אוף. כאנקע טוט א פאל אף דער ערד. זי פילט, ווי דאָס גראָז זיפּצט מיט א שטילן סקריפּ. דאָס הארץ בא כאנקען קלאפּט הייס, שטארק, עס שטויסט זיך אין איר טיאָך, טיאָך. פּלוצעם טוט אף איר עפּעס א פאל און קערט זי איבער מיטן פּאָנעם ארוף. דער הימל שפּרייט זיך אויס איבער איר, דער הימל פליט אוועק... נאָענט, גאָר נאָענט בא כאנקעס אויגן קוקן גרין-בלויע שײַנענדיקע, טיפע, שטיפערישע אויגן.

כאנקע זאָגט:

— בליומעלע, איך האָב דיך אזוי האָלט, דו האָסט מיך אזוי דערשראָקן.

— דו ווייסט, וואָס מע טוט, אז מע דערשרעקט זיך?

— אײַ, שוויַיג, רייד נישט קיין מיִעסע רייד. די באָבע האָט ווידער פארברודיקט מיטן פּארסאזשעטן קעסעלע דעם טיש. איך וויל מער נישט זײַן מיט דער באָבען, — זאָגט כאנקע כליפּענדיק, און פון אירע אויגן טוען זיך א קײַקל טרערן.

— נו, ווײַן נישט. ווילסט נישט, דארף מען נישט. זײַ מיט אונדז, די מאמע האָט דאָך דיך אזוי האָלט. קום זיך באָדן. איך האָב זיך שוין הײַנט געבאָדן, כ'וויס אליין נישט וויפל מאָל. אײַ, איז א מײַכל זיך אונטערצוטוקן אין טײַך... און נאָכדעם, נאָכדעם וועלן מיר גיי-ייכ-נ-ן...

— ...עסן! — שרײַט אויס כאנקע און קוקט, ווי בליומקע ווארפט אראָפּ דאָס קליידל מיטן העמד איניינעם. זי איז נעפּלעפּט. בליומקע איז נאָר אן אנדערע. בליומקע האָט אופגעלויכטן. זי איז ווײַס, דין-דין, די פיס זײַנען הויך, און וואָס העכער צום האלדז, זעט כאנקע, אזא פּראכט, אז זי קאָן אף דעם נישט קוקן און דרייט אָפּ דעם קאָפּ...

כאנקע טוט זיך אויך אויס. בליומקע נעמט זי ארום און א שליאָפּ מיט איר אין וואסער. אליץ טוט א שימער און פאלט ארײַן אין טײַך... ערשט אין א העגעלע שפּעטער דערזעט ווידער כאנקע די זון, די קוסטעס, זי פילט בליומקעס האנט אפן בײַכל און איר ווערט אזוי גרינג, אז איר הייבט זיך אָן דוכטן, זי איז אינגאנצן ניטאָ... עס הוידעט זיך דאָס גראָז אף דער לאָנקע, אפן וואסער שעמערירן געלע טײַך-קריגעלעך. אף זייערע בלעטלעך, ווי אין שעלכלעך, וואסער... כאנקע ציט אויס די פיס, בייגט זיי אײַן, זי קען אויך שווימען, ווי א פראָש. בליומקע שרײַט הויך, אָן ווערטער, א קלינגענדיק, פריילעך, מיידלש זומער-געשריי. איר געשריי שפּרייט זיך ווײַט, הילכיק און קערט זיך אום מיט א צעצויגענעם אומעטיקן ווידערקאָל. פּלוצעם דערהערט זיך דעם פעטער הירשעס סופּערנע געדיכטע שטים:

— פּלוידערזעק, געגוג זיך געשוועגקט, אויסגעוויקטע הערינג, וואָרעם אָט שנײַד איך אָן וויצקעס!..

— לאָז אראָפּ די פיסלעך און בייג זיך אײַן. ער וועט באלד אוועקגיין. ער שרעקט אונדז נאָר, — זאָגט שטיל בליומקע.

הירשע גייט טאקע אוועק. כאנקע שטייט און קוקט אין טײַך. דאָס וואסער איז דורכזיכטיק קלאָר, זי זעט ווי די אונטערשטע וועלכלעך שווענקען ארוף אף בליומקעס פיס-פינגער זעמדלעך, ווי עס איז צוגעשווומען א געזעמל היפּשע פישלעך, זיך א דריי געטאָן, ווי א שטעל געטאָן זיך אף די קעפּלעך ארום בליומקעס פיס... בליומקע זעט זיי אויך, זי לאכט אזוי, אז זי פאלט שיִער נישט מיטן פּאָנעם אין וואסער. זי טוקט זיך אונטער, שפּרינגט ארויס אפן ברעג און שרײַט אויס:

— אוי, איך שטארב פון זיי, אלעמאָל קיצלען זיי מיך. און דיך?

כאנקע ענטפערט גאָרנישט. זי קוקט אף בליומקען. איר האלדז איז ווײַס, איר קאָפּ מיט די רויטע האָר וויגט זיך, ווי א גרויסע פלאמיקע בלום. כאנקע קוקט, ווי בליומקע טוט זיך אָן. און זי זעט, ווי דאָס העמד מיטן קליידל לעשן אויס בליומקען... כאנקע איז ווידער געפּלעפּט, וואָס איר שוועסטערקינד, וועלכע מע רופט אין יִשעוו „דעם מילנערס טײַך-מיידל“, רעדט צו איר מיט א וואָכעדיק געוויינלעך לאָשן, ווי אלע מיידלעך. זי זאָגט:

— נו, קום עסן ווארמעס.

זיי נעמען זיך פאר די הענט און לויפן צו דער שטוב. די מומע מאלקע באגעגנט כאנקען פארוואונדערט און קילבלעך.

— זעט נאָר, מענטשן ליבע, זי איז שוין דאָ! גאַנץ באגינען מיטן לאמטערן אין האנט! וועןן האסטו אוספּייעט? ווער עס וועבט, ווער עס שפּינט — זי האָט איין ארבעט: זיך אמפּערן מיט דער באָבען. אײַ, שוועבעלע, אײַ, פעפערפענכער! די באָבע וועט דאָך באלד קומען אהער אָן א נעשאָמע. שויטע, זי האָט דאָך דיך האָלט.

אָבער כאנקע הערט מיט א האלבן אויער דער מומעס רייד. זי קוקט, ווי עס וויגט זיך אין דער

מומעס קלײנע הענט א גרויסער לײמענער שיסל מיט קאָרענע לאָקשן. אַף די טונקעלע לאָקשן קוועלט און בלעטערט זיך א בארג געלער צוואָרעך. כאנקעס צונג שווימט אוועק צוריק אין מויל ארײַן. אָט באלד פאלט זי צו צום שיסל און נעמט שלינגען. בליומקע כאַפּט ארויס א הויפן לאָקשן און זאָגט מיט א פולן מויל:

— מ-מ-הע, כאנקע, נעם אויך, קוק ניט, — און אנטלויפט פון שטוב.

כאנקע שלינגט די לאָקשן, ווי א גאנדז, אָבער איצט הערט זי גוט, וואָס די מומע מאלקע זאָגט. אזוינע מאָדנע רייד האָט זי נאָך קײנמאָל ניט געהערט פון דער מומען. דער מומעס גרויסע ברוינע אויגן קוקן אַף כאנקען ערנסט, זי רעדט צעצויגן.

— ניט איבער נײַנציק מעדינעס דאַרף מען פאָרן, ניט איבער הונדערט יאמען דאַרף מען שווימען, נײַערט דאָ, טאקע גאנץ נאָענט, ווינט זיך די באָבע פּעסיע די פארבערקע, וואָס איז א בעריע אײנע אין דער וועלט. וואָלט דאָך גוט געווען. האָט זי אָבער אן אייניקל א קײַסנטע, א בייזע זאך! נאָר דער אזעכפּאָנעם איז בערויגעז אַף דער באָבען, נאָר זי לויפט צו דער מיל, און זיבן וויאָרסט איז פאר איר א האָזן-שפּרונג! קריכט אין יענעמס סאָד, פליקט אראָפּ אן עפּל און מיינט, אז קײנער ווייסט ניט. און דער פעטער הירשע דאַרף זיך נאָכדעם פארענטפערן. א מיידעלע פון נײַן יאָר זאָל ניט פארשטיין, וואָס ארום איר טוט זיך, אז ווי דער מומען! וואָרעם די מומע האָט א שוואד הארץ און א ווייך הארץ, גיט זי דער קײַעסניצע לאָקשן און וואַרט, אז די בייזע זאך וועט די לאָקשן אופעסן און וועט זיך גיכער אומקערן צו דער באָבען.

— צו דער באָבען? א גוטע מומע... נאט אײַך אײַערע לאָקשן! — שרײַט אויס כאנקע און לויפט ארויס פון שטוב. זי לויפט איבערן בריק, זי זעט, ווי בליומקע שטייט לעבן דער מיל, טײַנעט מיט א פויער. כאנקע טוט א געשריי:

— בליומעלע, זײַ געזונט, כ'האָב ניט, ווו צו זײַן.

— קום ווידער, ביטערע ציבעלע, — שרײַט בליומקע און ווערט פארשוווּנדן אונטערן בארג מיטן פויער אינאײנעם.

כאנקע פילט, ווי דער הארטער קריוודע-קנויל שטייט שוין ווידער אין האלדז, ס'איז איר שוין ווידער היים אין די אויגן. זי גייט ווידער פארבײַ דעם סאָד. אוי, ווי דער סאָד פאסט איצטער צו איר פארביטערטער נעשאָמע. זי קריכט דורך דורכן צעבראָכענעם פּארקן, קוקט זיך ארום און זעצט זיך אונטער א בוים. זי זיצט אן ארומגערינגלטע מיט אוולעס. אָט האָט די באָבע אײַערנעכטן צו איר געשריען:

— אזוי האָסטו צונויפגעקליבן די קערנער? די ערד איז שווארץ און די קערנער זײַנען געל. קיין אײנציק האָבערל זאָלן די גענדז ניט ארײַנטאָפּטשען. ריר זיך!

פון כאנקעס אויגן קײַקלען זיך ווידער טרערן. נאָר וויפל קאָן מען וויינען צו נײַן יאָר? איר הערצל ווערט געטרייסט. זי מאָלט זיך אויס, ווי ס'וועט פינצטער ווערן, ווי דער פעטער הירשע מיט דער מומע מאלקען, מיט דער באָבען, וואָס וועט קומען, וועלן ארומגיין איבער דער לאָנקע און שרײַען:

— כאנקע, גיי בעסער ארויס מיט גוטן, צולאָכעסניצע, בעזבושעניצע! **מיר וועלן דיך געפינען**, וועט זײַן ערגער. כאנקען ווערט א האָרעלע גרינגער אפן הארצן. זי נעמט פאנאנדער די געוויקסן און זעט, ווי די זון זעצט זיך, באלד וועט ווערן נאכט. כאנקע האָט מוירע דאָ צו בלײַבן, און זי לויפט ארויס פון סאָד. זי לויפט און כליפּעט, בארג-ארוף און בארג-ארוף, נאָכדעם בארג-אראָפּ. זי דערזעט שוין גלײַך, ווי עמעצער קײַקלט זיך האסטיק אנטקעגן איר... זי ווייסט, ווער דאָס קײַקלט זיך. אויב אזוי, וועט זי זיך שוין אָפּשטעלן. זי שטייט און וואַרט. די באָבע קומט אלץ נעענטער און נעענטער. זי גייט צו, נעמט כאנקען פאר א הענטל, טוט זי א שלעפּ און גייט פאָרויס. כאנקע גייט איר נאָך. זיי שווײַגן. זיי קומען צו גיין אין שטוב. די באָבע זעצט זיך עסן שטשאַוו מיט ברויט, כאנקע זיצט אַף דער שלאָפבאנק מיט אראָפּגעלאָזענע אויגן. די באָבע בעט אויס דאָס בעט, גיט א גענעץ, זאָגט:

— נו, א דאנק דיר, גאָטעניו, נאָך א טאָג אוועק... מיכטאמע נאָך א סאך נארישקײַטן אָפּגעטאָן... — און זי לייגט זיך אפן געלעגער.

כאנקע טוט זיך אויס און לייגט זיך אוועק לעבן דער באָבען. זיי שווײַגן. די באָבע האָט געדולד. זי ווייסט, אז כאנקע וועט אליין אלץ דערציילן, ס'איז שוין ניט איין מאָל אזוי געווען. די באָבע האָט געטראָפן. זי הערט אויס כאנקען און זאָגט:

— אוי, מײַן קינד, בליומקע לויכט טאקע, האלעווײַ זאָל איר מאזל אזוי לויכטן. די מומע מאלקעלע... זי איז דאָך א דימענט. דער פעטער הירשע שרעקט די גענדז, אָבער א הארץ האָט ער, האלעווײַ אַף אלעמען געזאָגט געוואָרן. די פישעלעך זײַנען שטיפער, אָבער זיי זײַנען בעסער פון דיר טויזנט מאָל. אז דו וועסט אויסוואקסן, כאכאָמע מײַנע, זאָלסטו געדענקען די מומע מאלקעלע, דעם פעטער, די לאָנקע און אויך די בלומען, וואָס זײַנען דערטרונקען געוואָרן... און די באָבע דײַנע געדענק אויך א קאָפּל... פארשטייסט, כאכאָמע מײַנע? אלעמען זאָלסטו געדענקען, אלעמען זאָלסטו זשאלעווען, נאָר זיך זאָלסטו ניט זשאלעווען. — די באָבע רעדט און פילט, אז כאנקע האָט אוועקגעלייגט די הענטלעך אין ראָספּאָרעק פון איר העמד:

— קינד מײַנס, קײנמאָל זאָלסטו זיך קיינעם ניט אונטערגעבן, קיינעם ניט אונטערטעניק זײַן, זאָלסט ניט וויסן פון קיין שרעק פאר קיין זאך, זאָלסט שיין זײַן, ווי שיין בליומקע איז, זאָלסט האָבן כיין אין מענטשנס אויגן, בעריע מײַנע, קאָזאק מײַנער...

# דער טאטע מיט דער מאמען



י שטייט אויף פריִער פון אים. און אויב זי האָט ניט באוויזן אָנצוגרייטן א גריקענע קאשע פון נעכטן, שיט זי אַרײַן איבערגעקליבענע צוגעטריקנטע גרויפּן אין פּענדעלע, גיסט אָן קאָכעדיק וואסער, גיט צו א ביסעלע בוימל, א קאפּעלע זאלץ, שטעלט דאָס אַרײַן אין בראָט-קאסטן און גייט אין וואנע-צימער. ווען זי גייט ארויס, באגעגנט זי אים. זיי שמייכלען, ווי זיי וואָלטן זיך באגעגנט אומגעריכט. ער זאָגט:

— מאמע, אלעמאָל זאָלסטו זיך אזוי צוקעמען.

— גוטמאָרגן, טאטע, די פּריטשאָסקע קליידט מיר שוין א יאָר פינף און צוואנציק! — זאָגט זי און רירט זיך צו מיט איר באק צו זײַנער. — האָסט דאָך נאָך געקאָנט ליגן גוטע פינף מינוט, וואָס ביסטו ארויסגעשפּרונגען?

— וועגן שפּרינגען קאָן קיין רייד ניט זײַן, — שמייכלט ער און גייט אַרײַן אין וואנע-צימער.

עס הערט זיך, ווי ער פּליושקעט זיך, פּאָרשקעט, קראקעט און ברומט א לידל:

האָב איך דיר געזאָגט, און געזאָגט, און
 געזאָגט,
אז געלט האָב איך ניט, אז געלט האָב איך
 ניט...

זי גרייט צום טיש און ענטפערט מיט א שוואך ציטערדיק קאָל:

האָסטו מיך ליב, קום אַרײַן,
ווילסטו א גווירנטע, האלט זיך אײַן...

עס מינערט זיך איר קאָל, זי שטעלט אַפּן טיש א גלאָז מילך, א טשײַניקל שיפּאָווניק, א פּראָשעק אסקאָרבינקע מיט גליוקאָזע... אין א סינטעטיש זעקעלע לייגט זי אַרײַן צוויי מייצקעס ברויט מיט צוואָרעך, אן אָפּגעקאָכטן בורעק, אן עפּל.

ווען ער גייט צו צום טיש, טוט ער א הייב איין ברעם אזש צום שטערן.

— מאמע, טו א זוך, עפּשער האָט זיך בא דיר פארוואלגערט א פּאָר קעפּלעך קרויט.

— נעם, טאטע, וואָס מע גיט דיר, גיי געזונט און קום געזונט.

— מאמע! — בעט ער זיך.

אָבער זי גייט שוין, האלטנדיק זײַן מאנטל אין די אויפגעהויבענע הענט. זי העלפט אים זיך אָנטאָן, דערלאנגט אים דאָס שטעקל. ער רירט זיך צו מיט זײַנע ליפּן צו אירע געקרײַזלטע גראָווע האָר און גייט צו דער טיר. זי באגלייט אים שמייכלענדיק און פרעגט דאָס, וואָס זי פרעגט אלע טאָג:

— געדענקסט, ווי לײַטישע מענטשן גייען אף טרעפּ?

— יאָ, מאמע.

— ניט „יאָ, מאמע“, זאָג, ווי דארף מען גיין, אז מע האָט א „טשוטקע“ הארץ און אז מע וווינט אפן פינפטן שטאָק אָן א ליפט?

— א כאָווער, וואָס האָט א „טשוטקע“ הארץ, וווינט אפן פינפטן שטאָק און אײַלט זיך צו זײַן היים געליבטער פרוי, שטעלט אוועק דעם רעכטן פוס אפן טרעפּל, נאָכדעם ציט ער פּאַוואָליע אונטער דעם לינקן, שטייען שוין ביידע פיס. נו, שטייען זיי!

וואָס נידעריקער ער לאָזט זיך אראָפּ פון די טרעפּ, אלץ מער שמייכלט ער.

זי טוט ווידער א זונג „האָסטו מיך ליב, קום אַרײַן“, זי שטעלט זיך לעבן פענצטער און קוקט. זי זעט, ווי א מענטש אין א טונקל-גרויען אָפּגענוצטן מאנטל מיט א שטעקל אין האנט גייט פּאַוואָליע אריבער די גאס, שטעלט זיך אפן טראָטואַר, הייבט אויף די אויגן צום פענצטער און טוט דרײַ מאָל א קלאַפּ מיטן שטעקל אָן אספאלט. זיי ביידע ווייסן, וואָס דאָס באַטײַט... זי גייט אוועק פון פענצטער און טראכט: „די גאס איז אזוי גרויס, און ער איז אזוי קליין, באהיט זאָל ער מיר זײַן“. זי גייט ווידער צו דער גאז-פּליטע, שטעלט אוועק דעם טשײַניק אפן פײַער, שנײַדט ארום די הארטע סקאָרינקעס פונעם קאָרענעם ברויטל, גיסט זיך אָן א גלאָז טיי. זי עסט גיך. נעמט אראָפּ פון טיש, טוט א קוק צו דער גאז-פּליטע, צי ס'איז אויסגעלאָשן דאָס פײַער, טוט זיך אפגיך אָן און לאָזט זיך פון די טרעפּ. זי לויפט אראָפּ.

דורך דער גאס גייט זייער האסטיק א פרוי אין א ברוינעם מאנטל, אין א ווײַסער געשטריקטער וואָלענער שאל אפן קאָפּ, אין שווארצע קינדער-שיך. זי לויפט אריבער די גאס און כאַפּט זיך אַרײַן אין טראמוויַ, ווארפט אַרײַן א מאטבייע אין אווטאָמאט, רײַסט אָפּ א בילעט און רוקט זיך אָפּ אָן א זײַט. זי שטייט אן אומעטיקע און א פארטראכטע. זי טראכט: „ווען די יינגלעך וואָלטן זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע, וואָלט ער שוין געווען אף פּענסיע און איך אויך, מיר וואָלטן זיך גערופן ניט טאטע-מאמע, נאָר שמועל און מיריאַם, ווי אמאָל...“ זי טוט א קוק אין פענצטער און שטופּט זיך דורך צווישן די מענטשן צום ארויסגאנג. ווען זי גייט ארויס פונעם טראמוויַ, כאַפּט זי א קוק צום עלעקטרישן זייגער, וואָס אפן ראָג, און נעמט שפּאנען פּאַוואָליע. זי האָט צײַט, זי וועט קומען צו דער ארבעט אין ביבליאָטעק, ווי אלעמאָל, די ערשטע...

---

מאָטל גרוביאַן

# דער רעגנבויגן

שטייט דער רעגנבויגן פונקט איבערן דאך —
איין העלפט האָב איך,
ווען א צווייטע — כ'וואָלט א רייף געמאכט;
אים געקײַקלט מיט א שטעקל איבער גאָר דער וועלט,
ווו ס'איז פינצטער אין א פענצטער,
דאָרט וואָלט איך זיך אָפּגעשטעלט.
כ'בעט דערלאנגען א טרונק וואסער צי א בענדל צו א שוך...
איך גיי ארום דאָס גאנצע לעבן, א שטיקל רעגנבויגן כ'זוך.
זאָגט מײַן מאמע:
— ווייסטו וואָס, מײַן זון,
האָסט א הארץ אזא מין גאָלדנס, —
שטיקעווע זשע צו דערפון
די צווייטע העלפט פון רעגנבויגן.
מאמעשי, ניט לאך...
כ'האָב געפאָלגט זי און געקראָכן
אפן הויכן דאך,
ס'האָט געקאָסט מיר מי און קויכעס,
שיר צעבראָכן רוק־און־לענד,
איצטער שטראַלט דער רעגנבויגן,
ווי די זון, אין מײַנע הענט;
אים איך קײַקל מיט א שטעקל איבער גאָר דער וועלט, —
ווו ס'איז פינצטער אין א פענצטער,
דאָרט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט...

* * *

דארפסט צעלייגן אין וואלד א שײַטער,
נעם דאָס פײַער פון מײַן בליק.
ווילסט אנטלויפן צו דײַן יוגנט, —
איך וועל זײַן די בריק.

ווילסט צום שטערן יענעם ווײַטן, —
פלי איך מיט דיר אָפּ!

זוכסט אן עמער טיף אין ברונעם, —
לאָז איך זיך אראָפּ.

ווילסט פון אומקום רעטן זאָל איך
די גרויסע זון אין אָוונט־פלאַם, —
צוליב איר, מײַן קינד, מײַן מאלעך,
שווימט מײַן קאָפּ אין יאַם.

# טוקײַ

אין קאַזאַן בין איך א טאָטער
און פארשטיי אלץ, וואָס מע רעדט,
אײַנגעהילט אין קילן שאָטן,
שטייט באַם שטאָטישן טעאטער
אזא צארטער שטיינערנער פּאָעט.

האָסט געלייענט אמאָל טוקײַען?
איך בין אלץ אונטער זײַן מאכט,
אזא בליץ פון ריינעם פײַער
אופגעשניטן האָט די נאכט...
ווערן צוליב אים א טאָטער
כ'וואָלט געקענט, מיר דאכט!

# איך לעב אף דער ערד

איך לעב אף דער ערד,
ווי א ציטריק בלימל,
און דארף אלעמאָל קוקן,
צי שטיל איז אין הימל.
אַנשטאָט זיך שפילן אין פעלד
מיט דעם גאָלדענעם זשוקל,
וואָס זויגט האָניק פון בלימל,
צעשאר איך דאָס אש אין מײַן הארץ
פון דער שטאָט כיראָסימע!..

די וועלט זאָל ניט ווערן
קיין קייוועור, כאָלילע, —
וועט ניט העלפן
קיין טרער און קיין טפילע.
יעדער קעלער מיט געווער
קרענקט מיך און קימערט,
אף יעדן טויער איך ווער
א שלאָס מיט א כסימע!

## באם פײַער פון דער ליד

דאָ ענדיק איך זיך און ווער געבוירן ווידער,
דאָ ברענען אלע ביימער אין גאָלדענעם הארבסט.

דאָ געכאפט האָט א צוגווינט פון לידער
מײַן שוין טויזנט מאָל צוגעקילט הארץ.
און נאָכאמאָל שפאר איך דעם קאָפ אין אלע פײַערן,
און ווידער דעם ווינט פון די פעלדער איך שעפ.

איך גלייב אין מײַן סאָף ניט, טײַערע,
מײַן אָנהייב דעם סאָף האָט איבערגעלעבט!

* * *

איך האָב מיטלײַד צום קיניג,
וואָס ליגט אין געפענק אף דער ערד
און הריזעט א ביין.
פאר א קיניג איז זייער ניט שיין
אזוי הונגעריק ווערן;
באם לייב אין די אויגן
זע איך טרערן שטיין,
דאָס הארץ קאָן צעריסן ווערן!

און דאָך האָט ער די שטראָף
קאָשער פארדינט אליין —
דער קיניג פון אלע כײַעס
זאָל אין געפענק זיך אָפּגעבן?
בעסער געדארפט אף מעסערס גיין,
און ניט הריזען
אָט דאָ, אין דער שטײַג, אף דער ערד
פון אן אלטער נעווײלע א ביין.

## א קאָראָמיסל

ווען מע קאָן מיט אַ קאָראָמיסל
אף די אקסל
הימל און ערד,
ווי צוויי עמער, טראָגן, —
און אין דרויסן זאָל טאָגן,
אין הארבסט זאָל ניט שטארבן
אין פעלד דאָס בלימל, —
וואָלט איך פון ערשטן עמער
אויסגעכליופעט

בא דײַן שטוב א ביסל הימל —
בלויען, ווי די פארטאָגן,
וואָס מיט שײַן
אין די אויגן שלאָגן.
און פון צווייטן עמער —
ערד די זאפטיקע, ווי זומער.
וואָלט איך
אזא קאָראָמיסל
אפן אקסל גענומען,
צו דיר געטראָגן...

---



1886 — 1960

## נויעך לוריע

די דערציילונג „אוים כאוועך" איז איינע פון די לעצטע שאפונגען פון דעם ניט לאנג צוריק פארשטארבענעם שרייבער.

# אוים כאוועך



יט א קוק אף מיר: קאן איך באהאלטן, אז איך בין א ייד? ־ונקט ווי איך זאל וועלן, אשטייגער, לייקענען, אז איך בין א שוסטער. נאך פאר דער מילכאמע, עס טרעפט, איך גיי אריין אין א שטוב, ווי מע זעט מיך ס'ערשטע מאל, איז באלד: „רעב ייד, איר זייט ניט קיין שוסטער?" ס'איז, ווייזט אויס, אנגעשריבן אפן פּאנעם. און איך וואלט זיך גאר קיינמאל ניט איינגעשטעלט אוועקצוגיין פון לאגער. אינדערעמעסן, טאמער טוט מען א פרעג: „ווער ביסטו, מיט וואס פאר א רעכט לעבסטו נאך אף דער וועלט?" וואס קאן איך ענטפערן? איך בין פון לאגער ניט געלאפן, איך האב זיך קיין נייעם טאטן ניט אויסגעטראכט. סיי־ווי־סיי וואלט קיינער ניט געגלייבט. איי, וויאזוי האט זיך געמאכט, אז איך בין ניט אין גרוב, נאר א לעבעדיקער דא פאר אייערע אויגן? פון זיך אליין. אנגעהויבן האט זיך עס דערפון, וואס איך בין ארויס אף א ווילע און שוין ניט געהאט ווּהין זיך אומצוקערן.

ס'איז קאלט געווארן. די ערד איז געפרוירן, וועסט זי ניט איינבייסן. גראבן די טראסע איז שוין ניט מעגלעך. מע האט אופגעהערט ארבעטן, האט מען אופגעהערט געבן עסן. מישטיינסגעזאגט, וויפל פלעגן מיר באקומען — א שטיקל טרוקן ברויט און א ביסל קאנדיאר. נאר גארנישט איז דאך שוין טאקע גארניט. מע ליגט אף די נארעס, דער דייטש שיקערט זיך אן, קומט אריין אין באראק און נעמט שלאגן מיטן גומענעם שטעקן. „פארפלוכטע יודעס, צוליב אייך איז דער קריג".

פארוואס עפּעס צוליב אונדז? פרווו פרעגן בא אים שיילעס. ווייבער האבן אנגעהויבן זיך ארויסכאפּן אין דארף — ניט ווייט פונעם לאגער, בא א קילאמעטער. ווער עס ברענגט א צענדליק קארטאפל, ווער א ביסל הירזש. אף זיי קוקנדיק, בין איך אויך איין מאל ארוים. אין א זעקל האב איך מיט זיך מיין געציייג, א גאנג קלעצלעך, א ביסל מאטעריאל, — דערמיט צעשייד איך זיך ניט קיינמאל. איך טראכט, אז איך וועל ארבעטן א טאג, צי צוויי, — פארדינען א שטיקל ברויט. מע וועט נאך געבן א טעלער געקעכטס אויך.

געווען איז אזוי. א פויער האט מיך גענומען, אופנייען אים א פּאר שטיוול. איך ארבעט און זע דורכן פענצטער — אונדזערע גייען אום און בעטן ברויט. אפּגעארבעט דעם טאג, קלער איך מיר: בעסער בלייבן נעכטיקן, כ'וועל פארטיק ווערן מיט די שטיוול, וועל איך זיך יאווען. איך וועל דארטן קיין זאך ניט פארשפּעטיקן.

אף מארגן — פארן פענצטער דאס זעלבע בילד. אונדזערע גייען אום אפּגעריסענע, פארפינצטערטע. מע שטעלט זיך אפּ קעגן אונדז און מע ווארט אן לאשן, ביז די באלעבאסטע וועט עפּעס ארויסטראגן. איך האב א סאך פון זיי געקענט אין דער היים, איטלעכער איז געווען א מענטש, געהאט זיין שטוב, פארנומען אן ארט אין קאלווירט... אפן דריטן טאג, עס דארף שוין זיין אזייגער צוועלף, און מע זעט ניט קיינעם. ס'ווערט שוין גאר שפּעט, און מע ווייזט זיך ניט. וואס איז געשען? דער באלעבאס קומט אריין און זאגט:

— האסט שוין ניט, ווּהין זיך צו איילן. קאנסט שוין בלייבן אף נאך א פּאר טעג און מאכן די שיך, וואס די שכיינע האט געבעטן.

און ער דערציילט, אַז גאַנצפרי זײַנען צוגעפאָרן מאַשינעס, צוגענומען אַלעמען פון לאַגער און אַוועקגעפירט צו דער באַלקע, ביז איצט איז מען נאָך ניט פאַרטיק מיטן צעשיסן זיי.

— אָט אַזוי בין איך געבליבן אין דאָרף. מען איז צופרידן מיט מײַן אַרבעט. מע גיט מיר עסן און נאַכטלעגער, נאָר אין גאַס זאָל איך זיך ניט ווײַזן. ווי לאַנג קאָן עס אָבער אַזוי געדויערן? דער דײַטשישער באַפעל איז אויסגעקלעפּט אַף די ווענט — פאַר באַהאַלטן אַ ייִדן קומט הענגען. די פויערטע באַטראַכט די שיך, וואָס איך האָב געמאַכט, און רופט זיך אָן:

— גוט, בעסער דאַרף מען ניט, נאָר איך האָב מוירע. אַלע ווייסן, ווער און פונוואַנען דו ביסט. וועסט איבערנעכטיקן אין דער שטרוי און פאַרטאָג, איידער עס וועט נעמען שאַרזען, הייב זיך אוף און גיי. דו מוזט בײַטן דאָס אָרט. נאַ דיר אַ לעבל ברויט אַפן וועג, און גאָט זאָל דיר העלפן.

איך גיי, און דער טויט גייט מיט מיר. איך בין שוין צו אים געוווינט. ס'איז ניט קיין זיסער קאָמפּאַניאָן, נאָר וווּהין קאָן איך פון אים אַוועק? איך גיי בא דער זײַט, און ער — מיטן שליאַך. איך זוך פאַרשטעלטע סטעזשקעלעך, און ער נעמט פון מיר קיין אויג ניט אַראָפּ. אַנטקעגן קומט אָן אַ שליטן מיט עטלעכע פּאַרשוינען. איך פאַל צו צו דער ערד, קוועטש זיך אַרײַן אין שניי. „פּיאַן, טשי זמערז?" הער איך אַ פאַרשלאָפן קאָל. „נאָ-אָ!" ס'הייסט, איך לעב נאָך דערווײַל. און ווײַטער וואָס וועט זײַן?

אַ קראָ דרייט זיך איבערן קאָפּ, קראַקעט איבער מיר, ווי איבער אַ באַרמינען, אַ שוואַרצער קודלאַטער הונט יאָגט זיך איבערן פעלד, נישטערט, שפּרינגט אין שניי, און קיין באַלעבאָס זעט מען נים. פּע...

„לאָמיר זיך דורכשמועסן", — זאָג איך אַפן קאָל.

„נו-נו, איך הער".

„וואָס ווילסטו, איך זאָל זיך אופהענגען אַף אָט דעם בוים?"

„צו וואָס זאָלסטו מיר פאַרשפּאָרן די מירכע? אַז עס וועט קומען דערצו, וועל איך דיר שוין מאַכן, וואָס מע דאַרף".

„יאָ, מוז איך מוידע זײַן, אַף דיר מעג מען זיך פאַרלאָזן".

אַזוי גייען מיר און שמועסן, טאַקע איך מיט דעם טויט. ס'איז דאַפקע אַ מעכײַעדיקער דרויסן. דער פראָסט האָט זיך געזעצט און קיין אָדליגע איז נאָך ניטאָ. עס שמעקט מיט געזײַערטע אַנטאָנאָווקעס — פון דער לופט, צי פון עם שניי. מײַן ווײַב פלעגט זיי שטעלן אַף ווינטער אַ היפּשע פאַס. זי איז ערגעץ אין סווערדלאָווסק. ערעץ דער מילכאָמע אַוועקגעפאָרן אַהין צו דער טאָכטער, וואָס איז געווען אַף דער צײַט מיט אַן ערשטלינג. און איך בין דאָ, אַף דעם שליאַך, מיט אָט דער פינצטערער צוטשעפּעניש, וואָס לאָזט ניט אָפּ אַף קיין מינוט. איך שפּאַן. אָט זע איך שוין אַ דאָרף. צוויי וועגן פירן אַהין: איינער גלײַך, דער צווייטער צווײַגט זיך אָפּ און פירט אין דאָרף אַרײַן פון דער זײַט. און מיר דוכט זיך — איר וועט לאַכן — מיר דוכט זיך, איך זע, ווי ער שמייכלט, דער שיינער קאָמפּאַניאָן מײַנער. אַנו, הייסט עס, מיט וועלכן וועג וועסטו גיין?..

אַפּצולאָכעס גיי איך מיטן גלײַכן וועג.

אָט איז שוין די דאָרפישע גאַס. אַ פּאָר כאַטקעלער, איינס נאָך איינס, פון דער רעכטער זײַט. אַן אָפּגעזונדערט כאַטקעלע, זייער אָן אָרעמס — פון דער לינקער. דאַן ווידער אַ פּוסט פעלד. ערשט נאָכדעם גייען אַוועק די שטיבלעך געדיכטער. אַזוי הייבט זיך אָן די גאַס. ווי געוויינלעך, איז איין שטיבל העל-גרין, ליכטיק, ווי אַ געפאַרבט אייעלע, אַ צווייטס — ברודיקווײַס, מיט ניט פאַרקאַלכטע לאַטעס ליים. איין דאַך איז אַ בלעכענער, ער איז אַמאָל רויט געווען, איצט אָפּגעבליאַקעוועט און צעפרעסן פון זשאַווער. אַ צווייטער דאַך איז אַ שטרויענער מיט פריש-אײַנגעפלאָכטענע גאָלדענע פּאַכמעס. טיר-און-טויער זײַנען פאַרמאַכט, מע זעט נים קיינעם.

דאָס שטיבל אונטערן שטרויענעם דאַך געפעלט מיר עפּעס מער. פון קוימען גייט אַ רויך, דער אויוון, הייכט עס, הייצט זיך. איך ריגל אָפּ די פאָרטקע, גיי אַרײַן אין פירהויז, די טירן לאָזן זיך עפענען. אינווייניק איז ריין, וואַרעם, אַפן טיש — אַ גרויסער טשוהון מיט הייסע קאַרטאָפליעס, אַ פּאַרע גייט. אַרום דעם טשוהון — אַכט מײַלער. אַלע זיצן סטאַטעטשנע, די קליינע, ווי די גרויסע. איך האָב ליב אַ וואַרעמע שטוב מיט אַ סאַך קינדער אַרום טיש.

— אַ גוטמאָרגן, זאָג איך, ברויט און זאַלץ. עפּשער דאַרפט איר אַ שוסטער?

מע קוקט מיך אָן. דער באַלעבאָס, אַ געזעצטער פויער, שוין אין די יאָרן, רופט זיך אָן דער ערשטער:

— אַז דו ביסט אַ שוסטער, — רופט ער זיך אָן, — האָב איך נאָך דורכן פענצטער געזען. מע זעט אָבער נאָך עפּעס. ביסט אַ ייִד?

— און ווי קלערט איר? — פרעג איך צוריק.

— דאָ איז ניטאָ, וואָס צו קלערן, — זאָגט ער, — נאָר איך מוז מוידע זײַן, קיין שרעקעוודיקער ביכטו נים.

— אַ ברירע האָב איך? — ענטפער איך אים.

לאַכט ער. אַז אַ מענטש קאָן אַזוי, אין גוטן מוט, אַ לאַך טאָן, איז ער בא מיר שוין פאַרעכנט פאַר אַ היימישן.

— אַ דאָקומענט, — פרעגט ער, — האָסטו?

— ווערליק אַלץ איז, ווי דו זאָגסט, אָנגעשריבן אַף מײַן פּאָנעם, — ענטפער איך, — איז אַ דאָקומענט שוין, קומט אויס, אָן איבעריקע זאַך.

— זעץ זיך דערווײַל צום טיש, — זאָגט ער, — און עס אַ קאַרטאָפליע. איך דאַרף נים קיין שיך, נאָר אין דאָרף זוכט מען אַ שוסטער. אַפילע דער סטאַראָסטע, דוכט זיך, האָט זיך

נאָכגעפרעגט. מיר האָבן געהאט אונדזערן, איז אים אנומלטן איבערגעפאָרן א מאשין.

דאָס וואָרט „סטאראָסטע" איז מיר ניט זייער צום הארצן, נאָר איך שווײַג. א פּראָסטע הייסע קארטאָפליע אָן קיין שום קונצן איז בא מיר אלעמאָל געווען דאָס בעסטע מײַכל. דער טאם צעגייט זיך מאמעש אין אלע אייוורים. נאָכן עסן פּארוקט מען מיך אין א פינצטער אלקערל און מע לייגט מיך שלאָפן. סאָף טאָג קומט ארײַן צו מיר דער באלעבאָס.

— נו, — זאָגט ער, — עס קריגן זיך שוין איבער דיר דרײַ הײַזער, נאָר דער ערשטער, צו וועלכן דו מוזט גיין, איז דער סטאראָסטע. פאל ניט אראָפּ בא זיך, איך זע, דו האָסט מאזל, פּרווו זיך ווײַטער. א שוסטער דארף ער נייטיק. עפשער וועסטו מיט אים דורכקומען.

איך פיל, מײַן קאָמפּאניאָן שלעפּט מיך ארײַן אין א מיִעסער שפּיל. אין קאָן שטייט מײַן לײַב-און-לעבן. נאָר א ברייררע האָב איך? איך צי די נײַע קאָרט. איך גיי צום סטאראָסטע.

די ערשטע פראגע איז, ווי עס פירט זיך, מא שמעכאָ.

— זעליק סלאָוואצקי, — ענטפער איך אזוי, ווי עס איז.

— זעליג? — כאזערט ער איבער אף זײַן אויפן. — זייער גוט. און א דאָקומענט?

— קיין דאָקומענט, — זאָג איך, — איז ניטאָ.

— ווי זשע, — ווערט ער גלײַך צעטומלט, — וואָס זשע?.. וואָס ביסטו פאר א מענטש אָן א דאָקומענט?

— ניטאָ, — זאָג איך, — פארלאָרן.

— און מיר האָט מען געזאָגט, דו ביסט א שוסטער, — רופט ער זיך אָפּ טרויעריק. — וואָס קומט אָבער ארויס, אז דו האָסט ניט, וואָס מע דארף.

— איך בין אינדערעמעסן א שוסטער, — זאָג איך, — און איך האָב אלץ, וואָס מע דארף.

— אויב אזוי, וואָס זשע דולסטו א קאָפּ?

— איך האָב אלץ, וואָס מע דארף, — גיב איך אים צו פארשטיין, — אף צו מאכן א פּאָר שטיוול: קלעצלעך, דראטווע, געצײַג.

— אך, — זאָגט ער, — דאָס מיינסטו... נו, יאָ. געוויס. פונדעסטוועגן, זעליג, איז דאָס פון דײַן זײַט א נארישקײַט, וואָס דו האָסט ניט קיין פּאפּירל. אזוי דערלאנגסטו מיר א פּאפּירל, און איך קוק אין פּאפּירל, און אזוי מוז איך שוין קוקן אף דיר.

— קוקט ניט אף מיר, — בעט איך אים, — קוקט אף מײַן ארבעט.

— נו, יאָ, געוויס. — איז ער ווידער גרייט מאסקים צו זײַן. — וויפל צײַט קאָן די ארבעט נעמען? עטלעכע טעג? איבערן דאָרף האָסטו ניט וואָס זיך ארומצודרייען...

קורץ, פון שטוב האָט ער מיך שוין ניט ארויסגעלאָזט. א וואָך האָב איך אָפּגעארבעט בא אים, די צווייטע וואָך בא זײַנעם א ברודער, די דריטע — בא א שוואָגער. און אז דער סטאראָסטע מעג און זײַנע קרויווים אויך, מעגן דאָך געוויינלעכע מענטשן אוודע. מע האָט אײַנגעשטעלט אף מיר אָן אָטשערעד. קיין נאָמען האָב איך אין דאָרף ניט געהאט. „דער שוסטער" האָב איך געהייסן. אין גאס האָט מען מיך ניט געזען. פון איין אָרט אין אנדערן, אז איך האָב געדארפט איבערגיין, איז עס געשען אין אָוונט אָדער פאר שארײַען. אלע האָבן מיך געקענט און וויל פארשטאנען, ווער איך בין. איך ארבעט, און פון יעדן שטיקל ארבעט פאלט מיר אראָפּ א ביסל מאטעריאל, מײַן זאק ווערט קיינמאָל ניט פּוסט. נאָר פאר וועמען נעם איך? ווידעראמאָל פאר זיי טאקע, פאר מײַנע קונדן. וואָס מיר בלײַבט איבער פון אייגעמס זוילן, גייט עס א צווייטן אף גאבויקעס. און אזוי קעסיידער. איך בין געשלאָפן אין דער ווארעם און געגעסן צו זאט. אין מײַן טאָרבע האָב איך שטענדיק געהאט א לעבל ברויט, א שטיקל סאלע און א ביסל בראנפן אויך. איך בין צוריק געקומען צו די קויכעס, אָנגעהויבן נעמען אף זיך לײַב.

איינמאָל באנאכט פיל איך, מע רירט מיך אָן באם אקסל. איך כאָפּ זיך אויף און איך זע, דוכט מיר, עמעצער שטייט לעבן מײַן געלעגער. איך טו א קוק — דאָס איז ער, דער מאלכאמאָוועס מײַנער. דאפקע אָן פליגלען, אָן א כאלעף אין דער האנט. גיכער דערמאָנט ער עפּעס א ביטער משינאָווניקל פון די אלטע דײַטשן. „וואָס, — פרעג איך, א צעטומלטער פון שלאָף, — וואָס ביסטו געקומען נאָך מיר?" ער ענטפערט ניט, נאָר טוט א ווונק אף דער האלב-אָפענער טיר, און איך פארשטיי, אז מע מוז גיין.

א פינצטערע נאכט, ס'איז גיכער אָסיען, איידער ווינטער. א וויסטער, פינצטערער סטעפּ. קיין פײַערל, קיין וועג. און וואָס טיפער אין סטעפּ, אלץ קלאָרער הער איך קוילעס, א גרויס געיאָמער, ווי פון שול אמאָל טישעבאָוו. קיינער איז ניטאָ. פון אונטער דער ערד, פון דער לופט גייט עס טויזנטער יאָמערן פון האמוינים. איך וויים, וועמעס קוילעס דאָס זײַנען, איך אליין זיץ ארומגענומען די קני מיט די הענט און קלאָג. איך וויל, איר זאָלט פארשטיין, וואָס דאָס איז געווען. קיינער איז נאָך מיר ניט געקומען, איך בין ניט ארויס פון שטוב. איך זיץ אף מײַן געלעגער, אונטער דער איקאָנע. אין ווינקל טליִעט דאָס לעמפּעלע, אפן בײַשטידל בא דער טיר הענגט א האנטעך. מײַנע אויגן זײַנען אָפן, איך בין, דוכט זיך, בא אלע כושים און זע אף דער וואָר א בייזן כאָלעם. איך פיל, איך טאָר מער ניט אזוי. ס'איז א טהאָם, איך וועל אומקומען. איך מוז זיך שטארקן. און פון אינווייניק ערגעץ, פון אונטער די פונדאמענטן, טוט זיך אלעמאָל באנײַס א הייב א שטורעם, א כוואליע פינצטערניש שווענקט אָפּ די ווענט, די פּארקאנעס. איך זע זיך אינמיטן באנאכטיקן סטעפּ. און ווידער הער איך דאָס שרעקלעכע געוויין פון דער לופט, פון דער ערד, א געיאָמער פון טויזנטער, פון גאנצע איידעס. און איך זיץ

און קלאָג איניינעם מיט זיי, עק זיך פאר געוויין און קאָן זיך ניט שטילן.

וואָס איך האָב יענע נאכט איבערגעלעבט, איז שווער אויסצומאָלן. איך פארשטיי ביז היינט ניט, וואָס מיט מיר איז דעמלט געווען.

דאָס דאָרף איז געלעגן אין א זייט פון שליאך, מיף פארוקט אין כטעפּ. היטלעריסטן פלעגן זעלטן-ווען אהין פארפאָרן. נאָר יעדן באזוך זייערן האָט מען געהאט צו געדענקען. ער פלעגט קאָסטן געגוג גוטס און בלוט. קיין פארטיזאנער זיינען אין דער נאָענט ניט געווען — ס'איז אן אָפן אָרט, נאָר פאר כאווערן זיך מיט פארטיזאנער האָט מען שוין אופגעהאנגען א באָכערל פון א יאָר זעכצן. אָלעקסא האָט ער געהייסן. א גאָלדענער יאט, ער פלעגט מיר געווינלעך צו וויסן געבן, ווען און ווו איך זאָל זיך באהאלטן, וויל „געסט" דארפן קומען, כאָטש דאפקע אים האָב איך קיין שטיוול קיינמאָל ניט געניים.

צו יענער צייט האָבן די קלאָווים אָנגעהויבן כאפן מיידלעך צו פארשיקן זיי פאר דינסטן צו זיך קיין דייטשלאנד. אין דאָרף האָט זיך געטאָן כוישעך. איך זיץ ערגעץ אין א קעמערל אין געהאקטע ווונדן און טו מיין זאך, און צו מיר קומט אלעמאָל אן אנדערע זיך אן אייצע האלטן, וואָס זאָל זי טאָן, וויאזוי זאָל זי ראטעווען איר קינד. בין איך שוין, הייסט עס, דער אייצע-געבער. איר פילט דעם טאם דערפון, צי ניין? איינער זאָג איך: באהאלט דיין טאָכטער, מע זאָל זי ניט זען; א צווייטער — זאָל זי זיך מאכן קראנק. אקיצער, איך האָב געקנעלט מיט זיי דאָס וואָרט „ביטאָכן".

דאָ מאכט זיך אזא מייסע. דער באלעבאָס, בא וועלכן איך בין דעמלט איינגעשטאנען, קומט צו פאָרן פונעם שכיינעסדיקן דאָרף מיט א נייס. דער דאָרטיקער עלטערער פאָליציי פאָדערט, איך זאָל זיך צו אים יאווען. וואָס איז? איך האָב א שעם אין דער סוויווע. לאָזט זיך אויס, ער האָט געהערט וועגן מיר, וויל ער, איך זאָל אים אופנייען א פּאָר שטיוול. איך האָב פון אים אויך געהערט און האָב גאָר קיין כיישעק ניט צו דער באגעגעניש. מער פעלט מיר ניט, נאָר יענער פויגל זאָל מיך אָנקוקן. מיינע קונדן זיינען ניט ווייניקער צעטראָגן. וואָס טוט מען זיך פאר אן אייצע? מע זוכט ערגעץ אָפּ א שטיקל שוסטער, נאָר דער פאָליציי, — איינמאָל ניין! זעליגען זאָל מען אים דערלאנגען! אָט דער זעליג, שמועסט מען, איז א שוסטער גאָר אן אנטיקל. קורץ, זעליגען זאָל מען אים שיקן, און וואָס גיכער. אָנהייב אָונט זיינען זיך אין שטוב צונויפגעקומען עטלעכע היימישע פּויערים, מע שווייגט מער, ווי מע רעדט. נאָר מיר דאָרף מען קיין פינגער אין מויל ניט אריינלייגן.

— גוטע מענטשן, — זאָג איך צו זיי. — אז מיר ווילט זיך פון אייך ניט אוועקגיין, דאָס פארשטייט איר אליין. אייער כעסעד מיט מיר און אייער ערלעכע פריינטשאפט וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסן. נאָר ליידן איבער מיר זייט איר דאָך ניט מעכויעוו. איך בין בא היינטיקן טאָג א געשטראָפטער. אין די קאלטע ווינטער-כאדאָשים האָט איר מיר געגעבן א דאך, א געלעגער, עסן צו זאט. א הארציקן דאנק. איצט איז ווערנע, וועל איך מיר פרוּוון גיין ווייטער.

— אוועקגיין וועסטו נאָך צייט האָבן, — זאָגט דער באלעבאָס.

ס'איז געבליבן, איך זאָל ביזוואנען-וואָס קראנק ווערן אף א פּאָר וואָכן. לונגען-אָנצינדונג, בויכווייטעק, מאלאריע, צי רעוומאטיזם, — דאָס קאָן איך שוין אליין אויסקלייבן. יענער איז אָבער געווען א ביטערער יונג, דער פאָליציי, הייסט עס. פרעגט ער זיך נאָך, וואָס הערט זיך מיטן כוילע, וואָס געדוייערט עס אזוי לאנג? א מענטש, אז ער איז קראנק, איז אָדער ער ווערט געזונט אָדער ער שטארבט, און דאָ איז עס עפּעס ניט אהער און ניט אהין.

דער באלעבאָס מיינער, גאָר א קלוגער פּויער, שטייף און רויק, ווי אן אלטער דעמב, גיט מיר איבער דעם פאָליציים ווערטער, קוקט אף מיר און שמייכלט קוים-קוים, ווי זיין שטייגער.

— און עפשער, — זאָגט ער, — זאָלסטו טאקע מאכן א שטארב? מירן דיר צונויפקלאפּן א טרונע, דו וועסט זיצן אין דער היים, און די טרונע וועלן מיר באגראָבן. טאָמער וועט אויסקומען דיך אריינלייגן אף א האלבער שאָ, מענטשן זאָלן זען, וועמען מע טראָגט, איז עס אויך א קלייניקייט.

...אָנטיילגענומען אין דער זאך האָבן עטלעכע גאָר היימישע מענטשן, איך אליין האָב געהאָלפן צושניידן די ברעטלעך, אריינשלאָגן די טשוועקעס. מע האָט באשלאָסן, אז אָן א גאלעך וועט זיך עס באגיין, אין דאָרף איז באוווסט, ווער איך בין, און מע וועט פארשטיין, פארוואָס מע מאכט עס אזוי שטיל און גיך. נאָר וואָס דען? קעדיי דער קלאנג זאָל זיך ברייטער פארשפּרייטן צווישן אוילעם, און אלע זאָלן גלייבן, איז נייטיק, מע זאָל מיך טאקע זען ליגן דאָרטן, אין דער טרונע, הייסט עס. ניט ווייט פון צווינטער, לעבן קירילעס כאטע, וועט מען מיך אראָפּלאָזן. דאָרט וועל איך איבערזיצן ביז אָונט.

איז שוין, דוכט זיך, אלץ גוט. וואָס מער קאָן מען בא אזעלכע אומשטענדן פארלאנגען? פונדעסטוועגן, אז איך האָב זיך געדארפט אליין אריינלייגן צום מאלכאמאָוועס אין קעסטל, איז מיר געוואָרן שטארק קאלעמוטנע אונטערן לעפעלע. ווער וועמען גייט אָפּנארן, האָב איך א טראכט געטאָן, — איך אים, צי ער מיך?..

גאנצפרי, ס'האָט נאָר אָנגעהויבן ליכטיק ווערן, איז עס אָפּגעטאָן געוואָרן. איוואן דיובא, מיין באלעבאָס, האָט מיך געפירט אף זיין פור. קירילע מאָראָז איז געגאנגען לעבן וואָגן. פויערים האָבן פון די טויערן באגלייט מיטן בליק די שטילע לעווייע. דורך די שפּארונקעלעך פון די האלב-צוגעמאכטע אויגן האָב איך געזען אלץ. אָט איז שוין קירילעס כאטע, איך גליטש זיך ארויס און די טרונע טראָגט מען אוועק אָן מיר.

איך קאָן אײַך ניט איבערגעבן, ווי לוסטיק ס'איז מיטאמאָל מיר געוואָרן אפֿן הארצן. ס'האָט זיך מיר געוואָלט ארויסשטעלן א צונג דעם פּאסקודניאק, דעם קאָמפּאניאָן מײַנעם. האָסט געשפּילט מיט מיר, ווי א קאַץ מיט א מויז, איצט האָבן מיר א ביסל א שפּיל געטאָן מיט דיר. אזא היצעל! ער האָט מיך געפּאקט אין א שלעכטער מינוט און געמיינט, ער וועט מיך שוין ארומפירן מיטן שלייף אפֿן האלדז, ווי לאנג אים וועט געפעלן. וואָס? איצט ביסטו געבליבן, ווי א נאר, באם אָפּגעריסענעם שטריקל. רעצייעך דו, ניט אלע וועגן זײַנען איבערגעגעבן אין דײַן רעשוס, ניט אלע לעבעדיקע זײַנען דײַנע דינער...

ס'איז דאפקע געקומען א שווער שטיקל צײַט. געשטאָרבן איז געשטאָרבן. ביסט ניטאָ. אײַ, דו ביסט יאָ דאָ, איז אָטעם ניט, פּארנעם ניט קיין אָרט. העכער א כוידעש האָב איך זיך געמוזט באהאלטן. איך האָב געטאָגט און גענעכטיקט אין א שטאל, אין א ווינקל אונטער א בארג שטרוי. איינמאָל אין אָוונט הער איך — עס דונערט. דורך א שפּארונע זע איך — דער הימל איז אין פלאמען. פּארטאָג איז פול געוואָרן דאָס דאָרף. איך דערקען דורך די ווענט: אונדזערע זײַנען געקומען, די רויטע ארמיי!

איך בין ארויס אין גאס, מענטשן גלייבן ניט זייערע אויגן. פּויערטעס ציילעמען זיך פּארציטערטע.

— דו ביסט דאָך געשטאָרבן. מיר האָבן אליין געזען, ווי מע האָט דיך געפירט א טויטן!..

— עס טרעפט אזא זאך, — ענטפער איך, — מכּאס-האמייסים. איר האָט ניט קיין גרויסן טעם געהאט. איך בין אינדערעמעסן געווען א טויטער מענטש, און איצט בין איך צוריק אופגעשטאנען צום לעבן.

מיט נעענטערע גוטעפרײַנט האָבן מיר גענומען א ביסל בראנפן און זיך זייער הארציק צעזעגנט.

פון דער מיעסער צוטשעפּעניש בין איך פּטער געוואָרן, ווי מיט א מעסער אָפּגעשניטן. אויס כאווער. איך האָב א ווײַב ביז הונדערט און צוואנציק יאָר, מיר זײַנען ווידער צוזאמען. און אז איך בין איבערגעקומען אזא גענעם, און דאָס לאָשן דינט מיר נאָך איבערדערציילן עס אלץ פאר אײַך, מעג איך, דוכט זיך, האָפן, אז מיר וועלן נאָך דערלעבן גאָר גוטע צײַטן.

---

## כאנע לעווין

געבוירן אין 1900 אין דניעפּראָפּעטראָווסק. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1921. וווינט אין כאַרקאָוו.

# א פרילינג־פרימאָרגן

עס קומען די בלעטעלעך ערשט פון דעם איי —
די קנאָספּן — אָט נאָרוואָס פארלאָזט,
ביז העלפט נאָך אין טרײַבעלעך זײַנען פארדרייט,
און עטוואָס נאָך שמעקן מיט פראָסט...

ווי קינדעריש־צארט איז פון בלעטל די הויט,
א צווײַגל א טערפּקע פארזוך,
און ערד נעם א הויפן,
כאָטש שמיר עס אף ברויט,
אזוי איז באטאמט איר גערוך.

* *
*

קאיאַר האָט די בערעזקע
זיך פלוצעם אײַנגעבויגן:
א ווינט האָט זי פארטשעפּעט
מיט שארפן עלנבויגן.

און ניט באמערקט אין לויפן,
ווי זי האָט זיך פארשעמט,
דער ווינט האָט זי געטראָפן,
דערזען זי אין איין העמד.

פון שלאָף, און ערשט געוואשן,
פון זון קוים אָפּגעברענט,
עס קײַקלען זיך נאָך טויען
פון אירע הוילע הענט.

די טויען אף די קנאָספּן,
זיי ווערן פול אזוי,
פארשעמט זיך די בערעזקע —
א גרויסע שוין, א פרוי.

קאיאַר האָט די בערעזקע
זיך פלוצעם אײַנגעבויגן,
ווער ווייס, פארוואָס זי שעמט זיך
צו אופהייבן די אויגן...

# די זון איז שלאָפלאָז

מאַיאָווע זון איז שלאָפלאָז —
וויל איַינעמען די וועלט.
דער נאכט קימאט דערלאָזט ניט
אריבערגיין די שוועל.

דו קוקסט זיך נאָך ארום ניט:
די נאכט —
ניט הי,
ניטאָ.
דער טוי, וואָס שפילט אף בלומען,
זאָגט צו א גוטן טאָג.

מיט ווירדע נייגן קעפלעך
די טויבן אפן ראָג,
זיי וואָרקען, וואָרקען העפלעך:
„א גוטערער, גוטערער טאָג”!

אין פעלד דער טאָג צעוואקסט זיך
קימאט אף א מעסלעס,
עס קלאפט אין וויַט א טראקטאָר,
אין הימל רוישן געסט:

די בלאָנדזשענדיקע קינדער,
די פייגלען — גרויס און קליין —
פון וויַטער־וויַט אצינדער
מע יאָגט אהיים, אהיים.

---

דאָוויד בראָמבערג

# באַם ולאַרוס

פאַרדרייט אין מערידיאַנען, פּאַראַלעלן,
דער גאַנצער ערדקײַלעך פאַר אים צעהעלט.
די הענטלעך ציטערן, די אויגן העלן:
ער וויל אַרומנעמען די וועלט.

עס וועלן יאָרן דורך סײַ שנעל, סײַ ניט באַמערקט,
און פליִען אַפן מאַרס ער וועט, צי עפּשער צו ווענערע.
ווער ווייסט, ס׳קאָן זײַן, דער ערדקײַלעך, די גאַנצע ערד
וועט אים אַרומנעמען און אים באַערן...

* * *

מײַן מאַמע האָט געוואָלט זײַן אַף מײַן כאַסענע...
אוי, טעג און נעכט האָט זי דערפון געקלערט!
האָט היטלער, ס׳זאָל אים טאַטשען ווערעם דאָרט אין דר׳ערד,
פאַרשאָטן זי אין ריוו — א ניט דערשאָסענע.

מײַן מאַמע האָט געוואָלט זײַן אַף מײַן כאַסענע...
אוי, נעקאָמע, מאַמע, גענומען כ׳האָב פאַר דיר.
קלעזמאָרים, שפּילט, קלעזמאָרים, שפּילט געלאַסענער, —
מײַן מאַמע זינגט, מײַן מאַמע איז מיט מיר!

מײַן מאַמע האָט געוואָלט זײַן אַף מײַן כאַסענע...
א גליקלעכע זי גייט צו מיר אהער.
איז ברייטער, ברייטער נאָך די ראָד געשלאָסענע! —
מײַן מאַמע גייט מיט אַלעמען א שער.

מײַן מאַמע האָט געוואָלט זײַן אַף מײַן כאַסענע,
טאָ וואָס זשע שלינגסטו, נאַרעלע, א טרער?
מע זאָגט: מע דאַרף וויינען אַף א כאַסענע,
איז ויין זשע, אַז דו זאָלסט ניט וויינען מער!

# ס׳וועט מאָרגן זײַן
## א שיינער טאָג

ניט עס גליט און ניט עס ברענט —
דער הייסער טאָג, ער גייט צו ענד.
נאָר דאָ אַפּסנײַ עס העלט א זון:
מע גיסט דאָ שטאָל, מע שמעלצט
טשוהון.
אין צעכן רויִשט. דו קוקסט אַרויס:
מע דעקט א דאַך. די שטוב איז גרויס.

א טראַקטאָר ווײַט צעאַקערט ערד.
און בלוי, און גרוי, און טונקלער ווערט,
און גליקלעך קינדער שלאָפן אײַן...
בלויז דאָ אין צעך איז העל די שײַן
אין אַלע שויבן, ווי באַטאָג.

ס׳וועט מאָרגן זײַן א שיינער טאָג.

# מײַנע קינדער
## אָנשטאָט אַ װיג-ליד

דעם עלטערן איז אכט,
דעם קלענערן איז זעקס ניט לאנג געװאָרן.
װי גיך, װי גיך זײ לױפן עס, די יאָרן...

אָט, דאכט זיך, ערשט געפױזעט כ׳האָב אף אלע פיר,
די ביקס אין האנט פארפרעסט — דעם פײַנט מיט איר צו פלעטן.
אצינד איז שטיל און נאכט,
אף רײנע בעטן
עס ליגן מײַנע קינדער לעבן מיר.

די אױגן אין דער פינצטער, װי די שטערן.
— דערצײל, דערצײל, — זײ װילן הערן.

...און ס׳קומט אהער א גװאר — קאָטאָװסקי אפן פערד,
און ס׳טוט א בלענד בודיאָנים שװערד,
און דאָרטן — װײַט און װײַטער —
עס פליִען דורך טשאפײַעװס רײַטער,
װי פײַל פון בױגן, —
און יעדע טלאָ קלאפט פונקען אױס בא מײַנע קינדער אין די אױגן!

נאָר קינדער בלײַבן קינדער, — דערצײל א גאנצע נאכט, זײ װעלן הערן.
זײ װילן ניט אנשלאָפן װערן...

און איך דערמאָן זיך אין א שפעטער אָסיען־נאכט:
א בריק, א טײַך אין דינעם גלאָז פארצױגן...
װען איך דערצײל די קינדער פון אָט יענער שלאכט —
באם הארצן קילט און ס׳שװינדלט אין די אױגן.

עס פליִען מינעס אום מעשונע־װילד,
אָט ברענט די בריק און פאלט אין טײַך, אין מיטן...
די קינדער נײַגעריק מיט קאשעס מיך פארשיטן,
װי ס׳װאָלט ניט קלעקן זײ דער אָטעם פאר געדולד:

— דערצײל, דערצײל, צי ס׳איז דער זעלנער ניט געבליבן דאָרט אין טײַך, —
די הערצער קלאפן האסטיקער, געשװינדער, —
דערצײל, צי דער סאָלדאט דערשװומען איז צו אײַך,
צי האָסטו אים געזען, און װו ער איז אצינדער?..

— ער לעבט, נו, יאָ (איך בײזער זיך), שױן שפעט, שלאָפט אײַן!
אך, גײ דערצײל זײ, מײַנע שנעק, די קינדער,
אז װען אָט יענער זעלנער װאָלט ניט לעבן זײַן, —
זײ װאָלטן אף דער װעלט ניט זײַן אצינדער...

# ברייז

אזוי ווי די פייגל, אזוי ווי די רויכן,
איר שווימט איבער יאמען, איר פליט אין די הייכן,
אין שנעלע עקספרעסן — דעם אָטעם פארכאפן,
און גלײַך אינדערפרי אין דער טיר טוט איר קלאפן:
דאָס ווײַב, קיין אײַנהאָרע, א צווילינג געבאָרן,
דער זון צו זײַן מוטער וועט קומען צופאָרן,
דער טאטע מיט פרייד גיט צו וויסן די קינדער:
א דירע באקומען, א דירע — א וואונדער.

און זאָל זיך די ביטערע צײַט ניט א קער טאָן,
ווען קומען עס פלעגן געמאכטע קאָנווערטן.
צי זעט איר, צי ווייסט איר, צי האָט איר געטראכט עס, —
דרײַעקיקע בריוולעך, געשיקטע אָן מארקעס
אף ראכוועסן ברייטע, אף ענדלאָזע רוימען, —
אָ, וויפל איר האָט אונדז געמאכט פאר יעסוימים!
די טויזנטער־טויזנטער אויגן, כ׳קאָן שווערן,
זיי זײַנען ביז איצטער ניט טרוקן פון טרערן...

אין שנעלע עקספרעסן — דעם אָטעם פארכאפן,
מיט פסורעס מיט גוטע אין טיר זאָלט איר קלאפן:
דאָס ווײַב, קיין אײַנהאָרע, א צווילינג געבאָרן,
דער זון צו זײַן מוטער וועט קומען צופאָרן.

# אויגן

בלויע און גרויע, גרינע און שווארצע,
איר לויכט ביזן גרונט, ביזן אָפּגרונט פון הארצן.

אין סימכעס און פריידן, אין צאָרעס און פלאָגן
איר קענט דאָך דעם עמעס קיין ליגן ניט זאָגן.

איך וויל ניט קיין סאך, כ׳וויל נאָר דאָס און ניט מערער:
אז עלטער איר זאָלט ביז דער עלטער ניט ווערן,

אפילע באם טויט שוין — אין פרייד, צי אין ליידן —
א פרײַנט פון א פײַנט איר זאָלט גלײַך אונטערשיידן.

---

# יעשוע לאצמאן



געבוירן אין 1906 אין פּאָקרוי (ליטע). פאַר־ענדיקט א לערער־אינסטיטוט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1929. וווינט אין ווילנע.



איך האָב דיך ליב מיט דײַנע טײַכן, בערגלעך, סקוווערן,
מיט זון אף געדימינער בארג, פארטאָג,
איך האָב דיך ליב פאר דײַנע בויונגען, וואָס ווערן
מיט יעדן טאָג אלץ העכער אף א שטאָק.

איך האָב דיך ליב פאר דײַנע זין, די פארטיזאנער,
וואָס זײַנען נויקעם זיך געווען פאר אומגעבראכטע אין פּאָנאר.
איך האָב דיך ליב און איך ניט רוען וועל, ביזוואנען
דער סוינע לאָקערט, ווי א וואָלף, באנאכט.

איך האָב דיך ליב פאר לענינס מאָנומענט דעם גרויסן,
וואָס ווײַזט אונדז אָן די צוקונפט מיט זײַן אויסגעשטרעקטער האנט.
איך האָב דיך ליב, ווײַל אויך צו דיר געהערן די פּאָרויסן
פון אונדזער גרויסן ליכטיקן פארבאנד!

* *
*

ווי א בלימל, ווי א בלאט,
ווי א קנאָספּעלע פון צווײַג,
ווי א קינד, וואָס שלאָפט געשמאק
בא דער מאמעס ברוסט און שווײַגט,
ווי דאָס ווינטעלע אין גראָזן
לויפט ארום — פארוויגן זיי,
ווי דער שטראל פון דעם קאיאָר,
ווי דער דופט פון פרישן היי, —
איך דערשפיר דיך, מײַן גזאנג,
ווי א הארץ צו הארץ געגנעט,
ס'דאכט, די שורע מיט א קלאנג
פאלט אראָפּ אף מײַנע הענט.

---



## יאָסל בוכבינדער

געבוירן אין 1908 אין טשערניכאָוו (אוקראַי-
נע). פאַרענדיקט דעם קיִעווער פּעדאַגאָגישן אינ-
סטיטוט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1927. וווינט
אין קיִעוו.

### פאַרטאָג

פון אופגאנג א ווארעמע מילדקייט
באגילדעט פאמעלעך מײַן שויב,
פון לאנד די פארטאָגיקע שטילקייט
איך היט, ווי דעם אפל פון אויג.
דעם קײַלעך פון זון כ׳וואָלט
פארגרעסערט,
פארלענגערט איר אופגאנג אין הויך, —
איר פײַער זאָל פלאקערן בעסער,
א פײַער, וואָס ברענגט ניט קיין רויך.

און זאָל זיך די ליכטיקייט ציִען
אף רוסלאנדס צעוואָרפענער ברייט,
זאָל דויערן מער דאָס שאַריען,
זאָל שײַנען מײַן איינציקע פרייד.
קומט, ווארעמע שטראלן, ווי שוועסטער,
קומט כאָוועון מיט בליִונג דאָס פעלד,
דעם קײַלעך פון זון כ׳וואָלט
פארגרעסערט,
צעבלאָזן זײַן פלאם פאר דער וועלט.

### פאלט א שטערן

פאלט א שטערן נאָך א שטערן,
אין דעם אײַנגעשטילטן רוים,
בין איך אָנגעגרייט צו הערן,
עפשער פאלט ער אף מײַן בוים.
עפשער ברענען מײַנע בלעטער,
עפשער סמאליעט זיך מײַן שטאם.

כ׳וויל ניט אָפלייגן אף שפעטער,
כ׳וויל פארלעשן איצט דעם פלאם,
אז וואָס מערער זאָל מיר בלײַבן
שיינע ביימער אין מײַן סאָד,
שוין פארלאָרן האָב איך צווײַגן,
יעדעס בלעטל מיר א שאָד.

### זאנגען

זאנגען וואקסן אינעם פעלד געמיינזאם,
זאנגען ווייסן ניט, וואָס הייסט זײַן איינזאם.
זון־ליכט ווארעמע אף ראכוועסן גערעמע
און דעם טוי פארנאכטיקן — מע טרינקט צוזאמען.
און מע לעבט אינײַנעם, און מע בליט געמיינזאם, —
וויל איך אויכעט לעבן, ווי א זאנג, ניט איינזאם.



## קאָנסטאַנטין סימאָנאָוו

געבוירן אין 1915 אין פּעטראָגראַד. פאַרענ-דיקט דעם ליטעראַרישן אינסטיטוט אף גאָרקיס נאָמען. אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאַטער-לענדישער מילכאָמע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1934. וווינט אין מאָסקווע.

# דער [illegible]



פשער וועט די וויוגע מאָרגן ווי-דער פאַרציִען מיט א שוימיק-ווײַסן שלייער די בערג, נאָר איצט איז דער פרימאָרגן לוי-טער.

ס'איז א מײַ-טאָג אפן צאָפן. די פעלדזיקע בײַיאַמישע טונדרע איז אָנגעהויפּט מיט שניי. כאָפּטעס בערג הייבן זיך פון אלע זײַטן מיט הויכע, ווײַסע היטלען. נאָר די סאַמע שפּיצן, וועלכע די ווינטן האָבן ארומגעבלאָזן, שטעקן ווי קײַלעכיקע שווארצע דעקלעך.

דאָ און דאָרט אף די בערג האָבן זיך צוגע-קלעפּט ריזיקע גרוי-גרינע שטיינער, זיי זײַנען באַוואַקסן מיט טונדרע-מאָך. און די אינדזלען טונדרע-מאָך קוקן ארויס פונעם שניי, ווי גרינ-בלעכער זילבער. די הירשן נייגן זייערע צע-צווײַגטע קעפּ צו דער בידנער פּאַשע. לעבן די גרינגע נאַרטעס שטייען יאַמאַלער אָנטרײַבער. אף זייערע ברוינע סקולאַסטע פּנעמער איז אויסגעגאָסן א רויִקײַט פון מענטשן, וועלכע האָבן זייער לעבן אָפּגעלעבט דאָ, אין דער צאָפּנ-דיקער טונדרע.

דאָס מיליטער רוקט זיך. דער שטאַב דאַרף גיין פאָרויס. לאָדט מען אף די גרינגע נאַרטעס דאָס באַשיידענע שטאַב-פאַרמעגן: טעלעפאָנען, בײַדלעך, לײַכטע אײַזערנע אייוועלעך. אין די היגע ערטער בלײַבן שטעקן לאַסט-מאַשינעס, פערד זינקען ביזן בויך אין שניי, אָבער די הירשן מיט די גרינגע נאַרטעס וועלן אומעטום דורכגיין מיט פּראָדוקטן, געווער, מיט פאַרווונ-דעטע, וואָס דאַרפן געבראַכט ווערן אין הינטער-לאַנד.

מיר האָבן נאָרוואָס דורכגעשפּאַנט א האַלבע מייע קילאָמעטער. דער וועג, וואָס אונדזערע סאַפּיאָרן האָבן, האָרעווענדיק פיל מעסלעס, דורכגעלייגט אף מײַרעוו דורך די בערג, איז הויל, אָן שניי. נאָר ווײַט אראָפּ-באַרג הייבן זיך דורכויסיקע שנייִקע ווענט: זיי זײַנען אזוי רי-זיק, אז ווען מע קוקט פון דער זײַט, זעט מען ניט די הויכע סאַניטאַר-אַווטאָבוסן, וועלכע גיי-ען איבערן וועג צווישן די שניי-ווענט.

נאָר אָט פאַרקערעוועט דער וועג אף לינקס. פונדאַנען פירן צום אַרטילערישן באָאָבאַכטונגס-פּונקט שטעגן, וועלכע דינען בלויז פאַר פוס-גייער.

באַם זײַט וועג קוקן ארויס פון די נידעריקע קוסטעס שווארץ-ווײַסע קאַנאָנען-רערן, וועלכע זײַנען פאַרמאַסקירט אזוי, אז זיי טיילן זיך ניט אויס פונעם אָרטיקן פּייזאַזש. איבער די פעלדזן-שפּיצן ציט זיך פאָרויס דער שווארצער פאָדעם פונעם טעלעפאָן-דראָט. זעקס קילאָמעטער שלעפּן מיר זיך לענגויס דעם דאָזיקן פאָדעם, קלעטערנ-דיק אַלץ העכער און העכער איבער די פעלדזן.

נאָר אָט איז דער באַרג, וועלכער הייסט רע-זעץ, — דאָס איז דער פּונקט, צו וועלכן מיר זײַנען געגאַנגען.

נאָך ערשט ניט לאַנג איז דאָ געשטאַנען דאָס דײַטשישע באַרג-מיליטער. איצט זײַנען די דײַטשן אראָפּגעשלײַדערט און אפן באַרג האָבן ארופגעקלעטערט אונדזערע באָאָבאַכטער.

אף דער שטיינערנער פלאַך, וואָס איז צע-פּראַלט פאַר אלע ווינטן, איז אויסגעלייגט פון גרויסע שטיינער א האַלב-קײַלעכיק נידעריק ווענטל, וואָס איז צוגעקלעפּט צום פעלדז, ווי אַן אָדלער-נעסט. די נעסט גרייכט א מענטשן ביז דער ברוסט און פון ביידע זײַטן קוקן ארויס די צווייהערנערדיקע שפּאַקולן פון דער סטע-רעאָסקאָפּישער רער.

אפן באָאָבאַכטונגס-פּונקט זײַנען, אכוץ דעם דעזשורנעם קאָמאַנדיר, דעם טעלעפאָניסט און דעם אויסשפּירער, פאַראַן נאָך צוויי: דער קאָ-מאַנדיר פון פּאָלק פּאָדפּאָלקאָווניק ריקליס און א דײַטשישער יעפרייטאָר.

יאָ, א דײַטשישער יעפרייטאָר, דער עסטרײַ-

כער פראנץ מײַער. ער איז אָנגעטאָן אין זײַן בלוי-גרויען שינעל, וואָס איז פארפּאָראָשעט מיט שניי. אפן ארבל פון שינעל — א באזילבערט מעטאלן קווייטל.

דאָס באזילבערטע קווייטל, וואָס רופט זיך ערדעלווייס, — איז דער ריכטיקער סימען, אז פראנץ מײַער איז א סאָלדאט פון דער זעקסטער עסטרײַכישער דיוויזיע בארג-יעגער, וואָס איז בעשײַטע בארימט געוואָרן מיט אײַנעמען קרים. איצט האָט די דיוויזיע א פארפינצטערט אויסקומעניש אָט דאָ אין דער טונדרע.

עס פאטשט אפן ווינט די פאנאנדערגעוויקלטע מאפּע אין דעם פּאָדפּאָלקאָווניקס הענט און דער יעפרייטאָר פירט מיט זײַן פינגער איבער איר, נאָכדעם גייען זיי ביידע צו דער סטערעאָסקאָפּישער רער. מײַער ציִלעוועט זי אָן מיט ארטיקערישער באהאוונטקײַט און, כאפּנדיק א קוים באמערקבארן פינטל, ווײַזט ער עס דעם פּאָדפּאָלקאָווניק.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק איז מאסקים, ווײַל זײַן אייגענע באָבאכטונג פאלט צונויף מיט דעם נעפאנגענעמס באמערקונג.

מע פירט אוועק מײַערן פון באָבאכטונגס-פּונקט אין דעם ערד-שטיבל, וואָס געפינט זיך הינטערן בארג. ריקלים באגלייט מיט זײַן בליק דעם סוטולעוואטן עסטרײַכער, וועלכער פארשווינדט, פאָכנדיק מיט די פּאָלעס פונעם צעריסענעם שינעל, און דערצײלט פראנץ מײַערס קורצע געשיכטע.

פראנץ מײַער איז אן ארטילעריסט — א באָבאכטער. ער האָט הײַנט אינדערפרי פארבלאָנדזשעט, גייענדיק צו זײַן פּונקט. נו, האָבן אים אונדזערע אויסשפּירער גענומען. מײַער האָט זיך ניט געווערט, ניט געפּרוּווט זיך שלאָגן, ער האָט זיך געלאָזט נעמען, און ניט דערצײלט קיין ליגנס, אז ער איז אריבערגעלאָפן.

ניין, ער איז ניט קיין אריבערגעלאָפענער. ער איז פּראָסט-פּאָשעט א דערפרוירענער, א סאָלדאט, וואָס איז ביז גאָר פארמאטערט פון דער מילכאָמע, דערצו איז ער אן עסטרײַכער — א מענטש, וועמעס היימלאנד היטלער האָט, כוץ פארקנעכטונג און אומגליק, גאָרנישט ניט געבראכט. מײַער איז די לעצטע צײַט אנטוישט און גלײַכגילטיק, ער האָט געוואַרט נאָר אויף א קויל, וואָס וועט איבעררײַסן זײַן לעבן. בײַם אונדזערע האָבן אים ארומגערינגלט, האָט ער מיט זײַנע אָפּגעפרוירענע פינגער ניט א כאפּ געטאָן זיך פאר דעם קאראבין, ער האָט א שווײַגנדיקער געווארט, און אים איז געווען אלצאיינס: אזוי צי אזוי וואַרט אויף אים דער טויט. וואָרעם ער איז געווען זיכער, אז אין געפאנגענשאפט וועט מען אים הארגענען. אזוי האָט מען געשריבן אין דער סאָלדאטישער צײַטונג „וואכט אים נאָרדען“, אזוי האָבן געזאָגט די אָפיצערן, אזוי האָט ער אליין געטראכט, ווײַסנדיק, וואָס מע טוט לויט דעם גענעראל דיטלס באפעלן מיט די רוסישע געפאנגענע.

מע האָט אים אנטוואָפנט און אוועקגעפירט. ניט דערשאָסן. געלאָזן אים זיך אָנווארעמען לעבן דער אײַזערנער הרובקע אין רוסישן סאָלדאטישן בײַדל, מעכאבעד געווען מיט רוסיש ברויט. נאָכדעם האָט מען מיט אים געשמועסט. מע האָט אים ניט געמײַמעסט, ווי דאָס פלעגט טאָן דער פעלדפעבל גרימל, ניט געוואָרפן מיטן פּנים אין שניי, ווי דער פעלדפעבל קראוזע, ניט צוגעבונדן צו קיין סטויפּ, ווי דאָס פלעגט טאָן דער קאפּיטאן אבערהאוז.

די ווארעמקײַט פונעם בײַדל, א טעפּעלע טיי, א שטיקל ברויט און א מענטשלעך וואָרט איז גאָר ניט קיין סאך, אבער אָט דאָס קנאפּע האָט פראנץ מײַערן פּלוצעם דערשימערט. דערשיטערט מיטן קאָנטראסט צו דעם, אויף וואָס ער האָט זיך גערעכט אין געפאנגענשאפט. דאָס איז אזא הייפּעך צו די גרויזאמקײַטן, וואָס האָבן געהערשט אינעם ארמיי-קאָרפּוס בא זײַן גענעראל דיטל, אָדער, ווי די סאָלדאטן האָבן אים גערופן צווישן זיך — „דער טויט פון די יעגער“.

ריידנדיק מיט פראנץ מײַערן, האָבן אים די רוסישע קיין זאך ניט צוגעזאָגט. אבער לויט זייער טאָן, לויטן אויסדרוק פון זייערע פּנעמער האָט ער מיטאמאָל פארשטאנען, אז מע וועט אים דאָ ניט דערשיסן. מע וועט זיך ניט איזדיעקעווען איבער אים. אין מײַערן האָט אופגעוואכט עפּעס פארגעסנס, ווײַטס, אזוינס, וואָס איז אין אים געווען דערשטיקט פון שרעק און מושטרע.

אין דער רגע איז ער געווען פרײַ פון שרעק, ער איז געוואָרן באהערשט פון א באגער מיט עפּעס אָפּצודינען די מענטשן, וועלכע זײַנען זיך מיט אים באגאנגען מענטשלעך.

אן אויפגערודערטער האָט ער געזאָגט דעם איבערזעצער, אז ער וועט דערקלערן אלץ, וואָס ער ווייסט. אן אויפגערודערטער האָט ער געטײַטלט מיט דעם פינגער אין דער דײַטשישער מאפּע, וועלכע מע האָט גענומען מיט אים אינײַנעם, און ערשט אפן באָבאכטונגס-פּונקט האָט ער זיך פּלוצעם אינגאנצן בארויקט. ער האָט מיט א האסטיקער הארטער באוועגונג א נעם געטאָן די סטערעאָסקאָפּישע רער, מיט אן אויסזען פון א מענטשן, וואָס וועט אנטשלאָסן גיין ביזן סאָף.

אָט אזא איז געווען פראנץ מײַערס געשיכטע, וואָס דער פּאָדפּאָלקאָווניק ריקלים האָט אונדז דערצײלט.

עס איז געווען עלף אזייגער אין אָוונט, נאָר אָט איז שוין צוויי וואָכן ווי דער פּאָליארישער טאָג פלאָנטערט אונדזערע פאָרשטעלונגען וועגן טאָג און נאכט. אין די אָוונט-שאָען ווערט ניט פינצטערער, דער הימל ווערט בלויז געדיכטער באדעקט מיט בלײַ. די ווײַטע בארג-רוקנס ווערן נאָך בלויער, נאָר פון די באָבאכטונגס-פּונקטן זעט זיך, פּונקט ווי פריער, אויף עטלעכע קילאָמעטער ארום יעדער פעלדז. די בארגיקע פּראָסטיקע לופט האָט פארקירצט די שטרעקעס, אלץ האָט אויסגעזען צו זײַן נאָענט. און טאקע אינדערעמען, די דײַטשישע פארפעסטיקונגען, וועלכע אונדזער מיליטער האָט געשטורמעוועט, זײַנען געווען גאָר ניט אזוי ווײַט. קוקנדיק אין

דער סטערעאָסקאָפּישער רער, האָבן מיר געזען אַף די פעלדזן די אָנגעהויפטע שטיינערנע דאָטן פונעם סוינע און די דינע שורעס פלעקענער מיט שטעכדראָט.

נאָך דער לאַנגער שלאַכט איז געקומען אַ שטילע שאָ. דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט זיך געקליבן אַראָפּגיין פון באַרג נאָך דער 26-שאָיקער וואָך. אַ לעצט מאָל האָט ער מיט אַ באַלעבאַטיש אויג באַטראַכט די לאַנדשאַפט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אויך איצט טייל ן זײַנע אויגן דעם פּייזאַזש אַף קוואַדראַטן, פּונקט אַזוינע ווי אַף דער מאַפּע, וואָס ליגט אין זײַן אַרטילערישן פּלאַנשעט.

אין דער נידעריקער זײַנען היטער שטיינער־הורבעס געשטאַנען די דײַטשישע באַטאַריען, מיט וועלכע ער האָט געקעמפט. אייניקע זײַנען געווען צעקלאַפּט, אַנדערע שוין אַנשטומט. דער טאָג איז געווען אַ געראָטענער. אַף אַ דערווײַטערט בערגל, וואָס האָט לויט דער פאָרם דערמאָנט אַ זאָטל, האָט אינדערפרי די באַטאַריי פונעם עלטערן לייטענאַנט וויניאָקוראָוו צעניריקט דעם סוינעס אַ באַטאַליאָן, וועלכער האָט זיך געגרייט אונדז צו אַטאַקירן. אַף אַ שכיינעסדיק בערגל האָבן זיך געזען גרויע פלעקן פון צעשמעטערטע דזאָטן.

אין פּייזאַזש האָבן געהערשט נאָר צוויי פאַרבן — ווײַס און גרוי. די פאַרפעסטיקונגען און די ערד־שטיבלעך איז שווער געווען אָפּצוטיילן פון די ריזיקע שטיינער. אָבער דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט פּינקטלעך אָנגעצילט די סטערעאָסקאָפּישע רער אַף עפּעס אַ ווײַטן פּינטל און האָט פאַרגעלייגט אַ קוק טאָן אַהין.

— איר זעט דרײַ פלעקן?

— יאָ.

— דאָס זײַנען פאַרמאַסקירטע ערד־שטיבלעך. מיר האָבן זיי נאָך אינדערפרי באַמערקט, אָבער דערווײַל איז דאָרטן שאַ־שטיל. זאָלן זיי זשיפּען ביז מאָרגן. מאָרגן וועלן מיר זיי אויך צענעריקן.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט גערעדט וועגן די דאָזיקע ערד־שטיבלעך מיט אַ טאָן פון אַ באַלעבאָס, וואָס לאָזט זיי איבער אַף שפּעטער, ביז מאָרגן, און צווייפלט ניט, אַז זיי וועלן שוין פון אים ניט אַוועק. ס׳איז געווען שטיל, נאָר פון צײַט צו צײַט האָט זיך געהערט דאָס שיסן פון איינער אונדזערער אַ באַטאַריי, וואָס האָט קנײַלעכדיקע מעסלעכן מיט איר פײַער באַאומרויקט דעם וועג, וועלכער האָט געפירט צו די דײַטשישע פּאָזיציעס. מיר האָבן געזען אין בינאָקל, ווי איבערן וועג שפּאַנען פערד און מענטשן. אַ קליין אופרײַס־רייכל — אַ פערד און אַ מענטש פאַלן, די איבעריקע צעלויפן זיך. עטלעכע מינוט שטילשווײַגן — און ווײַטער אַ מעטאָדישער קנאַל, דאָס רייכל באַווײַזט זיך שוין ערגעץ ווײַטער, דאָרט, ווו עס פאַרקערעוועט דער וועג.

פּויזענדיק, קנײַקלענדיק זיך פון באַרג, האָבן מיר ענדלעך זיך דערקליבן אַהין, ווו עס איז געשטאַנען דעם פּאָדפּאָלקאָווניק ריקליסעס בײַדל. אַן אַדיוטאַנט און צוויי טעלעפאָניסטן — דאָס איז געווען זײַן גאַנצע סוויטע, וועלכע ער האָט מיטגענומען מיט זיך אַהער, אַוועקפאָרנדיק פון שטאַב.

דאָס בײַדל שאָקלט זיך פון שנײַדנדיקן ווינט. אַ קעסטל אַנשטאָט אַ טיש. אַ קליין אײַזערן הרובקעלע, צוויי הויפנס אָנגעהאַקטע צווײַגלעך אַנשטאָט בעטן — אַזוי זעט אויס דער צײַטווײַליקער קאָמאַנדירן־פּונקט.

יעפים סאַמסאָנאָוויטש ריקליס וואַרעמט באַם פלאַם זײַנע פאַרקאַלייעטע פיס.

מיט אַ האַלב יאָר צוריק האָב איך אים באַגעגנט אין אַן אַנדער אָרט אַף דעם זעלבן קאַרעלישן פראָנט. דאַן איז ער געווען אַ מאַיאָר — איצט אַ פּאָדפּאָלקאָווניק און אַף זײַן גימנאַסטיאָרקע בלאַנקט אַן אָרדען פון דער רויטער פאָן. אָבער מער האָט ער זיך מיט גאָרנישט ניט געביטן. די זעלביקע טונקל־דאָרעמדיקע אויגן, די זעלבע דאָרעמדיקע היציקײַט, און, פּונקט ווי דעמלט, פאַרליבט אין זײַנע ווײַטשלאָגנדיקע און אין האַרצן אײַנגעבאַקענע האַרמאַטן. אויך איצט איז ער מעסוגל צו ריידן וועגן זיי, ווי וועגן עפּעס זייער קלוגע, לעבעדיקע באַשעפענישן. ווי פריִער, דער זעלבער טרויער, בײַם עס קומט אים אויס צו ריידן וועגן זײַן מישפּאָכע.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק איז אַן אַלטער אַרטילעריסט, אַ מײַסטער און אַ פּאַטריאָט פון זײַן פאַך. ער איז פאַר צוואַנציק יאָר דורכגעגאַנגען אַ האַרבן מיליטערישן וועג.

אַ ייִדיש ייִנגל פון מאָלדאַוויע, וואָס האָט שלעכט גערעדט רוסיש, איז ער אַוועק אין דער רויטער אַרמיי און אַרײַן אין איינער פון אונדזערע ערשטע אַרטילעריע־שולן. פון אָנהייב איז אים געווען מוירעדיק שווער, ווײַל כוץ אַלץ, האָט ער דאָך באַדאַרפט לערנען רוסיש. ער איז אָבער געווען אַקשאָנעסדיק און האָט אין צוויי יאָר אַרום פולקום באַהערשט די שפּראַך און נאָכן פאַרענדיקן די שול יאָרנלאַנג געדינט אין דער אַרטילעריע.

ס׳האָבן זיך געביטן די דינסט־ערטער, די גאַרניזאָנען, אַלע מאָל אַלץ ווײַטער און ווײַטער אַף מיזרעך. זײַן ערשטער זון איז געבוירן געוואָרן אין פּערם, דער צווייטער אין טשעליאַבינסק, די טאָכטער — אין בוריאַטיע. אין דער מישפּאָכע האָט מען זי טאַקע אַזוי גערופן — בוריאַטקע. די מישפּאָכע האָט געוואַנדערט אינאיינעם מיטן סאָלדאַט.

פינף יאָר האָט ריקליס געדינט אַף דער ווײַט־מיזרעכדיקער גרענעץ, אין די געדיכטע וועלדער פון טראַנסבײַקאַל. דאָס שטרענגע ווײַט־מיזרעכדיקע אויסקומעניש האָט פאַרהאַרטעוועט ריקליסעס האַרץ. אַפן עקסטן צאָפן איז ער געקומען אַ גרייטער צו אַלע ניסיוינעס און צופעליקײַטן. די מילכאָמע האָט ער באַגעגנט אַפן האַלב־אינדזל ריבאַטשי. ווילדע וויוגעס, מוירעדיקע ווינטן, אָפּגעזונדערטקײַט פון דער גאַנצער וועלט. אין אַזעלכע אומשטענדן איז אים אויסגעקומען אָנצוהייבן די מילכאָמע. אָבער אין דער געפערלעכסטער מינוט האָבן ריקליסעס באַטאַ-

רייען ניט דורכגעלאָזן די דײַטשן צום האלב-אינדזל.

...אפֿן באָבאַכטונגס-פּונקט האָבן זיך געביטן די מענטשן. זיי זײַנען געגאַנגען אָנוואַרעמען זייערע פֿאַרשמאַרטע אייוורים. אָבער ריקליס איז ווי צוגעזאָטן געוואָרן צו דער סטערעאָסקאָפּישער רער און זײַן הייזעריקע שטים האָט ניט געלאָזט רוען די באַטאַרייען.

הײַנט איז דאָס ערשטע מאָל פֿאַר די לעצטע דרײַ מעסלעס, וואָס ער קאָן זיך א ביסל אָנוואַרעמען און א שלאָף טאָן. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אָף די צווײַגן, וועלכע זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן מיט דער פּלאַשטש-פּאַלאַטקע, נאָר עס האָט זיך אים ניט געשלאָפֿן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי מיט דרײַ טעג צוריק האָבן זײַנע אַרטילעריסטן דורך שניי און ווענלאַזיקייט געפּידט אהער סנאַריאַדן. פֿריִער זײַנען געבליבן שטעקן די לאַסט-אווטאָמאָבילן, נאָכדעם די שלעפּ-מאַשינעס, דאַן האָט מען געלאָדן די סנאַריאַדן אָף פֿערד, אָבער זיי האָבן זיך אויך אַרויסגעשלאָגן פֿון די קויבעס. די האַרמאַטן האָבן אָבער געמוזט שיסן, די האַרמאַטן האָבן ניט געטאָרט שווײַגן. דעמלט האָבן די מענטשן גענומען שלעפּן די סנאַריאַדן. יעדער איינער האָט געטראָגן איין שווערן סנאַריאַד. אָט אַזוי זײַנען די מענטשן מעסלעכנווײַז געגאַנגען פֿיל קילאָמעטער איינער נאָכן אַנדערן דורך שניי און זאַווערוכע. דאָס איז געווען שווער, אומענטשלעך שווער, אָבער די האַרמאַטן האָבן געשאָסן...

אין דעם עטוואָס צעעפֿנטן בײַדל האָט א בלאָז געטאָן שניי. עס איז אַרײַנגעקראָכן דער פֿאַרבינדלער, דער פֿרייליכער בלאָנדער באָכער מיט דער מיידלשער פֿאַמיליע מארוסיטש. ער האָט געשפּאַנט צען קילאָמעטער און פֿאַרט געבראַכט א זאַק מיט שפּײַז פֿאַרן פּאָדפּאָלקאָווניק.

ריקליס האָט מיט א מעסער געעפֿנט א שאַכטל קאָנסערוון, אָנגעגאָסן אין צוויי אַרטילעריסטישע בעכערלעך — אין קעפּלעך פֿון סנאַריאַדן — בראָנפֿן און פֿאַרטראַכט געזאָגט:

— אָט האָט איר אײַך דעם צוואַנציקיאָריקן יובילײ. ס'איז צום גוטן, וואָס דאָס איז געשען דאָ. אקוראַט אייערנעכטן איז געוואָרן פֿולע צוואַנציק יאָר זינט איך בין אין דער אַרמיי. אייערנעכטן איז קיין צײַט ניט געווען און עס איז אויך ניט געווען מיט וועמען צו מאכן א לעבאַיִם, איז לאָמיר דאָס טאָן מיט א פֿאַרשפּעטיקונג כאָטש הײַנט. און איצט שלאָפֿן, יאָ, שלאָפֿן...

ער האָט זיך נאָכאַמאָל צוגעלייגט און פֿאַרמאַכט די אויגן, נאָר אין א רגע ארום האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט און ווידער זיי געעפֿנט.

— דאָ איז פֿאַראַן בא די דײַטשן איינע א באַטאַריי, האָב איך מיט איר אַלטע כעזשבוינעס. זי האָט אריבערגעוואַנדערט אהער פֿון דאָרטן, ווו איך בין פֿריִער געווען. דאַן האָט זי בא אונדז געהייסן „ציל נומער 7". איצט רופֿן מיר זי „ציל נומער 15". די אַלטע סאָנים גייען מיר נאָך פּוסטריט. נאָר עס מאַכט ניט אויס, איך וועל זיך אָפּרעכענען.

ער האָט זיך אויסגעדרייט אָף א זײַט און איז גלײַך אײַנגעשלאָפֿן מיט א שלאָף פֿון א מענטשן, וואָס האָט לאַנג דעם קאָפּ ניט צוגעשפּאַרט.

אָף מאָרגן איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אן איידעס, ווי ריקליס האָט זיך אָפּגערעכנט מיט זײַן אַלטן סוינע.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט קאָרעקטירט דאָס באַטאַריי-פֿײַער. אָט זײַנען די דײַטשן שטיל געבליבן, אָט האָבן זיי ווידער געענטפֿערט מיט פֿײַער. זיי האָבן באשאָסן די פּאָדעראַליניע. פּלוצעם האָט זיך צעריסן א סנאַריאַד אָפֿן סאַמע שפּיץ פֿעלדז, א צוויי הונדערט טריט פֿון באָבאַכטונגס-פּונקט. א רונד רויכיק וואָלקנדל איז פֿאַרקילט געוואָרן אינדערלופֿטן.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט זיך צוגעהערט צום ווײַטן קנאַל.

— דאָס איז די פּופּצנטע, — האָט ער פֿאַרזיכערט. — זי האָט זיך אריבערגעקליבן לינקס. יאָ, ערגעץ לינקס, אָבער נעענטער.

ער האָט אָפּגיך געמאַכט עטלעכע אויסבעסערונגען אין די פֿריִערדיקע כעזשבוינעס און איבערגעגעבן א באַפֿעל דעם טעלעפֿאָניסט. ער האָט גענומען אָנטאָפּן צווישן די פֿאַרשנייטע פֿעלדזן זײַן אַלטן באהאַלטענעם סוינע.

אַלץ האַסטיקער זײַנען געוואָרן די באַפֿעלן. אַלץ אָפֿטער האָבן געשאָסן אונדזערע האַרמאַטן. דער אזארט פֿון דעם דאָזיקן אַרטילעריע-דועל האָט באהערשט די אַלע, וואָס זײַנען דאָ בײַנגעווען. בא אַלעמען האָבן געפֿלאַמט די פּנעמער. עס איז געווען א האַרטנעקיקער, אָן אָנשוילעכער קאַמף. ווײַל מע האָט געדאַרפֿט זיך דערקלײַבן צו די דײַטשן פֿריִער, איידער זיי וועלן זיך דערקלײַבן צו אונדז. דער לעצטער סנאַריאַד האָט זיך צעריסן באַם סאַמע ווענטל.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט א שנופּ געטאָן מיט דער נאָז די לופֿט. ס'האָט געשמעקט מיט רויך און פּולווער. ער האָט לאַנג און אָנגעשטרענגט געקוקט אין דער סטערעאָסקאָפּישער רער. געמאַכט די לעצטע אויסבעסערונג און באַפֿוילן, מע זאָל געבן נאָך א זאַלפּ.

הינטער אונדז האָט דורכגעדונערט די באַטאַריי. ריקליס האָט אַרופֿגעצויגן די הענטשקעס, פֿאַרשפּיליעט דעם פּלאַנשעט מיט א באַוועגונג פֿון א מענטשן, וואָס האָט דאָ זײַן אַרבעט געענדיקט און קאָן אוועקגיין.

מיר האָבן אים אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט.

— איצט האָבן מיר מיט איר פֿאַרענדיקט, — האָט ער געזאָגט מיט זיכערקײַט, — דאָס איז געווען איר לעצטער קנאַל. מע קאָן זיך גיין אָנוואַרעמען. נאָר אויב איר ווילט, קאָן מען אויך צוּוואַרטן.

א מינוט פֿופֿצן האָבן מיר טאַקע געוואַרט. די דײַטשן האָבן געשוויגן. ווײַזט אויס, דער פּאָדפּאָלקאָווניק איז גערעכט געווען. לעקאָוועד זײַן סאָלדאַטישן יובילײ איז ער אַרויס א זיגער פֿון נאָך איין דועל.

ייִדיש — ש. גאָרשמאַן.

## מוישע אלטמאַן

געבוירן אין 1890 אין ליפקאַן (מאָלדאַוויע). אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1912. וווינט אין טשערנאָוויץ.




# אַ געשיכטע מיט ליבע

ער אלטער ארטיסט האָט אין מעשעך פון עטלעכע מינוט גע־שפּרייזט איבערן צימער, ניט ריידנדיק א וואָרט. זיין גאַסט און פריינט, א ניט יונגער שריי־בער, האָט אים נאָכגעפאָלגט מיט נייגער: עפּעס איז געשען מיטן אלטן, עפּעס וואָס פּלאָגט זיין געמיט. דאָס שווייגן איז ניט אין זיין נאַטור און אויך ניט אין כאַראַקטער פון זייערע פריינטלעכע באַציִונגען.

דער גאַסט האָט זיך אופגעהויבן און, ווי אנטשולדיקנדיק זיך:

— בא אייך איז היינט א שלעכטע שטימונג. עפשער איז גלייכער, איך זאָל אוועקגיין?

דער ארטיסט האָט זיך אָפּגעשטעלט, א ווײַלע געקוקט אף זיין גאַסט, ווי באַמיִענדיק זיך טוי־פעס צו זיין, וואָס זיין פריינט האָט געזאָגט. באַלד א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף ניין:

— ניין, ניט גלייכער! איך האָב היינט בע־עמעס א פּאַסקודנע שטימונג. אָבער... זיצט.

און ווידער געמאַכט עטלעכע קרייזן איבערן צימער. דאָך ווינציקער נערוועז. געבליבן שטיין און, קוקנדיק שטייף אין די אויגן פון זיין פריינט:

— הערט. איך וועל אייך פאַרגעבן א פרא־גע, נאָר מיט א טנאַי: ענטפערן אופריכטיק, אָן דיפּלאָמאַטיע. איר טראַכט אמאָל וועגן טויט? איר כידעשט זיך? קיינמאָל ניט געווען קיין רייד צווישן אונדז אף דער טעמע? איר פרעגט זיך געוויס: איז דער אלטער ניט קראַנק? שווערע פאָרגעפילן? ניין, ניט קראַנקער ווי געוויינלעך. פאָרגעפילן באַאומרויִקן מיך ניט. איר האָט ניט געענטפערט אף מיין פראַגע, איר טראַכט אמאָל וועגן טויט?

— געוויס...

— מע טראַכט ווינציק, מיין פריינט, און דערפאַר באַציט מען זיך אזוי גרינגשעציק צום לעבן. איך גלייב, אז איר פאַרשטייט מיך. איך רייד וועגן לעבן ביכלאַל, וועגן לעבן אלס פּרינ־ציפּ, אלס איקער־פּרינציפּ. איר הערט, מיר קומט אמאָל אין קאָפּ א מעשוגעדיקע אידיי: פון צייט צו צייט וואָלט איך געלאָזט ארויסהענ־גען פּלאַקאַטן מיטן אלטן מעמענטאָ. מעמענטאָ מאָרי — געדענק אין טויט. געדענק, אז קיין אומשטערבלעכע זיינען ניט פאַראַן. אומשטערב־לעכע... ווי דאָס וואָרט איז באַנאַליזירט גע־וואָרן! איך בין צופרידן, וואָס כ'האָב דאָס וואָרט בא אייך ניט באַגעגנט. און איך ראַט אייך, איר זאָלט עס קיינמאָל ניט נוצן, ווען איר רעדט אָדער שרייבט וועגן מענטשן, ווער זיי זאָלן ניט זיין. די בעעמעס גרויסע פּערזענלעכ־קייטן האָבן ניט געזאָרגט וועגן זייער פּערזענ־לעכער אומשטערבלעכקייט. דאָס איז די מאַניע פון קליינע נעשאָמעלעך און גרויסע מאַניאַקן. אומשטערבלעך איז די נאַטור, אומשטערבלעך דער אייביקער פּראָצעס פון שאַפן. אזוי זיינען די ווערק פון גרויסע טאַלאַנטן, די טאַטן פון אויסדערוויילטע. דאָן־קיכאָט זאָגט וועגן זיך, אז ער וועט ניט שטאַרבן. נאַטירלעך, סערוואַנטעס זאָגט עס מיט זיין מויל: דאָן־קיכאָט וועט ניט שטאַרבן...

א קליינע פּאַוזע. גענומען די פּייקע, אָנגע־פילט מיט טאַבאַק, נאָר ניט אָנגעצונדן. אוועק־געלייגט. דער שרייבער האָט נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג. א מענטש מיט גענוג דערפאַרונג, האָט ער פאַרשטאַנען, אז ניט דאָס איז דער אי־קער, די סיבע פון זיין פריינטס שטימונג. עפּעס מוז אים פּלאָגן, נאָר ס'איז אים שווער צו קו־מען דערצו. ער האָט געוואַרט.

— ...יאָ, איך וואָלט געוואָלט דערמאָנען

מענטשן, אַז אַלץ, וואָס לעבט, איז שטערבלעך, ניט קעדיי צו פאַרומערן דאָס לעבן, — וועגן דעם האָט מען שוין גענוג געזאָרגט, שוין צופיל, — פאַרקערט, קעדיי צו צווינגען טיפער עס צו שעצן, האָבן מער אָפּשײַ פאַרן לעבן, פאַר יעדנס לעבן... איך האָב פײַנט דעם טויט. פײַנט, נאָר אָן מוירע. מײַן פּערזענלעכע באַציִונג צום טויט — וויאַזוי זאָל איך עס אײַך דערקלערן? אָט לאָמיר זאָגן, איר שטייט אין עק פון א גרויסער ריי בא דער בילעטן־קאַסע אין סאַמע קוראָרט־סעזאָן. איר זײַט נערווירט: עס וועט קיין פּלעצער ניט סטײַען, דער באַן וועט אָפּגיין. און מיטאַמאָל קוקט איר זיך אום און דערזעט — איר זײַט שוין ניט דער לעצטער, הינטער אײַך וואַרט א מענגע מענטשן. עס ווערט אײַך גרינגער. איר זײַט דאָך פאָרויס פאַר אַנדערע. איר פאַרשטייט? פאָרויס...

ווידער געמאַכט עטלעכע טריט איבערן צימער. באַם שרײַבער האָט זיך געשאַפן אַן אײַנדרוק, אַז דער אַלטער רעדט מיט זיך אַליין. אָבער וואָס, אייגנטלעך, פּלאָגט אים? זאָל עס דאָך זײַן די שווערע שפּירונג פונעם אומפאַרמײַדלעכן? ניין. עס איז עפּעס אַנדערש. אָבער וואָס? זיך א זאָג געטאָן אין געדאַנק: גערולד! א שרײַבער מוז האָבן גערולד אויסצוהערן א מענטשן. און דער אַלטער איז עס ווערט. ער רעדט ניט קיינמאָל גלאַט צוליב דער האַנאָע פון לאָזן זיך הערן. דער אַלטער האָט ווידער גערעדט.

— ...אָט אַזוי, מײַן פרײַנט. איך האָב פײַנט דעם טויט. ניט פאַר זיך, נאָר פאַר אַנדערע, פאַר די, וואָס האָבן מאָראַליש רעכט אַף צו לעבן, פאַר די, וואָס האָבן ליב. ליבע — עכטע, ווירקלעכע — דאָס איז אויך שאַפונג. און מעגלעך, אַז די שענסטע. ליב האָבן א מענטשן, קינדער, קונסט, די נאַטור, מיט איין וואָרט — דאָס לעבן, דאָס איז שאַפונג. איך ווייס ניט, וויאַזוי עס אויסצודריקן קלאָר. דאָס וואָלט געקענט א שרײַבער, א טשעכאָוו. איך בין מער ניט ווי א שוישפּילער, דער מענטש פונעם גערעדטן וואָרט. בלויז מיטן גערעדטן וואָרט קאָן מען ניט אויסקומען. עפּשער דערפאַר איז געבוירן געוואָרן די קונסט? ליטעראַטור, מאָלערײַ, מוזיק. ליב האָבן, ניט זיך, — פאַראַן אַזעלכע פאַרשווינען, — ליב האָבן בעעמעס הייסט: טראָגן א גרויס אַכרײַעס־געפיל, אַכרײַעס פאַרן לעבן! און ניט נאָר פאַרן אייגענעם. ליבע הייסט: ניט נאָר פרייד און גענוס, נאָר א סאַך און נאָך מער ליידן. ווײַל, פרײַנט מײַנער, ניט נאָר פרייד פילט אָן דאָס לעבן און גיט אים זין, אויך ליידן פילן אָן מיט אינהאַלט דאָס לעבן. ליבע עכטע הייסט: דערגיין ביז זיך מאַקרעוו זײַן. אַז דו האָסט ליב, בעעמעס ליב, וואַכט דאָס געוויסן, שווינסט מענטשן, באַציסט זיך מיט אַכטונג צו זייער לעבן, באַזונדערס צו די, וואָס לײַדן. איך האָב פײַנט דעם טויט. מיר זײַנען ניט אָנגענעם פּיעסן, אין וועלכע א פּערסאָנאַזש דאַרף שטאַרבן אַף דער בינע. טויט איז אַן אַלטעגלעכע דערשײַנונג. אפילע א באַנאַלע, אָבער א שרעקלעכע, דערמיט טאָר מען ניט שפּילן, ניט שפּאַסן.

דאָס פּנעם באַם אַלטן איז געוואָרן פאַרטונקלט, אָנגעשטרענגט. צוגעגאַנגען צו א ווינקל־טישל, גענומען אין די הענט אַרײַן א צײַטונג, אַוועקגעלייגט. ווידער גערעדט, נאָר די אינטאָנאַציע אַן אַנדערע:

— ...זאָגט מיר, געווען בא אײַך אַזא פאַל: נאָך א סאַך יאָרן יאַוועט זיך צו אײַך א מענטש, אַן אַמאָליקער באַקאַנטער. איר זײַט מיט אים קיינמאָל ניט געווען נאָענט. גלאַט א גוטער באַקאַנטער. איר האָט זיך מיט אים ניט איבערגעשריבן, ניט געטראַכט וועגן אים, פאַרגעסן. און אָט איז ער דאָ. האָט אַף אײַך ניט א הויך געטאָן מיט דעם פאַרגאַנגענעם, מיט דעם, וואָס קערט זיך ניט אום, מיטן אַראָמאַט פון פאַרלוירענער יוגנט? איז פאַר אײַך ניט אַרויסגעשווומען דאָס געשטאַלט פון א ליב סימפּאַטיש מיידל?.. דאָס מיידל איז שוין ניטאָ צווישן די לעבעדיקע, און ווען זי לעבט, וואָלט זי איצט געווען א כאַרעווע אַלטיטשקע — איר טראַכט ניט דערפון. פאַר אײַערע אויגן שטייט זי אַזוי, ווי איר האָט זי אַמאָל געקענט. און — דאָס האַרץ האָט א ציטער געטאָן? עפּשער איז אויך אין זיקאָרן אַרויסגעשווומען איינע א פאַרנעפּלטע לעוואָנעגאַכט, א קאָרן־פעלד, וווהין אײַער ביידנס יוגנט האָט אײַך פאַרנאַרט? איר שמייכלט... ראָמאַנטיק... גאָט מײַנער, וואָס וואָלט איך ניט אָפּגעגעבן דערפאַר, נאָכאַמאָל איבערצולעבן די ראָמאַנטיק!.. עך, מײַן פרײַנט, ווי ווייניק מיר שעצן פּאָעזיע אין לעבן. און זי איז דאָך פאַראַן. פאַראַן אַף יעדן שריט און טריט, נאָר ניט יעדערער באַמערקט עס.

טיפע קנייטשן האָבן זיך געלייגט אַפן אַרטיסטס שטערן. זײַן פרײַנט באַטראַכט אים, באַמערקט יעדע מינע און פרעגט זיך: וואָס פאַר א שטיין פונעם האַרצן וויל ער אַראָפּקײַקלען, אָט דער איינזאַמער אַלטער קינסטלער? און עפּשער איז עס שפּיל, טעאַטער? ניין! ער איז איצט אַליין, אַליין מיט זיך. ער הערט אים ריידן:

— פרײַנט מײַנער, איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט מיך ריכטיק פאַרשטיין. איך בין אַלט. איך געהער צו א דאָר, וועגן וועלכן די יונגע קאָנען זאָגן: דער מאַוור האָט זײַנס געטאָן, דער מאַוור קאָן גיין. איך בין אַלט, אָבער ניט קאָנסערוואַטיוו. מיט אַלע אַנדערן פיל איך דעם אָטעם פון דער צײַט. עס טרעפט, איך פאָר ערגעץ און קוק אַרויס פון וואַגאָן־פענצטער. פעלדער גרינען, לאַנען מיט טוווע... איך ווייס, אַז פעלדער האָבן פריִער אויך געגרינט און לאַנען טוווע זײַנען פריִער אויך געווען און זײַנען אויך דאָ אין אַנדערע לענדער. אָבער בא מיר שאַפט זיך דאָס געפיל, אַז עס איז גאָר אַנדערש. עפּעס איז צוגעקומען. וואָס איז פריִער ניט געווען? וואָס איז צוגעקומען? א נײַער זין, וועלכער איז פריִער ניט געווען. די פעלדער גרינען ניט סטאַם, די טוווע זײַנען ניט סטאַם ברויט. דאָס גרינט און צײַטיקט א נײַער סיידער־אוילעם, א נײַע וועלט־אָרדענונג, א נײַע, א העכערע, א גערעכ־

טערע. איך קום אין אונדזער הויפּטשטאָט, קיין מאָסקווע, איך שפּאַציר אין אָוונט איבער די גאַסן. דאָס אַלטע האַרץ פרייט זיך. אַזויפיל ליכט רופט זיך איבער, מענגעס אווטאָמאָבילן שטראָמען, ווי א ריזיקער טײַך. איך ווייס, אַז ליכטער ווינקען זיך איבער און אווטאָס שטראָמען אויך אין אַנדערע גרויסע שטעט: אין פּאַריזש, אין לאָנדאָן, אין בוענאָס-אײַרעס און אין ריאָ-דע-זשאַנעירא און נאָך מער אין ניו-יאָרק. אָבער אין מאָסקווע איז פאַראַן עפּעס אַנדערש, און דאָס אַנדערע איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע: א גרויסער זין... א זין פון גרויסן שאַפן, וואָס דערהייבט דעם מענטשן... איך האָב ליב, ווי אַמאָל דער אַלטער קאַנט, צו קוקן לאַנג אפן אויסגעשטערנטן הימל. איך דערמאָן זיך, ווי איינמאָל אין א שמועס וועגן פּאָעזיע האָט איר ציטירט א פּערז פון א מיטלאַלטערלעכן ייִדישן פּאָעט, דוכט זיך, יעהודע האַלייווי...

— שלוימע בען גאַביראָל...

— ריכטיק. איך בין געווען אַנציקט. נאָר א געניאַלער פּאָעט איז אימשטאַנד אין דרײַ ווערטער אַזוי קאָנקרעטיזירן אַזאַ עמפּינדונג. און אַזוי פּאָשעט! „דער הימל איז א גאָרטן, די שטערן — בלומען. און זיי ריידן זיך איבער ווי טויבע מיט שטומע“...

אינקרוסטירן די אומגעהייערע קאָסמישע רוימען מיט איין קורצער פּראַזע: „זיי ריידן זיך איבער ווי טויבע מיט שטומע“... און די לעצטע צײַט, אַז איך קוק אין אויסגעשטערנטן הימל, דוכט זיך מיר, אַז די שטערן זײַנען געוואָרן צווישן זיך נעענטער, און אַז זיי ריידן זיך שוין איבער ניט ווי טויבע מיט שטומע, נאָר מיט פרייד, ווי נאָענטע... און דאָס אַלץ אַדאַנק דעם געוואַגטן מענטשנס געדאַנק. לאָבאַטשעווסקי און איינשטיין און פיל אַנדערע, וועמעס נעמען מיר איז ניט באַוווּסט, און דאָך... דאָך באַפאַלט אַמאָל א צווייפל און אַפילע א שרעק. איך האָב מוירע, אַז — ריידנדיק אין שפּינאָזעס שפּראַך, — די אויסשפּרייטונג זאָל ניט אײַנשלינגען דאָס דענקען... און אונטער דענקען מיין איך: די ליבע, די פּאָעזיע. איך ציטער באַם געדאַנק, אַז די זאַכן זאָלן ניט באַצווינגען דעם מענטשנס נעשאָמע. מיר האָבן מערערע מאָל גערעדט וועגן טעאַטער. איר ווייסט, אַז איך האָב ניט ליב די איבערגעטריבענע אַרײַנמישונג פון טעכניק אין טעאַטער... זאַכלעכע אַקסעסואַרן זײַנען מיר ניט צום האַרצן. אַפילע אונדזער אַלטער טעלעפאָן אף דער בינע איז מיר ווידערווילִיק... האָב איך מוירע, מע זאָל ניט אָנהייבן ברענגען אף דער בינע א רעכן-מאַשין...

דער אַלטער האָט א שמייכל געטאָן. מעגלעך, ווײַל ער האָט באַמערקט א שמייכל אף זײַן פרײַנטס פּנים.

— ...איך פאַרשטיי. איר טראַכט: שפּילט דעם כאָסן ווײַנענדיקס, ער האָט זײַנס אין זין. איך קער זיך אַלץ אום צוריק. ניט אין דעם גײַסט. קעדיי איר זאָלט מיך קלאָר פאַרשטיין, וועל איך אײַך אָט וואָס זאָגן. איך האָב פריִער דערמאָנט, וואָס איך פיל, קוקנדיק אף אונדזערע גרינענדיקע פעלדער. אַז איך זע א צעאַקערט און אויסגעבאָראָנעוועט פעלד, וואָס ליגט ווי א רײַכער צאַרטער פּליוש, פיל איך דערהייבונג, אַכטונג און דאַנקבאַרקײַט צו מענטשלעכער מי. אָבער... עס טרעפט, איך קום אף א פריש צעאַקערט פעלד, איך, וואָס האָב נאָך פאַרכאַפּט דעם פּויער באַ זײַן בידנער סאָכע אָדער אַפילע באַם פינפנומערדיקן פּלוג, און זע, ווי אונדזער סאָוועטישער טראַקטאָר הייבט אוף צענדליקער העקטאַרן, פרעג איך מיך: דער טראַקטאָריסט — פּילט ער ליבשאַפט צו דער ערד, צו אונדזער מאַמע-ערד? פרעסן ניט אוף די צאָלן די נעשאָמעדיקע ליבשאַפט?.. איך וואָלט געוואָלט, ער זאָל ליב האָבן, פאַרמאָגן פּיעטעט צו דער ערד...

פאַראַן א שטעלע אין „דאָן-קיכאָט“ — איר וועט ווידער שמייכלען, איר ווייסט מײַן שוואַכקײַט צו אָט דעם ווערק און צו דעם געשטאַלט, דעם גרעסטן, וואָס א קינסטלער האָט ווען ס׳איז געפורעמט. איך האָב ניט מיט וואָס אים צו פאַרגלײַכן. ניט באַ מײַן באַליבטן מאָליערן, ניט באַ שעקספּירן, פאַר וועלכן איך קני, איז ניט פאַראַן קיין געשטאַלט, וואָס זאָל זיך קאָנען פאַרמעסטן מיטן ריטער פון טרויעריקן געשטאַלט. — פאַראַן דאָרטן אַן אָרט — דאָן-קיכאָט איז „צוגאַסט“ באַ ציגן-פּאַסטעכער און ער, דער אײַנגעבוירענער פאַנטאַסטישער רעזאָניאָר, רעדט וועגן דער גאָלדענער טקופע, ווען דער מענטש האָט נאָך ניט געלעסטערט די ערד, זי ניט פאַרגוואַלטיקט, ניט אופגעאַקערט... מיר לייענען און שמייכלען. מיר זײַנען צופרידן, ווען סאַנטשאָ דערמאָנט אים, אַז די ציגן-פּאַסטעכער האָבן א גאַנצן טאָג געהאָרעוועט און דאַרפן שלאָפן. ער ברענגט אים צוריק צו דער ווירקלעכקײַט פון מענטשלעכער מי. וואָס איז דאָס אומגליק, דער זעלישער דעפעקט דאָן-קיכאָטס? ניט בלויז אין דעם, וואָס ער איז אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקײַט, נאָר אין דעם, וואָס ער האָט ניט ליב... ער האָט גאָרנישט ניט ליב. זײַן ליבע צו דולציניאָן איז אימיטאַציע, ער אימיטירט העלדן פון פאַנטאַסטישע ביכער. ער האָט ניט ליב, און ליבע איז דער סאַמע איקער. ניט נאָר ליבע צו א פרוי. איר פאַרשטייט מיך, איך בין גאָר א ווײַטער קאָרעוו דאָן-קיכאָטס. איך האָב ליב אונדזער ערד, פון איר קומט אַלצדינג, אַלע אונדזערע דערגרייכונגען, אונדזער לעבן — מע דאַרף ליב האָבן דאָס לעבן.

א לענגערע פּאוזע. מ׳האָט געזען אף זײַן פּנים, אַז ער דענקט אינטענסיוו. אַז די כעוולע-לײַדע פונעם געדאַנק קומען אים אָן ניט גרינג. ער זוכט די פאָרם.

— ...דאָס לעבן... לעבן און פּאָעזיע. לעבן און קונסט. דאָס קענען און וועלן אַרײַנדרינגען אין סאַמע טאָך פונעם מענטשן און פון דער נאַטור. אָט די אַלע באַגריפן באַהעפטן זיך אין מײַן באַוווּסטזײַן און ווערן איינס און לעבן אפן ערשטן פּלאַן. דאָס איז דער זין פון אַלעס, פון טאָן און שאַפן, דער זין פון אַלוועלט. אָן לעבן איז ניט פאַראַן קיין געדאַנק, אָן געדאַנק איז

ניט פאַראַן קיין זין. אַזוי פאַרשטיי איך שפּינאָזעס אַטריבוט — דענקען. דורך דעם דענקען גרייכן צום אַמאָר דעוס אינטעלעקטולוס, פאַרשטייענדיק אונטער דעוס — די נאַטור, די מוטער פון לעבן. פּרעג איך צומאָלם: דער מענטש פון מאָרגן, דער מענטש פון דעם נײַעם סיידער-אוילעם, וואָס ווערט שוין צײַטיק פאַר אונדזערע אויגן, דער מענטשן-טיפּ וועט האָבן נעשאָמע-באַציִונג צו נאַטור? וועט ער האָבן אינטימע פאַרשטענדעניש פאַר קלאַנג און פאַרב, וואָס זייער שוירעש איז אין דער נאַטור? וועט זײַן נאַטור, דעם מענטשנס, נאָך פילן די ענגע פאַרבונדנקײַט מיט דער נאַטור ביכלאַל? איך קוק אַף ביימער, אַף אַ וואַלד אָסיען-צײַט און זע די גאַנצע גאַמע פון וווּנדערלעכע פאַרבן, פון טיף-גרין ביז סרייפּעדיק-רויט, און די פאַרבן געבוירן אין מיר קלאַנגען, אַקאָרדן. די נעשאָמע ענטפערט ביז אין די טיפסטע טיפן, — וועט דער נײַער מענטש עס דערפילן, באַנעמען און באַזינגען? ווי מיינט איר?

— אָן צווייפל. און אַף אַ העכערער שטופע. אָן עגאָיזם, ריין הומאַניסטיש.

— ...אַך, מײַן פרײַנט, ווען איך זאָל זײַן זיכער אין דעם, וואָלט מיר גרינג געווען דער אָפּשייד פון אונדזער וועלט. אַז איך הער ריידן וועגן אַבסטראַקציאָניסטישער קונסט, פאַלט אַף מיר די שרעק. איך האָב ליב די נאַטור. איך בין אַנציקט פונעם מענטשנס סייכלדיקער מי, איך באַוווּנדער די גרויסע דערגרייכונגען אין טעכניק, די גראַנדיעזע רעאַליזאַציעס, וואָס פאַרשאַפן קאָוועד דער מענטשלעכער מי. און דאָך, אַז איך זע, ווי אַן ערשט-געבוירן קעלבעלע דוצקעט דער מוטערס אײַטער, רירט עס מיך טיף... פרײַנט מײַנער, איר מעגט אײַך שמייכלען סקעפּטיש וויפל איר ווילט, אָבער אַ לעוואָנע-נאַכט און אַ קאָרן-פעלד, כאָטש זיי זײַנען ניט אין דער מאָדע, צו זיי וועט דער פּאָעט, דער קינסטלער זיך אומקערן. איך בין אַלט, איך גיי שוין צום סאָף פון אַלע יעכידים, איך שפּאַציר אָפּט אַליין, שטעל זיך אָפּ און קוק לאַנג אַף ביימער, אַף לאָנקעס גראָז. כ'האָב דאָס געפיל, אַז איך געזעגן זיך מיט זיי... און ווי באַ יעדער געזעגענונג ציט דאָס האַרץ אַלץ טיפער. צומאָל דוכט זיך מיר, אַז די ביימער, די שטומע צאַדיקים טרייסטן מיך: האָב ניט קיין מוירע, ווער ס'האָט בעעמעס ליב, איז ניט קיין פּאַכדן... הײַנט די שטילע באַשיידענע גראָז, די סאַמע צניִעסדיקע באַשעפענישן, וויפל זיי לערנען אונדז!

— ...איך קען איין גרויסן פּאָעט, ער האָט קיין גראַמען ניט געמאַכט, מעגלעך, אַז אַפילע קיינמאָל קיין ליד ניט געלייענט. דער בראַסלאַווער: איר געדענקט? „יעדעס גרעזל האָט זײַן ניגן און דער פּאַסטעך שפּילט אויס די ניגונים פון אַלע גראָזן". דאָס דאַרף טאָן דער פּאָעט. אויסזינגען די ניגונים פון אַלע מענטשן, גראָזן. מעגלעך, אַז די גראָזן וואַקסן העלער צוליב דעם פּאַסטעכס שפּילן?.. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. כ'האָב אײַך געפרעגט, צי האָט געטראָפן מיט אײַך אַזאַ פאַל, עס זאָל זיך יאַווען צו אײַך אַ מענטש, וואָס איר האָט אים צענדליקער יאָרן ניט געזען, פאַרגעסן צי ער עקזיסטירט, ניט געווען מיט אים נאָענט, און דאָך האָט זײַן דערשײַנען אײַך אופגערודערט?

זיך אופגעהויבן מיט אַ שאַרפער באַוועגונג, גענומען פון ווינקל-טיש די זעלבע צײַטונג, זי צוגעטראָגן און, טײַטלענדיק מיטן פינגער אין איין אָרט:

— ...דאָס האָט ע ר זיך אַזוי באַוויזן באַ מיר צוריק מיט אַ יאָר דרײַ... איר וווּנדערט זיך? איך פאַרשטיי. איר זעט אַ געוויינלעכע טרויער-מוידאָע. קרויווים און פרײַנט מעלדן וועגן איינעם אַ מענטשן, וואָס איז געשטאָרבן. אײַך איז באַוווּסט, אַז איך האָב ניט קיינעם, קיין קרויווים, קיין נאָענטע. ער איז אויך ניט געווען קיין קאָרעוו. ביז נעכטן. און הײַנט איז ער עס געוואָרן. מאָדנע? האַ? הערט אויס. עפּעס-וואָס איז אײַך באַוווּסט וועגן מײַן פאַרגאַנגענהײַט, און דאָס אויך פון אַ דריטער האַנט. איך בין הײַנט געשטימט צו דערציילן וועגן זיך. דאָס האָט ע ר אַזוי געווירקט... איך בין אַלט געווען דרײַ און צוואַנציק יאָר. לויטן פּאַספּאָרט אַ ייִד... אַ מענטש מיט אַ רויטן בילעט, „אָפּאָלטשעניעץ פּערוואָוואָ ראַזריאַדאַ", שוין עטלעכע יאָר געהאַט געאַרבעט אין טעאַטער, אין רוסישן, פאַרשטייט זיך. אין פּראָווינציעלע טעאַטערס... פּראָווינציעלע... וויניציק וועמען איז באַוווּסט, אַז אין די פּראָווינציעלע טעאַטערס זײַנען געווען אויסגעצייכנטע אַרטיסטן, עמעסע קינסטלער. געווען אויך איינִיקע אַנטרעפּרעניאָרן, וואָס האָבן מיט דער גאַנצער נעשאָמע ליב געהאַט טעאַטער. מיר האָט אָפּגעגליקט

— איך בין אָנגעקומען צו איינעם אַזאַ אַנטרעפּרעניאָר. סטאַניסלאַווסקי האָט אים געקענט און געשעצט. אָן פאַלשער באַשיידנקײַט. די עלטערע אַקטיאָרן און די סאַמע באַגאַבטע האָבן זיך באַצויגן צו מיר גוטוויליק, געזען אין מיר אַ קינפטיקן אַרטיסט. דאָס זעלבע מיצאַד דעם אַנטרעפּרעניאָר. אָבער אין מיר איז געזעסן נאָך אַ דיבעק, — אַ הונגער נאָך בילדונג, נאָך וויסן. איבעריקנס, דאָס איז אַן אַלגעמיינער כאַראַקטער-שטריך פון יענער עפּאָכע, דעם אָנהייב פונעם יאָרהונדערט. אַ שאָד, מ'האָט ווייניק געשריבן וועגן דעם. און דערצו איז אין מײַן טשעמאָדאַן געלעגן אַן אַטעסטאַט זרעלאָסטי, אויסגעהאַלטן עקסטערן. אַן אַטעסטאַט זרעלאָסטי באַ אַ ייִדן אין יענער צײַט!.. איך האָב געטרוימט. איר לאַכט?.. זיך אַוואַדע דערמאָנט אין טשעכאָווס פּראָפעסאָר, וועלכער האַלט זיך פאַר אַ גרויסן שוישפּילער?.. ווי איר ווילט. איך האָב געטרוימט צו ווערן אַ באַוווּסטער געלערנטער, אַ מאַטעמאַטיקער. איך האָב ליב געהאַט און האָב ליב מאַטעמאַטיק. מאַטעמאַטיק און פּאָעזיע. וויִאַזוי דאָס פּאָרט זיך און נאָד מיט מײַן סצענישן באַרוף? איך ווייס ניט. איך דערצייל פאַקטן פון מײַן לעבן. האָב איך אין איינעם אַ טאָג זיך אָפּגעזעגנט מיטן טעאַטער, צום כידעש פון אַלע קאָלעגן, און פונעם אַנטרע-

פּרעניאָר — מע האָט מיר שוין געהאַט אָנגע-
טרויט פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן און איך האָב
געהאַט דערפאָלג. איך האָב זיך באַזעצט צײַט-
ווײַליק, אַזוי האָב איך גערעכנט, אין א גובער-
ניע-שטאָט אָף אוקראַינע. א פּראָווינציעלע, פאַר-
שטייט זיך, אָבער די הײַנטיקע האָבן אַ קנאַפּע
פאַרשטעלונג וועגן די פּראָווינציעלע שטעט פון
דעם גרויסן ערעוו. איבעריקנס, איר האָט אַליין
געקענט די שטעט. ווי מ'האָט דעמלט ליב
געהאַט טעאַטער! באַזונדערס די יוגנט. מײַן
פּלאַן איז געווען: צונויפשלאָגן א ביסל געלט
און פאָרן קיין אויסלאַנד שטודירן. כ'האָב
געגעבן פּריוואַטע לעקציעס, אָנגעפירט מיט א
דראַמקרײַז, פון צײַט צו צײַט פאַרביטן אקטיאָרן
אין אָרטיקן טעאַטער. אין יענער שטאָט האָב
איך געקראָגן ליב און אין יענער שטאָט
געבראַכט צו קווורע דעם סאַמע נאָענטסטן, דעם
ליבסטן וועזן.

ער האָט פאַררייכערט. א לאַנגע ווײַלע גע-
שוויגן. דער גאַסט האָט ניט געשטערט.

— ...זי איז געווען מײַן איינציקער נאָענ-
טער מענטש. פאַרשטייט מיך. נאַטירלעך, זײַנען
בא מיר אויך געווען, ווי זאָגט מען אין רוסיש,
אוולעטשעניעס. צײַטנווײַז האָט זיך מיר גע-
דאַכט, אַז איך בין פאַרליבט. נאָר עס האָט ניט
פאַרכאַפּט די נעשאָמע אין דער טיף. זי איז
געווען מײַן ערשטע און לעצטע ליבע. זי איז
פאַר מיר געווען סײַ מײַן מוטער, וואָס איך האָב
פאַרלוירן בא דרײַצן יאָר, אויך מײַן איינציקע
שוועסטער, וואָס איך האָב ליב געהאַט מער פון
מײַן לעבן און איז יונג פאַרשניטן געוואָרן.
זי איז געווען פאַר מיר אַלצדינג, וואָס א
מענטש מיט א נעשאָמע קאָן ליב האָבן. און
דאָס זעלבע איך פאַר איר.

פון צווישן דער איבעריקער יוגנט איז ער
מיר געווען דער סימפּאַטישסטער. מיר האָבן
זיך ניט באַפרײַנדעט. פּאָשעט, ער איז מיר גע-
ווען מער אָנגענעם איידער אַנדערע.

א פיר יאָר האָב איך אַוועקגעפּאַטערט אין
דער שטאָט. דעמלט אָנגענומען צוויי באַשלוסן:
כאַסענע האָבן און צוריקגיין צום טעאַטער. צום
לעצטן באַשלוס האָט מיטגעווירקט איר מוטער,
מײַן שוויגער. איך האָב ניט ליב די פּלאַכע
אַנעקדאָטן וועגן דער שוויגער. אָבער מײַנע איז
געווען בעעמעס א שלעכטער, פאַרביטערטער
מענטש. א פרוי פון מיטעלע יאָרן, יונג געבליבן
אַן אַלמאָנע, ניט כאַסענע געהאַט, א פאַרמעג-
לעכע און א קאַרגע, זי האָט מיך פײַנט באַקומען
פון דער ערשטער רעגע אָן, וואָס איך בין גע-
וואָרן איר איידעם. פאַרוואָס? עפּשער דערפאַר,
וואָס איך שטאַם פון אָרעמע עלטערן. און עפּ-
שער בין איך א ביסל שולדיק געווען. איך
געדענק, אין א פּיעסע בא מאָליערן לערנט די
פּראַקטישע געליבטע איר געליבטן, אַז א פאַר-
ליבטער דאַרף קענען געפעלן אפילע דעם הונט
פון דער שטוב. איך קען עס ניט. זי האָט מיך
פײַנט געהאַט, געזוכט צו מאַכן א בייזוילעבן
צווישן מיר מיט מײַן פרוי. באַזונדערס פלעגן
מיך אופרייצן אירע ראַסוזשדעניעס. דעם גאַנצן
סאם פלעגט זי ארײַנלייגן אין די רעזומעס.
מאכט זיך, איך קריג א בריוו פונעם אנטרע-
פּרעניאָר, ער פרעגט מיך: דאָן-קיכאָט, איר
האָט זיך שוין באפרײַט פון אײַער כימערע? און
מעלדעט מיר, אַז ער שטעלט צונויף א געקלי-
בענעם אנסאמבל, מע וועט שפּילן אין איינעם
פון די בעסטע גובערניע-שטעט, און אויב איך
בין מאסקים... כ'האָב באלד געענטפערט מײַן
האסקאָמע און געקראָגן א טעלעגראמע:
„פּריעזשײַטיע". אײַך אויסמאָלן אונדזער
פרייד, וויאזוי זי האָט זיך דעמלט צעבליט...
שווער צו ריידן... איך בין געפאָרן. ער, דער
אנטרעפּרעניאָר, האָט דעמלט אָפּגערוט אין
קרים. אופגענומען מיך גאָר פרײַנטלעך, ווי א
גוטער רוסישער מענטש קען, מיך געמוסערט:
ווי וואַרפט א מענטש אוועק א זיכערע קאריערע
צוליב א כאָלעם? אײַער אָרט איז אין טעאַטער!
געשלאָסן גאָר א גינסטיקן אָפּמאַך און געוואָלט
פאָרן אהיים זיך נעמען שטודירן די ראָלן, זיך
גרייטן. ער לאָזט מיך ניט. ער וויל מיר ווײַזן
קאווקאז. מע האָט ערגעץ דערשאָסן א קרוינ-
פּרינץ, ס'איז א פּאָליטישער קריזיס, עס
שמעקט מיט מילכאָמע. מיר לייגן דערויף
ניט קיין אכט. ביידע אָפּטימיסטן — עס
וועט קיין מילכאָמע ניט זײַן. און קומענדיק
אהיים, טרעף איך די דערקלערונג פון אלגע-
מיינער מאָביליזאציע, מײַן קאָנטינגענט אָפּאָל-
טשענצעס אויך צווישן זיי. מײַן יונגע פרוי
באגיסט זיך מיט טרערן, בא מײַן שוויגער איז
א סימכע, זי פּאַטערט מיך... און... מילכאָמע
איז מילכאָמע. איך בין אוועק אהין, וווּהין אלע
מאָביליזירטע. אוועקגעפאָרן מיט זייער א שווער
פאַרגעפיל. ניט פאַר מיר, נאָר פאַר איר. זי האָט
פאַרמאָגט א צארטע קינדישע נעשאָמע, גאָר
אַן איידעלע, און אויך זייער ליב געהאט. אַז
איך בין צוריקגעקומען, האָב איך זי געטראָפן
א שטארבנדיקע, די לעצטע סטאדיע טובערקו-
ליאָז.

ער האָט לאנג געשוויגן. דער שרײַבער האָט
אויך גאָרניט געזאָגט. וואָס קאָן מען זאָגן אין
אזא פאַל? ער האָט פאַררייכערט און געוואַרט.

— ...מערקווירדיק, וואָס פאַר א קויעך עס
האָבן איבער אונדז די, וואָס מע האָט ליב
געהאט און פאַרלוירן. עס גייט מיר נאָך איר
געשטאלט, איר בלאָנדער קאָפּ, די ווייכע זײַד-
ווײַסע האָר און באזונדערס די אויגן — בלויע,
קינדישע, וואָס בעטן זיך: האָב מיך ליב... א
באקאנטע אקטריסע האָט מיך אמאָל געפרעגט:
אײַער פרוי איז געווען א שיינע? איך האָב זי
אָנגעקוקט און ניט פאַרשטאנען די פראגע. איך
האָב זי ליב געהאט! איך האָב זי ליב!.. און
איך פיל מיך אלץ שולדיק. מיר דוכט זיך,
כ'האָב זי צו ווינציק ליב געהאט. יעדנפאלס
איז געזאָגט וועגן דעם ווינציקער, ווי כ'האָב
באדאַרפט. דרײַ און צוואנציק יאָר איז זי אלט
געווען, ווען כ'האָב זי פאַרלוירן. זי איז גע-
וואקסן אָן צערטלעכקײַט. דעם פאָטער, א
טובערקוליאָז-קראנקן, א נערוועזן און א
כײַסן, האָט זי פאַרלוירן, ווען זי איז געווען נאָך

קימאַט א קינד. און די מוטער — א האַרטע, א פאַרביטערטע... און זי, דאָס קינד, א צאַרטע געשאָמע, וואָס האָט געלעכצט נאָך א ביסל ליבשאַפט. איין מאָמענט פאַרפאָלגט מיך באַזונדערס. אין א מינוט פון אינטימקייט האָט זי מיר דערציילט, וויאַזוי דער פאָטער האָט זי אַמאָל געשיקט צו א שאָכן אָפּטראָגן א פינף-און-צוואַנציקער. זי האָט זיך פאַרשפּילט און פאַרלוירן דאָס געלט. „אוי, האָט ער מיך געשלאָגן, שיר ניט דערהאַרגעט...“ עס האָט זיך בא איר אַרויסגעריסן ווי א קינדישער כליפּ... „אוי האָט ער מיך געשלאָגן, ער האָט מיך שיר ניט דערהאַרגעט!“...

די לעצטע פּראָזע האָט פונעם אַלטן אַרויסגעכליפּעט. ער האָט זיך אופגעהויבן און אָפּגעגאַן אין א ווינקל. דער שרײַבער האָט דערפילט, אַז זײַן ליטעראַרישער פּאַנצער גיט נאָך, אָט וועט ער פּלאַצן. אָבער זיך אָנגעשטרענגט. פאַרקלעמט די ציין און אין געדאַנק צו זיך א זאָג געטאָן: האַלט זיך, דערזשים. א שרײַבער דאַרף זיך עפּענען די אָדערן בעיעבידעס... ער האָט ווידער פאַרייכערט. דער אַלטער איז צוריקגעקומען צום טיש. די אויגן טרוקן, נאָר דאָס פּנים, דאָס פּנים שרעקלעך.

— ...איך הער, ווען עס קומט דעמלט עמעצער, וואָס קען באַווײַזן ווונדער, און זאָגט צו מיר: לאָז זיך אָפּהאַקן א האַנט, וועט זי בלײַבן לעבן, וואָלט איך קיין איין סעקונדע ניט געווען געטראַכט און אונטערגעשטעלט ביידע — האַק, וועלכע דו ווילסט. אָבער קיין ניסים געשעען ניט. אײַך דערציילן מײַן פאַרצווייפלונג, די נעכט, וואָס איך האָב געוואַכט לעבן איר? באַזונדערס, די לעצטע נאַכט... ניט מעגלעך. דאָס איז איבער די מענטשלעכע קויכעס. אין יענער שרעקלעכער צײַט איז ער געווען מײַן איינציקער מאָראַלישער אָנשפּאַר. ער איז מיר פריִער אויך געווען סימפּאַטיש, נאָר איצט האָט ער זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט בוילעטער, אין א נײַער ליכט. ווי פײַן און איידל ער האָט זיך געפירט! מיט וויפל טאַקט! ליידער, בין איך געווען צו צעשמעטערט, איך זאָל מיך אָפּגעבן גענוג כעזשבן אין דעם. זי איז געשטאָרבן. כ'האָב זי געבראַכט צו קווורע און... כ'וואָלט מיסטאָמע געווען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. געראַטעוועט האָט מיך די רעוואָליוציע. זי האָט מיך צוריקגערופן צום לעבן. דאָס איז דער קויעך פון ענטוזיאַזם.

איך בין אַוועקגעפאָרן פון יענער שטאָט.

דאָס וואָרט, וואָס איך האָב איר געגעבן אין איר לעצטער לעבנס-נאַכט, ווען זי האָט אַרופּגעלייגט אַף מיר איר אויסגעמאָגערטע האַנט און געפרעגט: וועסט מיך געדענקען? און איך האָב געענטפערט: ביז מײַן לעצטן אָטעם, — דאָס וואָרט האָב איך געהאַלטן, ניט געקוקט אַף אַלע ניסיוינעס, איך בין נאָך געווען יונג, און האַלט עס ביז הײַנט. איך בין אַוועקגעפאָרן און מער אין דער שטאָט ניט געווען ביזן סאָף פון דער צווייטער וועלט-מילכאָמע. דעמלט בין איך אַרײַנגעפאָרן, קיינעם ניט געזען, גלײַך אַפן בעסאַלמען. געוווּסט האָב איך, אַז די נאַציס מיט זייערע שוטפים האָבן געשענדעט די יִדישע בעסאַלמענס. כ'האָב געוווּסט, אַז וועגן מיליאָנען קדוישים ווייסט מען אַפילע ניט, וווּ זייער געביין איז אַהינגעקומען. און דאָך האָט מיך געפּלאָגט דער געדאַנק, אַז אַף איר קייווער איז קיין מאַציייווע ניטאָ. שווער עס צו דערקלערן. איך האָב געטראָפן איר מאַציייווע ניט גערירט. וואָס ס'האָט מיך פאַרכידעשט — פרישע בלומען אַף איר קייווער. איך האָב געטראַכט, מיסטאָמע א יוגנט-כאַווערטע האָט זיך דערמאָנט, ווײַל די מוטער האָט זי ניט פיל איבערגעלעבט. דאָס האָב איך געוווּסט. וועגן אים האָב איך לאַכלוטן ניט געטראַכט. פאַרגעסן. און אָט צוריק מיט א יאָר דרײַ, ער איז דאָ.

ווידער גענומען די צײַטונג אין די הענט. געמאַכט א פּאָר קרײַזן איבערן צימער, שווער אָפּגעאָטעמט און ווײַטער גערעדט:

— ...ליבע... מע רעדט א סאַך און מע שרײַבט א סאַך, אָבער וואָס ווייסן זיי, די, וואָס האָבן ניט געליטן? איך הער אַמאָל איינעם זאָגן, אַז ער האָט ליב געהאַט. געהאַט... איך האָב ליב ביז הײַנט! זי איז מיט מיר, אין מיר, אין מײַנע טיפסטע קעמערלעך. אַזויפיל יאָרן זײַנען אַוועק, און קיין טאָג ניט פאַרגאַנגען, איך זאָל ניט ריידן צו איר, זי ניט רופן באַם נאָמען... איך האָב אָנטיילגענומען אין דער ערשטער וועלט-מילכאָמע, אויך ניט געווען קיין שפּילכל. איך האָב פיל געזען. אָבער דעם גאַנצן פאַרברעכערישן אומזין פון מילכאָמע דערפילט ערשט לעבן איר גסיסע-בעט. ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט זי געווען געלעבט. און זי האָט געדאַרפט לעבן.

ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט, זיך אַוועקגעזעצט און, קוקנדיק צו דער צײַטונג:

— ...ער איז געקומען צו מיר, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, באַנײַען די אַלטע באַקאַנטשאַפט. כ'האָב אים קוים דערקענט. א זאָקן!.. דערציילט וועגן זיך. געבליבן אַן אַלמען. ער איז אַריבערגעפאָרן צו אונדז אין שטאָט צו זײַנע קינדער. קראַנק, ניט אַרבעטספייִק. געווען קלאָר, אַז ס'איז אים ניט גרינג. כ'האָב אים אופגענומען זייער פרײַנטלעך, געבעטן קומען צו מיר. ער פלעגט קומען. און עס וואָלט אַלצדינג געווען אין אָרדענונג, ווען דאָס וואָלט ניט געווירקט אַף מײַנע נערוון: ס'האָט דערמאָנט אין דער שוויגער, געוועקט ווונדן. איך האָב באַשלאָסן פּאָטער צו ווערן פון אים. אָנגעהויבן זיך פאַרהאַלטן אין טעאַטער, אַפילע ווען איך בין געווען פרײַ... פלעגט ער קומען מיך זוכן דאָרטן. האָב איך אָנגעהויבן אַוועקגיין צו באַקאַנטע און, קומענדיק צוריק שפּעט אין אָוונט, אים געטראָפן בא מײַן טיר.

איך האָב אָנגעהויבן זיצן אין דער היים אָן ליכט און דורכן פענצטער געזען זײַן סילועט. אַפן אַנטקעגנּיבערדיקן טראָטואַר פלעגט ער אומדרייען זיך און קוקן צו מײַן פענצטער. ער האָט סאָפּקאָלסאַף פאַרשטאַנען און אופגעהערט

קומען. דעמלט האָט אין מיר א רעד געטאָן דאָס געוויסן... פאַרוואָס אָפּגעשטויסן אַן אַלטן אומגליקלעכן מענטשן? פאַרוואָס ביסטו אַזוי שטרענג צו יענעמס שוואַכקייטן און שוינסט דײַנע אייגענע? ער איז געקומען צו דיר, ווען אים איז געווען שווער, און דו האָסט געביטערוועט. איך בין נעכט ניט געשלאָפן און יעדעס מאָל זיך געזאָגט, אַז מאָרגן גיי איך אים אופזוכן, און עס ניט געטאָן. מיט איין וואָרט — ער איז געשטאָרבן.

א ביטערער שמייכל האָט אויסגעקרימט דעם אַלטנס פּנים. זיך אופגעהויבן, צוגעגאַן צום פענצטער, לאַנג אַרויסגעקוקט. דער שרײַבער האָט זיך געפרעגט, צי איז ניט גלײַכער איצט אַוועקצוגיין? ער קאָן אים מיט גאָרנישט ניט טרייסטן. און וואָס זוכט ער, דער אַלטער, דורכן פענצטער? איז עס ניט דער שאָטן פון דעם, וואָס איז שוין ניטאָ? אָך, די שאָטנס פון די, וואָס זײַנען ניטאָ און וועלכע וועלן שוין קיינמאָל ניט זיין. זיי באַגלייטן אונדז אַף שריט און טריט, פרעגן און מאָנען: פאַרוואָס? דער פאַרוואָס שטעכט און ברענט. און קיין ענטפער איז ניטאָ. א שווער אָפּעטעמען פונעם אַלטן, אַן אָפּעטעמען, וואָס דערמאָנט א דערוואָרגענעם זיפץ, האָט איבערגעריסן דעם שרײַבערס טראַכטן. דער אַלטער איז צוריקגעקומען צום טיש און זיך אָנגערופן מיט באַזונדערער שטרענגקייט:

— ...זאָגט מיר, פאַרוואָס זײַנען מיר אַזוי בלינד צו יענעמס נעשאָמע. פאַראַן א רוסיש ווערטל: „טשוזשאיא דושא פּאָטיאָמקי". אַף יידיש, דוכט זיך, זאָגט מען, יענעמס נעשאָמע איז א פאַרכאַמערטע טיר. פאַרוואָס? ווײַל מיר זײַנען בלינד. ווײַל מיר זײַנען צופיל פאַרנומען מיט זיך, מיט קליינלעכע אַמביציעס. און אין יעדן ליגט א ביסל, א ביסל אָדער א סאַך רישעס. פאַרגאַנגען א גאַנץ מענטשלעך לעבן און איך האָב ניט כוישעד געווען דאָס, וואָס איז מיר געוואָרן קלאָר, אַבסאָליוט קלאָר, היינט: ער האָט זי דאָך אויך ליב געהאַט. א באַשיידענער, א דעליקאַטער, האָט ער זיך געהאַלטן אין שאָטן, אויס אַכטונג צו אונדזערע — מײַנע און אירע — געפילן. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען קוים הײַנט. הײַנט זײַנען אַרויסגעשווומען אין זיקאָרן אייניקע מאָמענטן פון דער ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט, — דעמלט האָב איך קיין אַכט ניט געלייגט. באַזונדערס דער מאָמענט נאָך דער קווורע. איך בין געבליבן אַליין לעבן פרישן קייווער — אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט, און מיטאַמאָל אים דערזען שטייענדיק אָן א זײַט. ער איז צוגעגאַנגען, מיך אָנגערירט פאַר אַן אָרבל, זיך אַוועקגעדרייט און צעוויינט. צופיל דערשלאָגן בין איך געווען, איך זאָל א טראַכט טאָן דעריבער. און... די בלומען. אַכט און צוואַנציק יאָר נאָך איר טויט. דאָס האָט ער דאָך אַוועקגעלייגט די בלומען. דאָס איז מיר קלאָר געוואָרן הײַנט. וואָס פאַר אַן אייקדעלע געטרײַשאַפט! נעמלעך דאָס האָט אים געבראַכט צו מיר, א זאַקן, א טאַטן פון אויסגעגעבענע קינדער, א זיידע פון היפּשע אייניקלעך. ער האָט קיין איינציק מאָל ניט גערעדט וועגן איר, אָבער זיכער געטראַכט, שטענדיק געטראַכט. הײַנט האָב איך זיך אָנגעשטויסן, פאַרשטאַנען. שפּעט...

דער אַרטיסט האָט אָנגעצונדן די פּײַפע, געצויגן לאַנגע צי שווײַגנדיק. דער שרײַבער האָט געמאַכט א זשעסט, וואָס דער אַלטער האָט, ווײַזט אויס, געטײַטשט ווי א קאַוואָנע אַוועקצוגיין. אַרופגעלייגט די האַנט אַף זײַן פרײַנטס האַנט:

— ניין, גייט נישט. איך האָב איצט מער קיינעם ניט, נאָר אײַך.

א לאַנגע פּאַוזע. אין דער צײַט האָט זיך זײַן פּנים אויסגעלײַטערט, באַרויקט, און שוין גאָר אין א רויקן טאָן:

— ...איך פאַרשטיי, וואָס עס קאָן אײַך איצט באַשעפטיקן. איר טראַכט מיסטאָמע פון אים... איר פרעגט אין געדאַנק: ווער איז געווען דער דאָזיקער ניפטער? וואָס איז ער געווען?.. עס פעלט אײַך אויס צום... צום ליטעראַרישן רומאַן. האָט ניט קיין פאַריבל פאַר דעם אויסדרוק. איר ווייסט מײַן באַציִונג צו ליטעראַטור, צו גוטער ליטעראַטור. און אויך צו אײַך. דאָס וואָרט האָט זיך אַרויסגעכאַפּט איך ווייס אַליין ניט וויאַזוי. ער איז געווען א פּאַשעטער מענטש, ניט קיין העלד. א באַנק־באַאַמטער. א בוכהאַלטער, דערנאָך א קאַסיר, געציילט אין אָנהייב סאַבדיש געלט, שפּעטער סאָוועטיש מעלוכעגעלט. אײַנגעקאַסירט געלט, אויסגעצאָלט באַאַמטע זייער געהאַלט, געטראָגן זעקלעך געלט אין באַנק אַרײַן. געהאַט א פרוי און זיכער געווען א געטרײַער מאַן און גוטער פאָטער, ווײַל ער איז ביכלאַל געווען א גוטער מענטש מיט אַן איידעלן כאַראַקטער... אָבער דאָס אַלץ איז געווען נאָר די שאָלעכץ, דאָס אַלץ איז געווען דאָס אומפאַרמײַדלעכע, פונקציאָנעלע... און ערגעץ טיף אינערלעך האָט דער מענטש נעבעך א גאַנץ לעבן אָפּגעהיט א זעלטענע ניט וויאַנענדיקע בלום, א גרויסע ליבע... אָפּגעהיט פון יעדן זײַטיקן אויג, ווי א היילקטום. טראַכט איך הײַנט א גאַנצן טאָג וועגן דעם און שטראָף מיך, פאַרוואָס האָב איך דעמלט, אין די יונגע יאָרן, דאָס ניט דערזען? מעגלעך, ווען איך דערזע, וואָלט מײַן געוויסן געווען באַפוילן: צי אָפּ, אַנטלויף צוריק צום טעאַטער. זי דאַרף זײַן זײַן פרוי... ער איז דער מענטש, וואָס זי באַדאַרף. צעברעך ניט קיין פרעמד גליק... און עפּשער. עפּשער וואָלט זי געווען גלעבט... עפּשער און נאָכאַמאָל עפּשער... און די עפּשערס! וואָס פאַר א פּלאָג דאָס איז!

געשוויגן א ווײַלע, זיך אופגעהויבן, געמאַכט א פּאָר קרײַזן איבערן צימער און, צוגייענדיק גאָר נאָענט צו זײַן גאַסט, אַרופגעלייגט די האַנט אַף זײַן אַקסל:

— נו, איצט גייט געזונטערהייט... א שרײַבער מעג זיך פאַרגינען צו לעבן הונדערט יאָר... א גוטע־נאַכט, מײַן פרײַנט.

---

# נײַע שטימען

פיניע פלאָטקין
(באָברויסק)

## דער קאָמוניסט

דאָס איז געווען אין פערציק צווייטן. א גאַנצן טאָג
האָט דער פײַנט זיך געריסן אין אונדזער זײַט,
האָט איינער פון אונדז דעם זאמפּאָליט געזאָגט:
כ׳וויל ווערן א קאָמוניסט אין דער שווערער צײַט.

מע האָט אים א פערטל פּאַפּיר דערלאַנגט,
א שטיקל בלײַער האָט ער אליין געהאַט,
די קורצע מעלדונג איז פאַרטיק, און באַלד
זײַנען מיר אלע אוועק אין שלאַכט.

ארום איז געווען פײַער און פלאַם,
נאָר ווײַט האָט געהילכט דעם כאַווערס שטים,
ער איז געגאַנגען דער ערשטער, און דאַן
האָט קיינער ניט געוואָלט אָפּשטיין פון אים.

ער איז געפאַלן אף דער זודיקער ערד,
ניט ווײַט פון א האלב־פאַרברענטן דאָרף,
און די, וועמען לעבן געווען איז באַשערט,
האָבן פאַרויס זיך געגעבן א וואָרף.

דער פײַנט איז אוועק פונעם דאָזיקן אָרט,
סאָלדאַטן געלאָזט און פיל געווער,
דאָס איז געשען אין פערציק צווייטן יאָר,
ווען אונדז איז געווען נאָך זייער שווער.

---

יויסעף איצקאָוו

(טאַשקענט)

# אין הייך אוזבעקיסטאַנער

די לופט איז פול מיט סאַמעטענעם צווייט,
עס יאָגן רווישיק אף די גאסן די טראַמווייען,
פון ווייטע בערג א ווינטל ציט,
עס ווערט מײַן טראָט סײַ היימלעכער, סײַ פרײַער.

איך האָב ניט לאנג פארלאָזן די מאשין,
און ס׳גייט, ווי א געליבטע, מיר אנטקעגן
די שטאָט, פארפוצט מיט סעדער־גרין,
וואָס וואַרטן אומגעדולדיק אף א רעגן.

איך טרעף דאָ מײַנע פרײַנט: א רוס און אן אוזבעק,
עס רעדט איין הארץ אין דעם פילשפראַכיקן גוטמאָרגן,
מיר גייען זאלבעדריט, אונדז פירט איין וועג,
אינדרײַען שטארקער זײַנען מיר פון אלע זאָרגן.

און אויסער שטאָט, ווײַט רונד־ארום
די הארטע קוסטעס פון קענאַף, די בוימוואָל־ווײַסע לאנען,
עס גיסט זיך אָן אין ווײַנטרויבן דער רום
פון דיר, מײַן היים אוזבעקיסטאַנער.

---

מישע מאָגילעוויטש

(קיעוו)

# צווישן טויבן

עס בליט א קראַנץ אינמיטן גאס פון לעבעדיקע בלומען,
עס שפּילט די זון־שײַן אפן קינדערשן געזיכט.
עס זיפּט א גאָלדן רעגנדל, א רעגנדל פון זוימען,
און דער אספאַלט — ער גלאַנצט, ווי אנטראַציט.
דאָס האָדעוועט א מיידעלע אין גאס די טויבן,
פון קערנדלעך א גאָלדענע געוואָרן איז איר האַנט,
איך שעפּ אין הארץ די פרייד פון אירע אויגן,
פון וועלכע ס׳קוקט אף מיר דער שאָלעם פון מײַן לאַנד.

---

פּייסעך זילבערג

(סטאַראָקאָנסטאַנטינאָוו, אוקראַינע)

# מיר איז טײַער...

מיר איז טײַער, זייער טײַער
יעדער ווינקל פון מײַן קאַנט,
אוי, פּאָדאָליע, מײַן געטרײַע,
וויגעלע פון מײַן געזאַנג.

אַלע וועגן, אַלע שטעגן,
אויסגעטראָטן, אויסגעגאַן.
אף פאַרוואָרפענע בעסאַלמענס
זײַנען שפּורן נאָך פאַראַן —

פון די עלטערזיידעס, זיידעס,
באַלמעלאָכעס, אַמכאָ־ייִדן.
אונטער שטיינערנע מאַציייוועס
רוען באָנדערס, סטאָליערס, שמידן.

ס'איז פאַרוואָרצלט דאָ מײַן ייִכעס
העט פון גאָרער־גאָרער ווײַט.
כ'האָב, מײַן היים, דורך פײַער־ווינטער,
פון די סאָנים דיך באַפרײַט.

ווי די לופט ביסטו מיר נייטיק,
כ'האָב אַזויפיל טעג און נעכט
אף די שלאַכטפעלדער ביז ווייטעק
דיך געקושט, פּאָדאָליער ערד.

איז מיר טײַער, זייער טײַער,
יעדער ווינקל פון מײַן קאַנט.
אוי, פּאָדאָליע, מײַן געטרײַע,
וויגעלע פון מײַן געזאַנג.

---

שיִע זינגער

(וויניצע)

# גייט אונדזער וואָרט באַלײַכטן

מיט וואָס איז שיין דאָס ייִדיש,
צי זינגט מען אונדזער ליד?
צי פעלן ניט קיין שטערן —
באַלײַכטן זײַנע טריט?

עס זינגט, עס קלינגט דאָס ייִדיש,
באַשטראַלט, ווי זומער־ערד.

פאַר פרײַנט עס שמייכלט ברידערש,
פאַר סאָנים — גלײַך א שווערד.

אין ריי מיט אַלע פעלקער,
מיט יעדער שפּראַך באַנאַנד,
גייט אונדזער וואָרט באַלײַכטן
דעם פרילינג אין מײַן לאַנד.

---

**אווראָם ראכמאן**

(טשערקאס)

# איך האָב אַמאָל געליבט א מיידל...

איך האָב אמאָל געליבט א מיידל,
ווי דאָס אייגן לעבן,
פאר איר שיינקייט, פאר איר שמייכל
אלץ כ׳וואָלט אָפּגעגעבן.

נאָר געקומען זיינען דייטשן
אין מײַן קליינינק שטעטל
און מיט שטעקנס, און מיט בייטשן
זי פאריאָגט אין געטאָ.

און מיט אלעמען צוזאמען —
מיט די שוועסטער, ברידער,
מיט דעם טאטן, מיט דער מאמען
ליגט זי אין די גריבער...

כ׳האָב אין שלאכט פאר זיי געגנומען
ניט איין מאָל נעקאָמע,
איצטער וויל איך, ס׳זאָל ניט קומען
ווידער קיין מילכאָמע.

אוי, געליבט האָב איך א מיידל
מערער, ווי דאָס לעבן,
פאר איר כאָכמע, פאר איר שמייכל
אלץ כ׳וואָלט אָפּגעגעבן.

---

**אווראָם גאנץ**

(האָמעל)

# א פֿייגעלע

ס׳האָט היינט דער ווינט א גאנצע נאכט געוויינט
און האָט אין סטעפּ געהויפנט שניי אף שניי.
און מיר האָט זיך געדאכט, איך האָב געמיינט,
אז ס׳וויינט דאָס קליינע קינד בא זיי,
בא שכיינים מײַנע.

איך האָב זיך אופגעכאפּט אין פראָסטיקן פארטאָג,
ארויס אין סטעפּ. דער ווינט האָט נאָך געדרייט,

געליאַרעמט און געקלאַגט,
געזאמלט בערג מיט שניי און ווײַטער זיי צעשפּרייט
אף ראכוועסן אף זײַנע...

איך האָב א טראָט געטאָן און בין אוועק אהין,
ווּ ווינט און שניי. און ס'האָט דער וויכער שוין
געוואָרפן זיך אף מיר, ווי ס'ווארפן זיך די הינט
אף אומבאקאנטן איינזאמען פארשוין,
וואָס זוכט א הויז.

און דאַן, ווען שטיל געוואָרן איז ארום,
און זון האָט ווידער שוין געגלעט דעם שניי,
בין איך געשטאנען, ווארטנדיק און שטום,
און כ'האָב געזען:
די וועלט איז שיין און גרויס.

---

גאָלדע מיכעלסאָן

(לענינגראד)

# און יונג בין איך

און יונג בין איך, נאָך גאָר א קינד,
צעעפנט ברייט זײַנען די אויגן:
ווי אלץ איז העל! ווי פריש דער ווינט!
ווי שיין עס איז דער רעגנבויגן!

און יעדע זאַך איך וויל פארשטיין,
מיט סייכל אייגענעם באנעמען.
ווי ווייניק כ'ווייס... נאָר כ'בין דאָך קליין,
און ס'איז ניטאָ, פאר וואָס זיך שעמען!

און כ'זע: עס ליגט פאר מיר צעשפּרייט
א לאנד א גרויס מיט טויזנט וועגן,
נאָר וועלכער וועג וווּהין עס גייט —
איך ווייס ניט, ווּעמען זאָל איך פרעגן...

און ס'ווילט זיך מיר, עס זאָל א האנט
א ווארעמע, ווי בא מײַן מאמען,
מיך אָנעמען און זאָגן: שפּאַן!
ס'וועט קיינער ניט דײַן וועג פארצאמען!

אווראָם קאַצעוו
(כערסאָן)

# בלומען, קווייטעלעך געקליבן...

בלומען, קווייטעלעך געקליבן אין דער דופטיקער לעוואדקע,
און די פיס האָט זי געוואשן אף דער בייגעוודיקער קלאדקע.
פאלט די זון מיט זשעדנע ליפּן צו צו אירע ברוינע אקסל,
און דאָס ווינטל, נאָר סע קלעפּט זיך, טרעט ניט אָפּ פון איר — דער אקשן.

אונטער רויטינקער קאלינע שטייט דער באָכער א פארשעמטער
און ער רופט צו זיך דאָס ווינטל, און פון אייפער א צעברענטער,
פרעגט ער: „ווינטל, ס'איז דיר וויניק?
ס'איז דאָס קאָרנפעלד דיר קליין דען?"

און דעם שטראל, וואָס איז געשטאנען אף א ווײַנפערל דערנעבן,
זאָגט ער: „ברודער, ס'איז שוין צײַט די זון באלייטן
אפן האלבקײַלעך דעם צווייטן,
לאָז אונדז, שטער אונדז ניט, מײַן לעבן..."

ווי ס'דערהערט אזוינס דער ווינט —
לויפט אין קאָרנפעלד געשווינד.

גייט דער שטראל די זון באלייטן
אפן האלבקײַלעך דעם צווייטן.

שפּרינגט פון קוסט דער יאט ארויס,
איבערגליקלעך זינגט ער אויס:

„איצטער בין איך איינער שוין —
איך און דו, און קיינער שוין".

הייס און טונקל אין לעוואדקע —
הערצער פלאצן אף א קלאדקע...

---




## העשל ראבינקאָוו

געבוירן אין 1908 אין סאָסניצע (אוקראַי-נע). פאַרענדיקט דעם ליטעראַרישן פאַקולטעט פון מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אָנגע-הויבן זיך דרוקן אין 1928. וווינט אין בירא-בידזשאַן.


# פון א נײַער הייך

ער אופּטו איז געווען זייער אַן איינפאַכער, און ס'איז א כי-דעש, וואָס ביז אים האָט זיך דאָ קיינער דערצו ניט דערטראַכט: צו וואָס אַרופּשלעפּן שווערע ברעטער אַף די אייבערשטע גאָרנס, מעסטן זיי דאָרט, און מאַכן אָפּאַלובקעס פאַר בעטאָן-זײַלן... ער, זיגעל, האָט פאַרגעלייגט צונויפקלאַפּן אַף דער ערד פאַרטיקע שילדן און רינגענווײַז זיי דערלאַנגען מיטן קראַן אַף אַרויף. צוליב דעם טאַקע האָט ער עס איצט געקלע-טערט איבער די גליטשיקע רישטעוואַניעס פּוי-נעם דרויבל-צעך, וווּ ער האָט זיך הײַנט געקליבן שטעלן די טעסליער. פּלוצלינג האָט ער דער-הערט פון אונטן דעם פּראָראַב לעלטשוקס שטים:

— זיגעל, וווּ זײַט איר דאָרט?

זיגעל האָט זיך ניט איבעריקס געײַלט: ער האָט געוווּסט, אַז אָט דאָס דאָזיקע קליינוווּקסי-קע מענטשל מיט די געציילטע הערעלעך אַפּן קאָפּ קאָן אַמאָל אופהייבן א ליאַרעם איבער גאַנץ געוויינלעכע זאַכן. לעלטשוקס פאַרשמיר-טע שטיוועלעך האָבן אַזש אונטערגעטאַנצט:

— וואָס זאָגט איר אַף די לײַט פון דער פאַרוואַלטונג? גייט, מע רופט אײַך אַהין. — ער האָט מיט דער האַנט א ווײַז געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. זײַן קורצער האַלדז איז געווען ציגל-רויט פון אופרעגונג:

— ניט געפונען קיין אַנדער צײַט צו רופן...

אַפּן וועג צו דעם קאָנטאָרל האָט ער זיגעלן אַרײַנגעשריען גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, אַז מע וויל אים, זיגעלן, שיקן קיין כאַבאַראָווסק אַף קורסן, — און, אופהייבנדיק זיך אַף די שפּיץ נעזלעך פון די שטיוול, געוואָרנט, — אַף גאַנצע דרײַ כאָדאָשים!

זיגעלן האָט די דאָזיקע נײַס ניט איבעראַשט. ער האָט נאָך ווינטער געהערט, אַז מע קלײַבט זיך שיקן מענטשן אַף קורסן פון בריגאַדירן.

אין קאָנטאָר האָט מען אים באַוויזן א צעטל, וווּ זײַן פאַמיליע איז געשטאַנען פון די ערשטע.

אין אָט דער מינוט איז עס פאַר אים אַליין געווען ניט אינגאַנצן קלאָר, צי ער איז מאַסקים. אין די געדאַנקען האָט ער זיך א לאָז געטאָן צוריק אַהין, וווּ זײַן קאָמפּלעקס-בריגאַדע האָט געאַרבעט, — אַף דער בויונג פון דער עלעק-טראָסטאַנציע. נעם, לאָז עס אַלץ איבער אַף גאַנצע דרײַ כאָדאָשים!.. עמעס, אָנשטאָט אים בלײַבט זײַן געהילף יעריאָמין — דער לאַנגער באָכער, וועלכער רעדט שטענדיק מער אַפּן וווּנק, דערפאַר איז אָבער ניטאָ קיין גרעסערער בעריע דאָרט, וווּ מע דאַרף אָן אָרודעווע טאָן מיט דער האַק און מיטן וויבראַטאָר. אַף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן. נאָר וואָס דען? ער, זיגעל, האָט א כשאַד, אַז נאָך די קורסן קלײַבט מען זיך אים געבן א נײַעם אָביעקט, מיט נײַע מענטשן. אָנהייבן אַלץ פונדאָסנײַ — דאָס גלוסט זיך אים ניט. ער איז זיכער, אַז קיין בעסערע זעקס און דרײַסיק כעווערלײַט, איידער די, מיט וועלכע ער אַרבעט שוין דאָס צווייטע יאָר, איז ניטאָ אַף קיין איין בויונג אין דער שטאָט.

קיין כאַבאַראָווסק איז זיגעל אָנגעקומען אין א לויטערן מײַ-פרימאָרגן. פאַר די דרײַ שאָ אין וואַגאָן האָט ער באַוויזן גוט א דרעמל טאָן און

6—1

איצט געפּילט אין זיך א קרעפּטיקע פרישקייט. ווי עפּעס ווייטס, מעטושטעשדיקס האָבן זיך דורכגעטראָגן פאַר די אויגן די פּענעמער פון די יאַטן, וואָס זיינען באַנאַכט געקומען אים באַגלייטן. ער האָט ביזן סאַמע זעצן זיך אין וואַגאָן אַלץ דערקלערט יעריאָמינען, וואָס יענער וועט האָבן צו טאָן שוין גלייך מאָרגן אינדערפרי. זיגעל האָט א שמייכל געטאָן, דערמאָנענדיק זיך יעריאָמינס קלוימערשט אופמערקזאַם־ערנסטע אויגן, די גראָבע ליפּן, וועלכע זיינען זיך בעשאַסמייסע פאַרעטעריש צעפּאָרן אין א ברייטלעכן געגעץ. יעריאָמין האָט זיך געקאָנט באַגייען אָן זיינע אייצעס...

אין דער נאָענטער קאַנטישער שטאָט קומט זיגעלן אויס צו זיין גאַנץ אָפּט. דאָ וווינט זיינע אַן אויסגעגעבענע שוועסטער, און ער כאַפּט זיך אַמאָל אַראָפּ אַהער אַף א זונטיק. נאָר היינטיקס מאָל האָט אים די שטאָט אויסגעזען עפּעס יאָמעטוודיק שענער און צוציִענדיקער, ווי שטענדיק.

לעבן אַוטאָבוס האָט ער זיך אָנגעשטויסן אַף א באַקאַנטן פון ביראָבידזשאַן, וועלכער האָט אים דערציילט, אַז אַנומלטן האָט ער דאָ אין כאַבאַראָווסק באַגעגנט — וועמען מיינט ער? אירינע וואָלף. זי האָט מען אויך געשיקט אַף קורסן. אַפּאָנעם, אַף די זעלבע טאַקע...

— עס זאָל דיר דאָ זיין פרייִלעכער, — האָט ער אים א שטורכע געטאָן.

די דאָזיקע נייס איז פאַר זיגעלן געווען אומדערוואַרט. ער האָט געשפּאַנט איבער דער רוישיקער קאַרל מאַרקס־גאַס און געפּרוווט זיך פאָרשטעלן, וויאַזוי ער וועט זיך באַגעגענען מיט אירינען. עפּשער זיך אופירן ווי בא זיך אין דער היים? עפּשער אַזוי ווי עס האָט זיך שוין איינגעשטעלט די לעצטע צייט — א שאָקל מיטן קאָפּ, א זאָג טאָן א פּאָר שטעכווערטלעך, וואָס זיינען פאַרשטענדלעך נאָר זיי ביידן... ניין, לעכערלעך און נאַריש: א מענטשן איז שוין פינף און צוואַנציק יאָר, און ער גייט נאָך אַלץ אַרום א באַליידיקטער און בלאָזט זיך, ווי א זעכצניאָריק יינגל. פאַרקערט, ער וועט זי באַגעגענען העכסט פריינטלעך, גלייך ווי גאָרנישט וואָלט ניט געשען...

„און וואָס איז דען אינדערעמעסן געשען?“ — האָט ער מיט פאַרדראָס א טראַכט געטאָן.

* * *

שוין העכער א יאָר, ווי צווישן אים מיט אָט דעם מיידל האָבן זיך געשאַפן עפּעס מאָדנע באַציונגען.

ער איז דעמלט געקומען פון דער אַרמיי צוריק צו זיך אין בוי־טרעסט. גוט באַהאַוונט אין אַלע בוי־פאַכן, איז ער גאָר אינגיכן געוואָרן בריגאַדיר פון א נייגעשאַפענער יוגנטלעכער קאָמפּלעקס־בריגאַדע. אַף זיין באַצירק האָט מען איינגעשטעלט בעטאָן־סמויקעס, און דעריבער איז אים אויסגעקומען האָבן צו טאָן מיט די אַרמאַטורשטשיקעס. בא זיי איז געווען בריגאַדיר אירינע וואָלף. אין איר שוואַרץ פאַרשטויבט בערעטל, אין די טופּליעס אַף די נידעריקע קנאַפּל האָט זי געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַן איבערגעוואַקסענער שילערן פון א האַנטווערקער־שול, סיי פון א יונגער וואַגאָן־באַגלייטערן אין א שנעלציג.

זיגעלס באַקאַנטשאַפט מיט איר האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם, וואָס ער האָט פאַרגעלייגט די אַרמאַטורשטשיקעס אריבערגיין אין זיין בריגאַדע. דערויף האָט אירינע געענטפערט מיט זייער א קורצן, נאָר אויסדריקלעכן בליק דורך די צונויפגעצויגענע לאַנגע וויִעס.

— עטוואָס קליגערס האָט איר שוין ניט געקאָנט צוקלערן?..

אין א קורצער צייט אַרום האָבן זיי זיך גענומען באַגעגענען נאָך דער אַרבעט. און אָנגעהויבן האָט זיך עס אָט פון וואָס:

אין איינעם א וואַרעמען־איבערהייס האָט זיגעל זיך פאַרקליבן צווישן צוויי סטאָסן בעטאָן־פּליטעס, אַרויסגענומען פון טאַש א נייִנקע לאָגאַריטמישע ווירע און אָנגעהויבן זיך לערנען, וויאַזוי צו באַנוצן זיך מיט איר. אויבן, אַף די בעטאָן־פּליטעס, איז געלעגן אירינע און זיך געוואַרעמט אַף דער זון. זי האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געענדיקט א צעניאָריקע שול און שוין דאַפּקע יאָ געוווּסט, וויאַזוי זיך באַגיין מיט דער ווירע. זי האָט נייגעריק אַראָפּגעקוקט, ווי דער בריגאַדיר מיט דעם שוואַרצן צעפּאַטלטן קאָפּ און מיטן האַלדז־און־נאַקן, וואָס זאָגט וועגן זיין אָקסישער אַקשאָנעס, מאַטערט זיך, קוקט אַריין אין דער אינסטרוקציע און — גאָרניט באַקומט זיך בא אים...

לעם איר, אַף די אָנגעוואַרעמטע פּליטעס, איז געלעגן א ציגל־שפּליטער, און אירינען האָט זיך זייער געוואָלט אַראָפּוואַרפן אים אַף זיגעלס העפטל, אַף זיין אינסטרוקציע. זי האָט עס אָבער ניט געטאָן — ער קאָן עס נאָך אויסטייטשן אַף אַן אַנדער אויפן... נאָר עפּשער פאָרט דערקלערן אים כיבער, כיבער, קייפלען — כאָטשבי דאָס, וואָס א בריגאַדיר דאַרף קענען באַם אונטערעכענען נאַריאַדן... זי האָט אָבער מוירע געהאַט אָנטרעפן אַף איבערגעטריבענער אייגנליבע. מע זעט דאָך, אַז ער איז פון די, וואָס זיינען גרייט אויסטראַכטן נאָכאַמאָל פּולווער, אַבי — אַליין...

אַזוי איז זי אומבאַוועגלעך אָפּגעלעגן ביזן הודאָק. נאָר ווען זי האָט זיך גענומען אופהייבן, האָט זיגעל זי דערזען. זיין אָפּגעברענט פּאָנעם איז געוואָרן בלאַס. ער האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט.

— וויאַזוי האָב איך עס אייך ביז איצט ניט באַמערקט?

— און איך האָב אייך באַמערקט, — האָט זי רויִק געענטפערט, — נאָר כ׳האָב ניט געוואָלט שטערן אייך אין אַזאַ ערנסטער זאַך.

אין דעם טאָן פון אירע לעצטע ווערטער האָט ער דערפילט, אַז זי מאַכט פון אים כויזעק. ער האָט בייזלעך געענטפערט:

— שטערן וואָלט איר ניט געשטערט, נאָר העלפן אויך ניט...

אירינע האָט א פיר געטאָן מיט א ברעם:

— מעגלעך. נו, כ׳ווינטש דערפֿאָלג.

און אין פֿלינק אַוועקגעלאָפֿן איבער די פּליטעס.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי זיך ווידער באַגעגנט. אירינע איז געשטאַנען אַנטקעגן זיגעלן, די שפּיץ פֿינגער אַרײַנגעטאָן אין די טעשעלעך פֿונעם שוואַרצן קלײדל. די ליפּן אירע האָבן געשמייכלט:

— ווי גייט עס מיט די לאָגאַריטמען?

זיגעל האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— איז אָט, קומט אַהער. זעט, — האָט דאָס מיידל פֿאַרגעזעצט. אין אירע הענט האָט זיך פֿון ערגעץ-ווו באַוויזן אַ שוואַרץ שמאָל שאַכטעלע מיט דער לאָגאַריטמען-ווירע.

— אָט, זעט!..

אַזוי האָט מען זיך אָנגעהויבן טרעפֿן. וואָס ווײַטער, אין אירינע אים אַלץ מער געפֿעלן. ער האָט באַמערקט, ווי זאַכלעך זי האַלט זיך מיטן פּראָראַב, ווי פֿרײַנטלעך — מיט די אַרמאַטורשטשיקעס, וועלכע האָבן זי פֿאַרשטאַנען קימאַט אָפֿן ווונק.

ער האָט עטלעכע מאָל געפּרוּווט געבן אָנצוהערן, אַז ער וואָלט אַרײַנגעגאַנגען צו איר אַהיים, נאָר יעדעס מאָל האָט זי אָף אַן אײדעלן אויפֿן אָפּגעזוכט פֿאַרשיידענע טערוצים אָף ניט פֿאַרבעטן אים. דערפֿאַר אָבער איז זי, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, גערן אָפּגעזעסן מיט אים ביז שפּעט אין אָוונט אין די טונקעלע, קילבלעכע פּאַרק-אַלייען.

עמעצער פֿון זײַן בריגאַדע האָט אים דעמלט אין אַ שפּאַס אַ זאָג געטאָן, אַז עס איז פֿאַראַן דאָ איינער אַן ענערגעטיקער, וואָס וועט אָט-אָט צוריקקומען פֿון אַ קאָמאַנדירונג פֿון דאָרעם-סאַכאַלין... נאָר זיגעל האָט זיך געמאַכט ניט ווייסנדיק. ניט געוואָלט וועגן דעם טראַכטן. אינגיכן אָבער האָט ער אים געטראָפֿן, דעם ענערגעטיקער, אין קאָנטאָר פֿון דער פֿאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די דרײַסיקער. געטראָגן האָט ער אַ פּאַנאַמע פֿון יאַם-גראָז, עטוואָס אַראָפּגערוקט אָפֿן שטערן. די טיף-בלויע גרויסע אויגן, וואָס האָבן געקוקט זייער שאַרף, האָבן דײַטלעך געגעבן צו וויסן, אַז ער קאָן באַשטיין אָף זײַנס...

און טאַקע אינעם זעלבן אָוונט האָט זיגעל געטראָפֿן אירינען מיט דעם דאָזיקן אינזשעניער אָף דער שאָלעם-אַליכעם-גאַס. זיי האָבן געוואַרט אָף אַן אַווטאָבוס, וואָס גייט צו דער סאָפּקע. זיגעל איז צוגעגאַנגען צו זיי. אירינע האָט אָף אים דעמלט אַ קוק געטאָן מיט איר רויִקן קוים באַמערקבאַרן שמייכל, זיך דערקונדיקט, צי גייט ער דאָס ניט אין דער אָוונטשול. דער ענערגעטיקער, וואָס איז געשטאַנען לעם איר, האָט זיך געמאַכט טאַמעוואַטע און מיט אַ פֿאַרעוועער שטים איבערגעפֿרעגט:

— אַזוי? איר לערנט אין דער אָוונטשול?

זיי האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן מיט אַן אָפּשאַצערישן בליק. דער שמועס האָט זיך ניט געקלעפּט. אינגיכן איז אונטערגעקומען דער אַווטאָבוס, און אירינע מיט איר באַקאַנטן זײַנען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

אָף דער אַרבעט איז אירינע געווען מיט זיגעלן היימיש-פֿרײַנטלעך, ווי פֿריִער, אָבער אין די אָוונטן איז אים אַלץ זעלטענער געלונגען צו טרעפֿן זיך מיט איר. אַרומבלאָנקענדיק איבער די שטילע זײַטיקע גאַסן אָף יענער זײַט בריק, פֿלעגט ער זי זען מיטן ענערגעטיקער — ביידע אויסגעפּוצטע, פֿריילעכע.

און דאָ האָט מען אים אינגאַנצן אומגעריכט אַריבערגעפֿירט מיט דער בריגאַדע אָף אַ נײַעם אָביעקט — אָף דער בויונג פֿון דער גרויסער עלעקטראָסטאַנציע אין אַ ווינקעלכן עק פֿון דער שטאָט.

פֿון דעמלט אָן האָט ער בלויז איין מאָל באַגעגנט אירינען אָף דער פּאָטשט. זי האָט בײַ אים זיך נאָכגעפֿרעגט, פֿאַרוואָס זעט מען אים ניט, צי האָט ער אָף איר ניט קיין פֿאַריבל פֿאַר עפּעס. קוקנדיק אין אַ זײַט, האָט ער אָפּגעענטפֿערט מיט אַ האַלב מויל. דאָס איז געווען זייער לעצטע באַגעגעניש.

* * *

אירינע איז געשטאַנען אין פֿאָיע פֿון דער געבײַדע, ווו עס זײַנען געווען די קורסן, בײַם ביכער-קיאָסק, לעבן די הויכע מירמלנע טרעפּ. זי איז געווען אין אַ העל-גרויער קלייד. די לענגלעכע, גוט געצייכנטע ליפּן אירע, קוים-קוים באַרירט מיט רויטס, האָבן געשמייכלט צו עמעצן מיט אומדערוואַרטער גוטמוטיקייט. אים האָט זיך געדוכט, אַז פֿאַר דער צײַט, וואָס ער האָט זיך מיט איר ניט באַגעגנט, האָט זי זיך שטאַרק געענדערט.

אירינע האָט אויסגעשטרעקט צו אים ביידע הענט:

— זיגעל, איר?

מיט דער געוואַגטקייט פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט שוין ניט וואָס אָנצוווערן, האָט ער זי גענומען אונטערן אָרעם. נו, גוט, דאָרטן איז דער ענערגעטיקער. אָבער דאָ זײַנען זיי דאָך לאַנדסלײַט. גוטע באַקאַנטע. דאָ, אין דער פֿרעמדער שטאָט, מוז ער זײַן אויפֿמערקזאַם צו איר.

— גייען מיר, אירינע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן. זיי זײַנען צוזאַמען אַוועק אין דער אַאודיטאָריע.

די ערשטע צײַט האָבן די קורסן אַ ביסל אַנטוישט זיגעלן. דער טאָג איז געווען איבערגעלאָדן מיט טעאָרעטישע לימודים. פֿאַר דער מערהייט צוהערער, וואָס זײַנען אַהער געקומען גלײַך פֿון דער בויונג מיט אַ היפּשן אַרבעטס-סטאַזש, איז אַלץ געווען באַוווּסט פֿון דער פּראַקטיק. שפּעטער האָט אָנגעהויבן ווערן אינטערעסאַנטער. אַן אינזשעניער פֿונעם ראַט פֿאַר פֿאָלקסווירטשאַפֿט האָט גענומען לייענען אַ קורס טעכנישע נאָרמירונג. דאָס האָט זיגעלן געעפֿנט די אויגן.

— בלינד געווען, דער טײַוול זאָל עס נעמען! — האָט ער, קלאַפּנדיק זיך אין קאָפּ

מיטן פויסט, געזאָגט צו אירינען אין איינעם פון די איבעררייסן, — און מיט אזויפיל פינצטערניש אין מויעך גיי האָב צו טאָן מיט אונדזערע לייט, די נאָרמיראָווששיקעס! בלויז דער ניוך מייַנער פלעגט מיך ארויסהעלפן. איצט, כאַווייערימלעך, וועלן מיר שוין א קוק טאָן עטוואָס טיפער...

— איר זאָגט, בלינד געווען? — אירינע האָט אים באקוקט פון אויבן אראָפּ מיט א זייַטיקן בליק. — דאָס איז פאר מיר ניט קיין נייַעס...

זיגעל האָט מיט א שטאָך אָפּגעענטפערט:

— נישקאָשע, דאָס, וואָס איך האָב געדארפט, האָב איך דערזען...

דאָך האָבן אים נאָכדעם א היפּשע צייַט ניט געלאָזט צורו אירינעס ווערטער: וואָס זאָל דאָס הייסן? א פארשטעלטע אָנצוהערעניש?..

עס זייַנען אוועק טעג, פארפולטע מיט אָנגעשטרענגטער ארבעט אף די קורסן, מיט עקסקורסיעס אף די בויונגען פון דער גרויסער קאנט-שטאָט. מידע, נאָר צופרידענע, פלעגן די קורסאנטן זיך אומקערן אין צוזאמענוווינונג.

— איך האָב ליב דעם ריטם פון א גרויסער שטאָט, — האָט אירינע אַנומלטן א זאָג געטאָן. אירע אויגן זייַנען געווען פארטראכט און ערנסט. — איר ווייסט, זיגעל, מע לייגט מיר דאָ פאר בלייַבן ארבעטן אף איינער אן אינטערעסאנטער בויונג.

— יאָ? — זיגעל האָט עס קימאט אויסגעשריען. — און איר?

שווייַגנדיק, ווי זי וואָלט באטראכט, וואָס צו ענטפערן, האָט אירינע געשפּאנט ווייַטער מיט אן עטוואָס אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט דערשפירט אין זיך אן אומרויִקע בענקשאַפט. די גוטע שטימונג איז גלייַך צערונען געוואָרן. ער האָט זיך דערמאָנט, אז אירינע האָט אין כאבאראָווסק פרייַנט. אָט וועט זי פארבלייַבן דאָ, און ער וועט ווידער נעמען ארומבלאָנקען איבער די שטילע הינטערגאסן מיט א פוסטער בענקעניש נאָך איר...

זיגעל האָט אָפּגעזיפצט:

— יאָ. אונדזער שטאָט איז נאָך ניט אזוי גרויס און האָט נאָך ניט אָט דעם ריטם, וועגן וועלכן איר רעדט.

אירינע האָט זיך אָפּגעשמעלט.

— מיר מיט אייַך, — האָט זי לאכנדיק געזאָגט, — מיר מיט אייַך דארפן אים שאפן, אָט דעם ריטם! אויסבויען נייַע גאסן, מיט אָט אזעלכע פילגאָרנדיקע מויערן. ווער קאָן עס טאָן? נאָר מיר מיט אייַך!..

די צוזאמענוווינונג פון די קורסן, וווּהין זיי זייַנען געגאנגען, איז שוין דאָס מאָל געבליבן ערגעץ אין א זייַט. אירינען און זיגעלן האָט ארומגעכאַפּט די פייַכטקייַט פונעם נאָענטן אמור, וועלכער האָט פארנאכטיק ארויסגעקוקט מיט שטאָלענע בליצלעך דורך די פּארק-ביימער.

* * *

סאָף יול האָבן די קורסן זיך געשלאָסן, און אירינע מיט זיגעלן זייַנען אוועקגעפאָרן צו זיך אין שטאָט. דער צוג איז אהין אָנגעקומען שפּעט באנאכט. דער פּעראָן — אן אפגיך באלויכטענע שטאָק פינצטערניש — האָט האסטיק זיך א טראָג געגעבן אנטקעגן און דאָס מאָל אויסגעזען א סאך גרעסער, ווי אינדערעמעסן. אף דער בייַוואָקזאל-גאס האָט זיך געלאָזט הערן דאָס טופּען פון פארשפּעטיקטע זומערדיקע לייַכטע פרויען-אָפּצאַסן. קיין אווטאָבוסן זייַנען שוין ניט געגאנגען. זיגעל איז דערפון געווען אפילע צופרידן: ער וועט באגלייטן אירינען גאנצע פינף קילאָמעטער — צום זאוואָדישן יִישעוו, ווו זי וווינט. ער האָט געוואָלט נעמען בא איר דעם טשעמאָדאן, נאָר אירינע האָט זיך אָפּגעזאָגט. זי האָט פארגעלייגט אוועקשטעלן די זאכן אינעם דיספּעטשער-בײַדל, ביז דעם ערשטן אווטאָבוס, און אליין א שפּאציר טאָן איבער דער שטאָט, ווו זיי זייַנען שוין דרייַ כאדאָשים ניט געווען.

פון דער נאכט-כאשכעס האָבן פאר זיי אָנגעהויבן ארויסשווימען איינער נאָכן אנדערן ווענט פון נייַ-אויסגעבויטע הייַזער, קראנען מיט ריזיק-פארהייבענע הענט, אָפּגעצוימטע ברייטע בוי-פלעצער, וואָס מיט דרייַ כאדאָשים צוריק איז נאָך פון זיי קיין סימען ניט געווען.

— פיר, פינף, זעקס... — האָבן זיי געציילט די נייַ-בויונגען, גייענדיק איבער דער גרויסער נייַער גאס לענגויס דעם טייַך.

זיגעל האָט זיך ניט געקאָנט אייַנהאלטן. ער האָט געריבן די הענט — מאָלאָדצי, זעט, ווי מע האָט זיך דאָ א נעם געטאָן!..

דער טויער פון איינעם אן אָפּגעצוימטן בויפלאץ איז געווען אָפן, און זיי זייַנען אהין ארייַן. דער אלטער נאכט-וועכטער, אייַנגעהילט אינעם טולופּ, האָט דערקענט זיגעלן און איז געבליבן אף זייַן אָרט אין בייַדל. ער האָט אָבער גענומען אומצופרידן בורטשען:

— קיין שלאָף נעמט זיי ניט...

זיגעל האָט אָנגענומען אירינען פאר דער האנט. זיי האָבן זיך אופגעהויבן אפן צווייטן שטאָק פון דער נייַער געבייַדע. פונדאנען, פונעם נאָך ניט פארטיקן באלקאָן, האָט מען געקאָנט זען, ווי די שטאָט איז זיך צעוואקסן.

זיי זייַנען געשטאנען שווייַגנדיק. ערגעץ האָט אומדערוואַרט א קריי געטאָן א פרייִקער אומגעדולדיקער האָן, און ווי אן ענטפער אים, האָט אין די באגינענדיקע גאסן הייזעריקלעך א פאָרשקע געטאָן אן ערשטער אווטאָבוס.

— קומט, — האָט אירינע געזאָגט.

— קומט, — האָט זיגעל איבערגעכאַזערט.

# טעגבוכער פון לעבן



## דאָוויד דראַגונסקי


געבוירן אין 1911 אין שטעטל סוויאַטסק (ווײַסרוסלאַנד). גענעראַל-לייטענאַנט, צוויי מאָל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד.


# דרײַ רײַזעס קײן פּאַריז

ין האַרבסט 1956 בין איך מיטן שרײַבער אַלעקסאַנדער טשאַקאָווסקי אײַנגעלאַדן געוואָרן קיין פּאַריז אף דער עפענונג פונעם אַזוי־גערופענעם „מעמאָריאַל פון ידישן מאַרטירער". דער דאָזיקער בנין איז אויסגעבויט געוואָרן אפן געלט, וואָס עס האָבן צונויפגעזאַמלט פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און פריוואַטע פּערזאָנען. ער איז פאַרטראַכט געוואָרן אַלס דענקמאָל די זעקס מיליאָן ידן, וועלכע זײַנען אומגעקומען בײַם דער צווייטער וועלט-מילכאָמע — אַ דענקמאָל די קאָרבאָנעס פון פאַשיזם.

אין יענעם האַרבסט איז אף דער וועלט געווען זייער אומרויק. אין סאַמע האַרץ פון אייראָפּע, אין סאָציאַליסטישן אונגאַרן, האָבן די ניט דערשלאָגענע פאַשיסטן אויפגעהויבן אַ בונט קעגן דער פאָלקס-מעלוכע. אין פראַנקרײַך האָבן די רעגירנדיקע קרײַזן פון דער פערטער רעפּובליק פּונקט דאַן זיך געקליבן צוזאַמען מיט ענגלאַנד און יסראָעל אָנהייבן די אַוואַנטיורע קעגן עגיפּטן. פּאַריז איז אין יענע טעג געווען פול מיט אָנגעפּאָרענע פון יענער זײַט אָקעאַן. זיי האָבן דערמאָנט סטײַעס ראָבן, וואָס פליען זיך צונויף אַהין, וווּ עס שמעקט מיט רויב. ס'האָט זיך געדוכט, אַז די וועלט האָט פאַרגעסן אין דעם שווידער, וואָס האָט געווילדעוועט ערשט מיט אַ צען יאָר צוריק. נאָר אפן קיוווער פון אַן אומבאַוווּסטן יד, אַ פאַרפּײַניקטן דורך די פאַשיסטן, האָט מען אויסגעבויט אַ מאָנומענט און אפן פראָנטאָן אויסגעקריצט די ווערטער „פאַרגעסט ניט!"

די אָפיציעלע צערעמאָניע פון אַנטהילן דעם דענקמאָל איז דורכגעפירט געוואָרן פײַערלעך. לענגוים דער גאַס, וואָס פירט צום מעמאָריאַל, האָט זיך אויסגעשטעלט די פראַנצויזישע גוואַרדיע מיט די דרײַעקיקע הוטן פון נאַפּאָלעאָנס צײַטן. אפן פּלאַץ פאַרן דענקמאָל האָבן זיך פאַרזאַמלט סענאַטאָרן, מיניסטאָרן, גענעראַלן, דיפּלאָמאַטן.

דער פּאָרזיצער פון פּאַריזשער מוניציפּאַליטעט פּיער ריווע האָט אין זײַן רעדע גערופן צום קאַמף קעגן ראַסיזם, נאַציזם, מילכאָמע. אין שטילשווײַגן, מיט פאַרנייגטע קעפּ, האָבן פּאָרשטייער פון פיר און צוואַנציק לענדער באַערט דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע.

איך בין אויך געשטאַנען מיט אַ פאַרנייגטן קאָפּ. אין זיקאָרן איז אויפגעקומען מײַן געבורטשטעטעלע הינטער האָמליע, וווּ די פאַשיסטן

האָבן אומגעבראַכט מײַן טאַטן, דעם סוויאַט-
סקער שנײַדער אווראָם דראַגונסקי, די מאַמע, די שוועסטער, אַלע מײַנע קרוווים, — די גרויסע שנײַדערישע דינאַסטיע דראַגונסקיס, וואָס איז דויר-דוירעס אײַנגעטונקט געווען אין שער-און-אַנין-יזכּעס. פיר און זיבעציק דראַגונסקיס האָבן די מערדער פאַרפּײַניקט. איך האָב געקוקט אַף די גרויסע יידישע אויסיעס „פאַר-געסט ניט!" ווי קאָן מען פאַרגעסן? ווי קאָנען מיר אַלע פאַרגעסן?

ווּאַזוי זשע איז עס געשען, אַז דאָ, אין פּאַריזש, גראַד אינעם טאָג פון 30 אָקטיאַבער 1956, ווען מע אַנטהילט אָט דעם דענקמאָל, מאַמעש אין די זעלבע שאָען, ווען מע פאַרשילט דאָ די היטלעריסטישע הענקער, ווען מע רופט קעגן דער מילכאָמע-געפאַר, האָט זיך דערהערט א סיגנאַל צו א נײַעם קריג?.. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גאַזלאָנישע אַגרעסיע קעגן עגיפּטן! מיר ביידע, א סאָוועטישער שרײַבער און א סאָוועטישער גענעראַל, האָבן דאָס ניט געקאָנט פאַרשווײַגן. מיר האָבן געזאָגט אונדזער וואָרט: די דאָזיקע נידערטרעכטיקע אַוואַנטיורע וועט אומבאַדינגט דורכפאַלן.

אָן אופגערודערטער, האָב איך רעמלט אײַליק פאַרלאָזט פּאַריזש. א סאַך דערפון, וואָס ציט צו צו אָט דער וועלט-שטאָט מענטשן פון גאָר דער ערד, האָב איך יענץ מאָל ניט באַוויזן זען.

* * *

אין דרײַ יאָר אַרום בין איך ווידער געקומען קיין פראַנקרײַך. דאָס מאָל האָב איך געהאַט א געלעגנהײט געניער זיך באַקאָנען מיט פּאַ-ריזש. דאָס איז געווען אין יאָר 1959, אויך ניט קיין גרינג יאָר פאַר פראַנקרײַך. די מילכאָמע אין אַלזשיר האָט מיט איר גאַנצער לאַסט זיך געלייגט אַף די פּלייצעס פונעם פראַנצויזישן פּראָסטן מענטשן. נאָך אינעם אָטעם פון דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט האָט זיך געפילט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָגט אָן אַף גוטס, וועקט האָפענונגען. פראַנקרײַך האָט זיך געגרייט אופצונעמען ניקיטע סערגייעוויטשן. עס איז שוין געווען געמאָלדן, ווען דער סאָוועטישער פּרעמיער וועט קומען, און פּאַריזש האָט מיט אומגעדולד אַרויסגעקוקט אַף דעם וויזיט.

מיר האָבן דאַן אין פּאַריזש אומעטום באַגעגנט פרײַנטלעכע אופמערקזאַמקײַט. מיט פאַרגעניגן האָבן מיר זיך באַקענט מיט די קונסט-אויצרעס פון לוווּר, באַזוכט מוזייען און טעאַטערן, שפּאַצירט איבער די גאַסן, פּלעצער און בולוואַרן, וואָס זײַנען אונדז אַזוי גוט באַ-קאַנט פון דער וועלט-ליטעראַטור. ס'איז שווער געווען אָפּצורײַסן דעם בליק פונעם נאָטר-דאַם. אָט שטייט ער, פּונקט ווי וויקטאָר הוגאָ וואָלט אים הײַנט געמאָלט אין זײַן באַרימטן ראָמאַן. עטלעכע דוירעס פראַנצויזן האָבן געבויט אָט די קאַטוילישע קירך, וואָס איז פאַרבליבן אין דער בוי-קונסט ווי א שעדעווער פון דער גאָטישער אַרכיטעקטור. איך שטיי בא דער שטילער סענע און דערזע זיך פּלוצעם מאַמעש אין XIII צי אין XIV יאָרהונדערט. א רעגע דוכט זיך: אָט וועט זיך דאָ באַלד באַווײַזן דער גוטהאַרציקער הויקער קוואַזימאָדאָ און אָפּן פּלאַץ וועט אַרויס די ציגײַנערן מיטן ציגעלע. נאָר פון אונטער דער ריזיקער געשניצטער אַרקע שאַרט זיך אַרויס א מאָנאַכן, אָנגעטאָן אין שוואַרצן, בלויז דאָס קעלנערל איז בלענדיק ווײַס. מיט א פלינ-קער פרויִשער באַוועגונג פאַרהייבט זי די לאַנגע סוטאַנע, זעצט זיך אַוועק אַף א מאָטאָ-ציקל און טראָגט זיך האַסטיק דורך פאַרבײַ דעם ברעג.

— אויב איר האָט אינטערעס צו דער געשיכטע פון פראַנקרײַך, — האָט מיר געזאָגט מײַן פרײַנט שאַרל לערערמאַן, א געוועזענער אָנטיילנעמער פון דער ווידערשטאַנד-באַוועגונג, — מוזט איר אומבאַדינגט באַקוקן דעם יוסטיץ-פּאַלאַץ. — איך נעם אָן זײַן פאַרשלאָג.

שאַרל איז א מיטגליד פון דער פראַנצויזי-שער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ער איז באַוווּסט אין פּאַריזש אַלס איינער פון די בעסטע אַדוואָ-קאַטן. טאַקע מיט אים און מיט זײַן פרוי יעלענע — אויך אן אַדוואָקאַט — טרעטן מיר אַריבער די שוועל פונעם גראַנדיעזן פּאַלאַץ, ווו אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער פלעגט ניט זעלטן געלייזט ווערן דער גורל פון לאַנד.

אין די לאַנגע טונקעלע קאָרידאָרן שפּאַרן אונטער די הויכע סופיטן ריזיקע זײַלן. טירן, אָן אָן עק טירן, שווערע, דעמבענע, פירן אין די זאַלן פון ציווילן און קרימינעלן העכסטן געריכט, אין דער יורידישער ביבליאָטעק, אין פאַרשיידענע עקספּערט-לאַבאָראַטאָריעס. הונ-דערטער מענטשן אין לאַנגע שוואַרצע מאַנטיעס, ענלעכע אַף גײַסטלעכע, שפּאַנען מיט געמאָס-טענע טריט איבער די זאַלן און קאָרידאָרן.

— אַדוואָקאַטן האָט איר ניט ווייניק, — זאָג איך צו שאַרלען.

ער גיט א ביטערן שמייכל.

— אין נאָכמילכאָמעדיקן פּאַריזש קלעקט פאַר זיי אַלעמען אַרבעט. ס'איז זייער גרויס געוואָרן די צאָל פאַרברעכנס.

מיר גייען אַרײַן אין די זאַלן פונעם פראַנ-צויזישן העכסטן געריכט. איבער די טירן און איבער די ערטער פון די ריכטער הענגט א סקולפּטור-בילד — די וואָגשאָל פון גערעכטי-קײַט. נאָר גאַנץ אָפט טרעפט, אַז אונטער אָט דעם בילד ווערן פרײַגעשפּראָכן פאַרברעכער און באַשטראָפט אומשולדיקע.

אָט איז דער זאַל, ווו די יאַקאָבינער האָבן פאַרורטיילט מאַריע אַנטואַנעטע פאַר שפּיאָ-נאַזש. ער איז געבליבן פּונקט אַזאַ, ווי אין סאָף XVIII יאָרהונדערט. פון א נידעריקער זײַטיקער טיר האָט זיך באַוויזן פאַרן געריכט די מאַיעסטעטישע שפּיאָנקע — די טאָכטער פונעם עסטרײַכישן אימפּעראַטאָר, די פרוי פונעם קיניג לוידאָוויק דער זעכצנטער. זי איז געווען א הויכוועקסיקע, די קיניגן, און באַם איבער-טרעטן די שוועל האָט זי זיך געמוזט אָנבייגן, דער פּאַריק זאָל ניט אַראָפּפאַלן.

זי האָט פאַרהיט דעם פאַבריק, נאָר ניט דעם קאָפּ.

דאָס געריכט פון דער פראַנצויזישער רעוואָ-לוציע האָט געטאָן זײַן גערעכטן מישפּט.

אין XIX יאָרהונדערט האָט די פראַנצויזישע רעאַקציע אין דעם זעלבן זאַל פאַרמישפּט פאַר שפּיאָנאַזש דעם קאַפּיטאַן פון גענעראַל-שטאַב דרייפוס. ער איז געווען אַבסאָליוט אומשולדיק. עמיל זאָליאַ, דער גרויסער פראַנצויזישער שרײַבער און הומאַניסט, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר דרייפוסן, האָט צוליב דעם געמוזט אַף א צײַט עמיגרירן קיין ענגלאַנד. יאָרן זײַנען אַוועק, ביז עס איז סאָפקאָלסאָף דערוויזן געוואָרן, אַז דרייפוס איז אומזיסט פאַרורטיילט געוואָרן.

אינעם זאַל דערנעבן האָט מען אין יאָר 1914 געמישפּט דעם גערונגענעם מערדער, וואָס האָט דערשאָסן זשאָרעסן. זשאָרעס איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער סאָציאַליסטי-שער פּאַרטיי, דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „הומאַניטע". ער איז שאַרף אַרויס-געטראָטן קעגן דער אימפּעריאַליסטישער מיל-כאָמע. מאַקע דערפאַר האָבן די פראַנצוי-זישע אימפּעריאַליסטן מערדעריש זיך צערעכנט מיטן פלאַמיקן פאָלקס-טריבון. דער מערדער איז געוואָרן פאַרורטיילט. נאָך דער צווייטער וועלט-מילכאָמע איז דאָ געשטאַנען פאַרן געריכט דער מאַרשאַל און געוועזענער פּרעזידענט פון פראַנקרײַך פּעטען. ער האָט פאַראַטן זײַן לאַנד און זײַן פאָלק. לויט זײַן באַפעל האָט מען פון דעם דאָזיקן זאַל איבערגעגעבן אין די הענט פון די דײַטשישע פאַשיסטן ניט איין העלד פון ווידערשטאַנד, צווישן זיי גאַבריעל פּערי — דעם רעדאַקטאָר פון „הומאַניטע", דעפּוטאַט פון פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט. נאָר דאָס געריכט האָט דעם פאַרעטער געלאָזט לעבן.

מיר גייען פון זאַל צו זאַל. א בלעטל נאָך א בלעטל אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז די גרויסע און ווידערשפּרעכלעכע געשיכטע פון פראַנק-רײַך.

ווידער דערזע איך איבער איינער פון די טירן די סימבאָלישע וואָגשאָל און איך זאָג צו מײַנע פרײַנט:

— ניט גאָר פּינקטלעך איז אָט די וואָגשאָל אײַנגערעדט...

יעלענע לעדערמאַן, וואָס זעט אויס אין דער לאַנגער אדוואָקאַטישער מאַנטיע, ווי א מאָנאַכן, ענטפערט שטרענג:

— די וואָגשאָל ציט אַריבער אין דער אָדער אין יענער זײַט, אָפּהענגיק פון דעם, אין וועמעס הענט זי געפינט זיך.

וואָס עמעס איז עמעס.

פאַראַן אין פאַריזש נאָך אַן אָרט, וווּ עס גיט א ווייע מיט געשיכטע. דאָס איז פּער-לאַשעז, וווּ עס געפינט זיך די קאָמונאַרן-וואַנט. אהער, צו דער הויכער וואַנט, וואָס איז אויסגעלייגט פון רויטן ציגל, קומען אַרבעטער-דעלעגאַציעס פון אַלע לענדער. אַלע יאָר, דעם לעצטן זונטיק פון כוידעש מײַ, ציט זיך אהער א טויזנטקעפּיקע טרויער-פּראָצעסיע.

מיר לייגן אַוועק לעם דער וואַנט בלומען, מיר באַערן אויך דעם אָנדענק פון די זין און איי-ניקלעך פון די פּאַריזשער קאָמונאַרן — אַנרי באַרביוס, מאַרסעל קאַשען, פּאָל וויאַן-קוטיו-ריע, גאַבריעל פּערי, לוי טאָרעז...

...געזעגענענדיק זיך מיט פּאַריזש, האָב איך אַלץ געטראַכט וועגן פראַנקרײַך, וועגן זײַן דוי-רעסדיקער געשיכטע און רומפולע רעוואָליוציאָ-נערע טראַדיציעס.

* * *

עס זײַנען דורך צוויי יאָר. אָט איז נאָכאַמאָל האַרבסט. נאָיאַבער 1961. צוליב צוויי געשעע-נישן פאָר איך ווידער קיין פּאַריזש.

אינעם „מעמאָריאַל פון יידישן מאַרטירער" עפנט זיך אַן אויסשטעלונג וועגן די לײַדן און דעם קאַמף אין די געטאָס. פון א סאַך מיזרעך-אייראָפּעישע לענדער זײַנען קיין פּאַריזש אָנגע-קומען דאָקומענטן וועגן די פאַרברעכנס פון די היטלעריסטן. דער סאָוועטישער קאָמיטעט פון מילכאָמע-וועטעראַנען האָט זיך היים אָפּגערופן אַף דער אײַנלאַדונג אָנטיילצונעמען אין דער אויסשטעלונג. עס זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן צען גרויסע סטענדן מיט מאַטעריאַלן וועגן די אכזאָריעס פון די פאַשיסטן אין די צײַטווײַליק אָקופּירטע געביטן פון סאָוועטנפאַרבאַנד. אַף דער עפענונג פון דער אויסשטעלונג האָב איך באַדאַרפט בײַזײַן אַלס פאָרשטייער פונעם קאָ-מיטעט.

עטוואָס שפּעטער האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן דער 31-טער קאָנגרעס פון דער פראַנצויזישער אַסאָציאַציע פון פראָנטאָוויקעס, אַף וועלכן מע האָט אויך פאַרבעטן א ריי געסט פונעם סאָ-וועטנפאַרבאַנד, דערונטער מיך.

...ס'איז שוין געווען שפּעטער אָונט, ווען אונטער די פליגלען פון אונדזער לופט-לײַנער האָט זיך באַוויזן פּאַריזש. די גיגאַנטיש נײַע גע-בײַדע פונעם אַעראָפּאָרט האָט געלויכטן מיט הונדערטער נעאָן-פײַערן.

מײַנע אַלטע פרײַנט האָבן מיך שוין אָפּגע-וואַרט. און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט אונ-דזער אויטאָ זיך געטראָגן איבער די פינצטערע פּאַריזשער פאָרשטעט, נאָכדעם אַרויס אַף די העל-באַלויכטענע יעליסייער פעלדער, דורכגע-שניטן דעם פּלאַץ לאַ-קאָנקאָרדיאַ און ווידער אַרײַן אין האַלב-באַלויכטענע גאַסן פון דער באַ-נאַכטיקער שטאָט.

אַף דער עפענונג פון דער אויסשטעלונג האָב איך פאַרשפּעטיקט, נאָר אין דער פאָרשטאָט פּיטאָ האָבן נאָך געדויערט די זיצונגען פון די פראָנטאָוויקעס. אין זאַל — מענטשן פון פאַר-שיידענעם עלטער, פון פאַרשיידענע אָנשויונגען, נאַציאָנאַליטעטן, רעליגיעס: קאָמוניסטן און ראַדיקאַלן, פּראָטעסטאַנטן און קאַטויליקער, פראַנצויזן און יידן. באַ זיי אַלע זײַנען נאָך פריש אין זיקאָרן די געשעענישן פון דער צווייטער וועלט-מילכאָמע.

דרײַ טעג — פֿונעם 17-טן ביזן 19-טן נאָיאַבער — האָבן געקלונגען אינעם פֿאָלקס-קלוב, ווו דער קאָנגרעס איז פֿאָרגעקומען, פֿלאַמיקע רעדעס קעגן די מילכאָמע-אונטערצינדער, פֿאַר שאָלעם, פֿאַר פֿרידלעך לייזן די אַלזשיר-פּראָבלעם.

ווילי בעטש, דער גאַסט פֿון מײַרעוו-דײַטשלאַנד, איז צוועלף יאָר געפּײַניקט געוואָרן אין די היטלערישע קאָנצלאַגערן. ער האָט אין זײַן אַרויסטרעטונג אויפֿן קאָנגרעס געזאָגט: „מע טאָר אין די הענט פֿון די געוועזענע היטלערישע גענעראַלן, פֿון די שפּיידעלס, פֿערטשס און הויזינגערס ניט געבן קיין אַטאָם-געווער“.

אויך איך האָב באַקומען אַ וואָרט. איך האָב געזען פֿאַר זיך מענטשן, וואָס ווייסן, וואָס הייסט מילכאָמע, געוועזענע קאַצעטניקעס פֿון אַשווענטשים און טרעבלינקע. זיי האָבן געדענקט: פֿאַשעטע סאָוועטישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם וועג פֿון מאָסקווע ביז בערלין, פֿון דער וואָלגע ביז דער עלבע, האָבן געבראַכט זיי פֿרײַהײַט, צוריקגעקערט צום לעבן. דער זאַל האָט געוווּסט, אַז איך בין אַ סאָוועטישער גענעראַל — אַ גענעראַל פֿון שאָלעם.

איך האָב געredט קורץ.

— איך בין געקומען פֿון מאָסקווע, — האָב איך געזאָגט, — איך בין געווען אַ דעלעגאַט אויפֿן XXII צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד, אויף וועלכן עס איז אָנגענומען געוואָרן די פּראָגראַם פֿון אויסבויען דעם קאָמוניזם בײַ אונדז אין לאַנד — די פּראָגראַם פֿון שאָלעם פֿאַר אונדז און פֿאַר אַלע מענטשן אויף דער וועלט.

און כ׳האָב דערציילט וועגן דעם צוזאַמענפֿאָר.

אין די מינוטן, ווען דער איבערזעצער האָט איבערגעגעבן מײַנע רייד אויף פֿראַנצויזיש, בין איך אין די געדאַנקען ווידער געווען אין קרעמל. פֿינף טויזנט דעלעגאַטן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אינעם ערשט אויפֿגעבויטן פּרעכטיקן פּאַלאַץ פֿאַר צוזאַמענפֿאָרן. זיי האָבן פֿאָרגעשטעלט די צענמיליאָניקע אַרמיי קאָמוניסטן פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד. אין דעם זאַל האָב איך געזען יונגע קאָלווירטניצעס און גרײַזע געלערנטע, באַרימטע מאַרשאַלן און פּאַשעטע סאָלדאַטן, מיניסטאָרן און שמעלגיסער, די אַלטע באָלשעוויקעס פּעטראָוו, סטאַסאָווא און איינעם פֿון די סאַמע יינגסטע קאָמוניסטן גערמאַן טיטאָוו. ס׳זײַנען געווען צווישן די דעלעגאַטן רוסן און גרוזינער, אוקראַינער און אוזבעקן, ווײַסרוסן און אַרמענער, ליטווינער, טאָטערן, ייִדן, פֿאָרשטייער קימאַט פֿון אַלע פֿעלקערשאַפֿטן, וואָס באַוווינען אונדזער ראַכוועסדיק היימלאַנד. צוזאַמען מיט אונדז זײַנען אינעם זאַל געווען געסט פֿון אויסלאַנד — קאָמוניסטן פֿון 80 לענדער. אין די טעג פֿונעם צוזאַמענפֿאָר האָב איך ניט איין מאָל געזען מערקווירדיקע גרופּעס. אָט שפּאַצירט אין די איבעררײַסן די אַמעריקאַנערין עליזאַבעט פֿלין מיט די פֿאָרשטייער פֿון דער רעוואָליוציאָנערער קובאַ, מאַקס ריימאַן פֿון מײַרעוו-דײַטשלאַנד מיט וואַלטער אולבריכטן, שמועל מיקונים פֿירט אַ געשפּרעך מיט די קאָמוניסטן פֿון די אַראַבישע לענדער. און אָט איז מאָריס טאָרעז באַנאַנד מיט די געסט פֿון אַלזשיר.

אָט וועגן דעם האָב איך דערציילט.

איך האָב פֿאַרענדיקט מײַן אַרויסטרעטונג מיט די ווערטער „שאָלעם, מיר, פֿרײַהײַט, גלײַכהײַט, ברודערשאַפֿט, גליק“, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן אַ דונער פֿון אַפּלאָדיסמענטן.

דאָ, אין דער פֿאָרשטאָט פֿון פּאַריז, זעענדיק פֿאַר זיך אויגן פֿולע מיט האָפֿענונג, האָב איך נאָכאַמאָל דערפֿילט, ווי היסטאָריש גרויס עס זײַנען די באַשלוסן פֿונעם XXII צוזאַמענפֿאָר.

שפּעט בײַנאַכט האָב איך זיך אומגעקערט אין שטאָט. נאָך צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט דאָס ראַשיקע לעבן פֿון פּאַריז זיך ניט אָפּגעשטעלט אויך בײַנאַכט. פּאַריז האָט שטענדיק זיך געלויכטן מיט טויזנטער פֿײַערן. אין די גאַסן, טעאַטערן, רעסטאָראַנען האָט געווימלט מיט מענטשן. איצט אָבער זײַנען מיר געפֿאָרן איבער קימאַט ליידיקע גאַסן. די לעצטע געשעענישן אין פֿראַנקרײַך האָבן אָוועקגעלייגט זייער שטעמפּל אויפֿן לעבן פֿון דער שטאָט. ווו איז אַהינגעקומען דער פּאַריזשער פֿריילעכער גאַסן-האַמוין? מענטשן האָבן דאָ אין די אָוונטן אָנגעהויבן זיצן אין די הײַזער. ניט זעלטן צערײַסט די נאַכט-שטילקייט אַ קווימשיקע סירענע פֿון אַ פּאָליציי-אויטאָמאָביל. אַ סאַך אַזעלכע אויטאָמאָבילן האָבן זיך באַוויזן אויף די פּלעצער און גאַסן. זיי שטייען גרייט, נישט אַזוי צוליב אָפּהיטן די אָרדענונג קעגן אַרויסטרעטונגען פֿון די „אולטראַ“ און „אָאַס“, ווי כדי ניט דערלאָזן קיין פּראָטעסט-מאַניפֿעסטאַציעס קעגן אָט די פֿאַשיסטישע כעוורעלײַט.

בײַ די שטיינערנע ברעגן פֿון דער סענע זײַנען מיר אַרויס פֿון דער מאַשין און זיך געלאָזט צופֿוס צום האָטעל „אַמבאַסאַדאָר“. די עקספּאַנסיווע פּאַריזשאַנער, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן די רייד, האָבן מיר דערציילט וועגן דעם, וואָס עס לעבט איצט איבער זייער לאַנד.

מײַן אַלטער באַקאַנטער, דער באַרימטער אַדוואָקאַט שאַרל לעדערמאַן, וואָס שאַנעוועט ניט קיין קויכעס, קעדיי ראַטעווען פֿון אומרעכט און ווילקיר אַרבעטער און אַלזשירער, האָט אויסגערופֿן:

— ווען די קאַרבאָנעס פֿון אָראַדור, באַבי-יאַר, וואַרשעווער געטאָ, לידיצע, בוכענוואַלד וואָלטן אויפֿגעשטאַנען פֿון די קוואָרים און דערזען, וואָס פֿאַר אַ מאַכט עס האָבן אויפֿסנײַ באַקומען די גלאָבקעס און הויזינגערס, וואָלטן זיי אונדז פֿאַרשאָלטן.

אַז מיר האָבן שוין געהאַלטן בײַם געזעגענען זיך, האָט מיט מעשוגענער שנעלקײַט פֿאַרבײַ אונדז זיך דורכגעטראָגן אַ שוואַרצער אויטאָבוס, פֿול מיט פּאָליציי. לעבן מיר איז געשטאַנען אַ פֿראַנצויז — אַן אינוואַליד פֿון דער מילכאָמע. ער האָט אויפֿגעהויבן זײַן קוליע, אַ טרייסל געטאָן מיט איר אין דער לופֿט און נאָכגעשריגן

די פּאָליציי-לײַט: סײַווי וועלן די „אולטרא" ניט דורכגיין!

אין דעם לעצטן אָוונט פון מײַן געפינען זיך אין פּאריזש האָב איך באזוכט די אויסשטעלונג אינעם „מעמאָריאל". אהער זײַנען אויך געקומען פאָרשטייער פון פארשיידענע אָרגאניזאציעס, קאָרעספּאָנדענטן פון א סאך פראנצויזישע און אויסלענדישע צײַטונגען.

איך בין א מיליטערמאן, איך האָב געזען אָשווענטשים, מײַדאנעק און טרעבלינקע, נאָר א גרויל האָט מיך ארומגעכאפּט, ווען איך האָב דערזען די שוידערלעכע דאָקומענטן. און ווידער שטייען פאר די אויגן די אויסגעקריצטע צוויי ווערטער: „פארגעסט ניט!"

ניין, איך וועל קיינמאָל ניט קאָנען פארגעסן, ווי די פאשיסטן האָבן אומגעבראכט מײַן אַלטינקע גרויע מאמע — ראָכל דראגונסקי. דאָס איז געווען אין 1942. א פראָסטיקער ווינטער איז דעמלט געשטאנען. דער שניי האָט דערגרייכט א מעטער די טיף. די מאמע מײַנע האָבן זיי דערשאָסן צום סאמע סאָף פון דער עקזעקוציע. זי איז געווען אָן א קאָפּנטיכל. אירע גראָווע האָר האָבן זיך צעשויבערט אפן ווינט. און די היטלעריסטן האָבן בא איר געפאָדערט: „אלטע, פארשילט דײַנע פיר זין, וואָס שלאָגן זיך קעגן אונדז". די מאמע האָט אײַנגעטעמט די פראָסטיקע לופט און מיטן גאנצן קויעך, וואָס זי האָט נאָך פארמאָגט, אויסגעשריִען:

— איך בענטש מײַנע זין און די זין פון גאנץ רוסלאנד, וואָס שלאָגן אײַך, פארשאָלטענע שלענג. מײַנע זין וועלן נעקאָמע נעמען פאר מיר!

אזוי האָבן מיר דערציילט סוויאטסקער טוישווים, וואָס האָבן דאָס צוגעזען מיט זייערע אייגענע אויגן.

און מיר האָבן נעקאָמע גענומען. מיר זײַנען געקומען קיין בערלין. דעמלט, דעם 9 מײַ 1945, האָבן מיר געמיינט — עס האָט גענומען א סאָף צום פאשיזם.

נאָר עס זײַנען דורך סאכאקל געציילטע יאָרן, און ווידער באווײַזט זיך די כײַישע מאָרדע פון די רעוואנשיסטן. א קורצן זיקאָרן האָבן אייניקע מאכטהאָבער אין די קאפּיטאליסטישע לענדער.

אף דעם אָפיציעלן אופנעם, וואָס די אויסשטעלונג האָט אײַנגעאָרדנט לעקאָוועד דעם סאָוועטישן פאָרשטייער, זײַנען ארויסגעטראָטן באוווּסטע געזעלשאפטלעכע טוער — דער אדמיראל קאן, דער סענאטאָר מוטע, דער געוועזענער מיניסטער פּיער בלאָק, דער פּרעזידענט פון דער אויסשטעלונג יִצחאָק שנייערסאָן. זיי האָבן גערעדט וועגן די נידערטרעכטיקע פארברעכנס פון היטלעריזם, גערופן צו שאָלעם. מיר איז געווען לײַכטער פון אלעמען ארויסצוטרעטן אף אָט דער פארזאמלונג. הינטער מײַנע פּלייצעס האָב איך געפילט דאָס 212-מיליאָניקע סאָוועטישע פאָלק, וואָס קעמפט אקטיוו פארן שאָלעם, וואָס וועט מיט דער גאנצער קראפט, וועלכע איז געשאפן געוואָרן פאר די יאָרן פון סאָוועטנמאכט, ניט דערלאָזן צו קיין נײַער מילכאָמע.

נאָך דעם אופנעם האָבן מיט א ריי פראגן זיך געווענדט צו מיר די קאָרעספּאָנדענטן.

ווי קעסיידער ביים באגעגענישן מיט בורזשואזע זשורנאליסטן, איז ניט געווען קיין מאנגל אין קלאָץ-קאשעס:

— פארוואָס האָט איר געענדערט אײַער ייִדישע פאמיליע און זיך אָנגערופן דראגונסקי?

וואָס זאָל איך אים זאָגן דערויף, אָט דעם פּיפּיקן טינטלער? אז מײַן עלטערזיידע האָט נאָך געהייסן דראגונסקי?

פארשטייט זיך, אז בא אייניקע האָבן מײַנע ענטפערס ניט גויסע-כיין געווען. „גלייבט ניט דעם גענעראל דראגונסקי" האָבן אופגעהויבן א גוואלד עטלעכע רעאקציאָנערע צײַטונגען. אומזיסט די געשרייען. דער עמעס וועגן סאָוועטישן לאנד שפּאַנט איבער גרענעצן און לענדער.

ביים אָט דער רײַזע האָב איך געקראָגן נײַע פרײַנט. כאווײרים און באקאנטע האָבן מיך באגלייט צום אעראָפּאָרט. אונדזערע מאשינעס האָבן זיך געגליטשט איבערן נאסן אספאלט פון די יעליסייער פעלדער. לעם דער טריומפאלער ארקע, אף די דערבײַיקע גאסן און אפן פּלאץ דעטואל האָב איך געזען, ווי מע הענגט אויס די מעלוכע-פלאגן פון מײַרעוו-דײַטשלאנד. אדענאוער האָט זיך געקליבן קומען קיין פּאריזש.

— אָן אָפּטער גאסט איז בא אונדז געוואָרן אָט דער קאָמיוואָיאזשאָר פון דער קאלטער מילכאָמע, — האָט שארפזיניק באמערקט איינער פון מײַנע באגלייטער.

אפן אעראָפּאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט נינא פּאָפּאָווא — דער פּאָרזיצערן פון די סאָוועטישע געזעלשאפטן פאר פרײַנטשאפט מיט אויסלאנד. זי האָט זיך אומגעקערט אהיים פון איטאליע. עזשעני קאָטאָן — די לאורעאטן פון דער צווישנפעלקערלעכער לענין-פּרעמיע, האָט זיך דערוווּסט, אז עטלעכע שאָ וועט פּאָפּאָווא זיך מוזן פארזאמען אפן אעראָפּאָרט, איז זי געקומען זיך זען מיט איר. נאָר די פּאָליציי האָט ניט ארײַנגעלאָזט עזשעני קאָטאָן אין דעם לאָקאל, וווּ עס האָבן זיך געפונען די טראנזיט-פּאסאזשירן. איך האָב געזען, ווי די צוויי אקטיווע קעמפערנס פאר שאָלעם ריידן צווישן זיך דורך א באריער.

איך וויים, אז ניט נאָר נינא פּאָפּאָווא, ניט נאָר איך, ניט נאָר אלע סאָוועטישע מענטשן, — אויך די גרעסטע מערהײַט פונעם פראנצויזישן פאָלק פארשטייט און באנעמט, אז די פרײַנטשאפט צווישן אונדזערע פעלקער, וואָס איז דערבערט געוואָרן אין בלוטיקן קאמף קעגן פאשיזם, קאָן מען מיט קיין שום באריערן ניט פארשטעלן.

מיר זײַנען געפלויגן פון פּאריזש צוריק קיין מאָסקווע.



## אויזער האָלדעס

געבוירן אין 1900 אין קעשענעוו. געלערנט אין מאָסקווער אוניווערסיטעט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1927. וווינט אין כאַרקאָוו.

# ארבעט א טאלאנט



ינעם פּרעס־צעך פונעם כאַרקאָווער טראַקטאָר־זאַוואָד איז פאָרגעקומען א דיספּוט וועגן קאָמוניסטישער מי און קאָמוניסטישער מאָראַל. איך בין בײַגעווען אף דעם דאָזיקן דיספּוט און אפילע ארויסגעטראָטן מיט א וואָרט.

איך האָב דערציילט וועגן אייניקע ביכער, וואָס, ווערליק איך קלער, ברענט אין זיי דאָס פײַערל פון עכטער קאָמוניסטישער ראָמאַנטיק. ס'איז געווען א פאַרגעניגן צו קוקן, ווי יונגלעך און מיידלעך האָבן אײַלנדיק פאַרשריבן די נעמען פון די ביכער, וואָס זיי האָבן, אפּאָנעם, נאָך נית געלייענט. די ביבליאָטעקערן פון זאַוואָד האָט מיר א שעפּטשע געטאָן אפן אויער:

— איר מעגט מיר מעקאַנע זײַן... מאָרגן וועלן אַלע פאָדערן די ביכער!

ווען דאָס וואָרט האָט גענומען דער פאַרטרעטער פונעם צעך־שעף אָשער אבראַמאָוויטש פּאָלישטשוק, איז מיטאַמאָל שטאַרק שטיל געוואָרן. אויסגעגלײַכט זיך, פאַרשפּיליעט דעם בלויען כאַלאַט, האָט ער אָנגעהויבן רויק און געמאָסטן:

— אָן ליבע צו ארבעט קאָן דער מענטש בכלל נית זײַן קיין פולקומער מענטש. מע דאַרף זײַן פאַרליבט, פאַרליבט אין דער ארבעט. דאָס איז דאָס גרעסטע גליק. ארבעט איז א טאַלאַנט. אָט שמועסט איר דאָ וועגן שיינקײַט... מיט א וואָך צוריק בין איך געווען בא אײַך אין צוזאַמענוווינונג, — האָט ער אָנגעוויזן אף א פּאָר מיידלעך, וואָס זײַנען געזעסן אין דער פאָדערשטער ריי, — דאָס צימער בא אײַך... וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? א מעכײַע. אופגעראַמט, צוגעפּוצט, עס שעמערירט אין יעדן ווינקעלע, עס פילט זיך א געטרײַע מיידלשע האַנט. א באָכער זאָל ארײַנגיין אין צימער, וואָלט אים א צי געטאָן ארײַנקומען אהער וואָס אָפטער... נאָר... ווען דער זעלבער באָכער זאָל זיך פּלוצעם ארײַנשטעלן אין צעך און א קוק טאָן, איר זאָלט מיר טויזנט מאָל מויכל זײַן, אף אײַערע ארבעטסערטער, וויאַזוי זיי זײַנען... „צוגעפּוצט”, וואָלט ער אנטלאָפן אף א מײַל.

פּאָלישטשוק האָט ווי אופגעעפנט א פרישן קוואַל. מע האָט זיך געריסן צום וואָרט. מיט יוגנטלעכן אימפּעט האָט מען גערעדט וועגן זעלבסט־דיסציפּלין, וועגן פאַראַנטוואָרטלעכקײַט און באַשיידנקײַט, וועגן פּערזענלעכן און געזעלשאַפטלעכן. און קימאַט יעדערער האָט איבערגעכאַזערט: „אָשער אבראַמאָוויטש איז גערעכט”.

שפּעט אין אָוונט זײַנען מיר געגאַנגען פונעם זאַוואָד ארומגערינגלט מיט יוגנט. אָשער אבראַמאָוויטש האָט דעם גאַנצן וועג געענטפערט אף פראַגן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין שיטן. געענטפערט האָט ער מיט א מאָשל, מיט א ווערטל, וואָס טרעפט גלײַך אין פּינטל... געדוכט האָט זיך, אז ער איז, אייגנטלעך, א קאָמסאָמאָלישער „וואָזשאַק”, כאָטש ער איז שוין לאַנג ארויס פון אָט דעם געבענטשן עלטער.

ווען מיר זײַנען געבליבן זאַלבעצווייט, האָב איך אים א פרעג געטאָן:

— איר זײַט שוין א סאַך יאָרן אפן טראַקטאָרנע?

— פון זינט ער איז געבוירן... אריבער דרײַסיק יאָר...

— איר זײַט א געבוירענער אין כאַרקאָוו?

— פון קאָראָסטישעוו בין איך. איר האָט מינאַסטאַם געהערט פון אזא שטעטעלע. בא ייִדן האָט דאָס געהייסן אמאָל קאָרשעוו. א מײַער שטעטל, איינס פון די שענסטע אף אוקראַיִנע. און פאַר מיר — דאָס איין־און־איינציקסטע, מײַן יוגנט־היים. דערנאָך קרעמענטשוג. פון דאָרטן טאַקע האָט מיך דער קאָמסאָמאָל

מאַביליזירט אַף דער בויונג פונעם כאַרקאָווער טראַקטאָרנע... מיר האָבן די ערשטע קאָטלאָוואַנעס געגראָבן פאַר די צעכן... יעדער ווינקל אין כטז איז איינגעבאַקן אין האַרצן, פּונקט ווי די געסעלעך פון קאָרשעוו.

מיר זיינען שוין אָפּגעגאַנגען א היפּשע שטרעקע פונעם זאַוואָד. אָשער אבראַמאָוויטש טוט זיך מיטאַמאָל א קערעווע אויס און, טייטלענדיק מיטן פינגער, זאָגט ער:

— איר זייט א מייוון, ס'אַרא קראַסאַוועץ ס'איז אויסגעוואַקסן? אז מיר זיינען געקומען פון עוואַקואַציע, — איך בין געווען מיטן זאַוואָד אין אַלטייער קאַנט, — האָבן מיר געטראָפן הוילע כורוועס און גרויסע ברודער-קוואָרים. נאָר אז כאַש בראַט וויל, לעבט ער, דער זאַוואָד. ער איז איצט שענער און גרעסער, ווי פאַר דער מילכאָמע... און איך בין ווידער אין מיין אייגענעם פּרעס-צעך.

— איז עפּשער, אָשער אבראַמאָוויטש, וואָלטן מיר זיך צוגעזעצט, אָט איז צווישן די ביימער א פריייע באַנק, און א שמועס געטאָן וועגן אייער צעך?

— איר וועט דאָך קומען צו אונדז נאָכאַמאָל...

— פאַרשטייט זיך.

— איז לעמיי זאָלט איר קויפן א קאַץ אין א זאַק? קומט אין צעך, זעט, הערט, פרעגט! בא דער אַרבעט קאָן מען בעסער, ווי זאָגט מען דאָס, אָנטאַפּן דעם דויפעק...

* * *

נישט געיילט, מיט געמאָסטענע טריט, האָט היינט, אינעם לויטערן זומערדיקן פרימאָרגן, געשפּאַנט אָשער אבראַמאָוויטש מיט די ברייטע אַספאַלטענע גאַסן-אַלייעס אין דעם כטז-שטעטל.

די צעצווייגטע אַלטע ביימער מיט שווערע גרינע קרוינען, וואָס וואַרפן אַפן אַספאַלט מעכייעדיקע קילע שאָטנס, די יונגע ביימעלעך, וואָס האָבן זיך שוין אויך שטאַלטנע אויסגעצויגן, איינגעטונקענע אינעם צאַרטן בלעטערוואַרג, און די פילפאַרביקע בלומען-קלומבעס — זיי רינגלען אַרום קימאַט יעדן מויער.

אָשער אבראַמאָוויטש קאָן צופאָרן די פּאָר סטאַנציעס מיטן אַוטאָבוס, נאָר ער וויל בעסער זיך דורכגיין צופוס, אַריינעטעמען די פרישע לופט, און אַזוי, שפּאַנענדיק, א טראַכט טאָן וועגן דעם טאָג, וואָס שטייט אים פאָר. אין אַזעלכע מינוטן טראַכט זיך גרינגער. און ווייל ס'איז גוט אַפן האַרצן, דערמאָנט ער זיך אין זיין זון, אין וואַלעריקן: ער איז היינט אַף דער דריטער וואַכטע, עפּשער וועט ער אים באַלד אָנקומען אַנטקעגן... נאָר ניין, וואַלעריק וועט ניט גיין צופוס, ער וועט געוויס פאָרן מיטן אַוטאָבוס. אין דער היים וועט ער כאַפּן א דרימל נאָך דער נאַכט אַרבעט און זיך זעצן צו דער צייכענונגברעט. עס איז ניט קיין קלייניקייט: זיין א סטודענט פונעם פערטן קורס אין פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. אַרבעטן און לערנען. יעדע מינוט איז טייער... עך! ווען ער, אָשער, איז יונגער כאָטש מיט א יאָר פופצן, וואָלט ער נאָך אליין אויך געוואָרן א סטודענט...

און אָט איז דער זאַוואָד. זיבן אַזייגער מיט צוואַנציק מינוט. וויאַזוי איז אַדורך די דריטע וואַכטע? צי איז אַלץ אין אָרדענונג? ניין, מע זאָגט אים גלייך אָן ניט קיין פריילעכע ידיעה. באַנאַכט האָט זיך אָפּגעשטעלט די „סבאָרקע", ס'האָבן אויסגעפעלט צוויי דעטאַלן. מע האָט געמוזט עקסטרע איבערשטעלן די שטאַמפּן אַף די פּרעסן, קעדיי פאַרגרייטן די דעפיציטע דעטאַלן. דאָס האָט א ביסל אָנגערירט דעם גראַפיק פון טאָג. זאָל זיין, אז אָנגערירט בלויז אין א קלייַנער מאָס, אָבער פאַרבייגיין מיט א קאַלטער לונג-און-לעבער טאָר מען עס ניט...

ווער איז אין דעם שולדיק? עס ווייזט זיך אַרויס, אז דער פּרעס-צעך. ס'א טאָעס פון דער פּלאַנירטאָוושטשיצע. אויך דער אָנפירער פונעם באַצירק, ווו די דעטאַלן ווערן געוויינלעך געשטאַמפּעוועט, האָט זיך ניט געטאָרט פאַרלאָזן אַפן יונגן מיידל און געדאַרפט אַליין אַלץ דורכקאָנטראָלירן. דאָס מיידל איז אַזוי פאַרלוירן, אז זי האָט אָנגעווירן דאָס לאָשן. נאָר אָשער אבראַמאָוויטש זידלט זי ניט. ער לאָזט פאַלן עטלעכע געציילטע ווערטער:

— האָסט אונדז גאַנץ פיין צוגעדינט. אויסגעפּלאַנירט... עס קומט דיר א פּרעמיע!

און מער קיין וואָרט ניט. נאָר עס איז ערגער, ווי אין טאַטן אַריין געשאָלטן.

אָשער אבראַמאָוויטש הייבט זיך אויף אַפן צווייטן שטאָק צום אינזשעניער טשערנאָוו, דעם שעף פון צעך. ער דערציילט וואַסילי איוואַנאָוויטשן, וואָס עס איז פאָרגעקומען. ביידע באַשטימען טייקעף צונויפרופן דעם אָנפירנדיקן פּערסאָנאַל. מע האַלט ניט קיין רעדעס. קורץ ווערט באַטראַכט דער איניען. אז מע צעגייט זיך שוין, פאַרהאַלט וואַסילי איוואַנאָוויטש אַף א ווייַלע זיין פאַרטרעטער.

— איך מיין, אָשער אבראַמאָוויטש, אז מע דאַרף עטלעכע טעג קעסיידער א באַזונדער אויג וואַרפן אַף דער דריטער וואַכטע.

און אַלץ. דער אַרבעטטאָג האָט זיך אָנגעהויבן.

* * *

אָשער אבראַמאָוויטשעס קאַבינעטל געפינט זיך אין סאַמע מיט פונעם פּרעס-צעך. די ווענטלעך האַלטן אין איין ציטערן. און ס'איז גאָר קיין כידעש ניט. די קלענסטע פּרעסן טוען אַלע ווייַלע א „קוועטש" מיט דער קראַפט פון 15 טאָן. א מיטעלער פּרעס פאַרמאָגט דעם קויעך פון א פּאָר הונדערט טאָן. די פּרעסן, וואָס שטאַמפּעווען גאָר גרויסע דעטאַלן, פאַרגינען זיך א „קוועטש" טאָן מיט דער קראַפט פון איבער טויזנט טאָן. סע האַלט אין איין הילכן אין אָשער אבראַמאָוויטשעס קאַבינעטל, ריכטיקער — אַף זיין קאָמאַנדיר-פּונקט.

אלץ איז דאָ פּראָסט, אָן שום פּוצערײַען, ווי עס פּאַסט פאר א קאָמאַנדיר-פּונקט. א פּאָר טישלעך, עטלעכע בענקלעך און א סאך טעלעפאָנען, וואָס מע דאַרף זײַן א מומחה צו ריידן דורך זיי אין דעם דאָזיקן גערויש. אפן טיש — גראַפיקעס, אָן א שיר אויסגעווירעטע בויגנס. דאָס איז דער פּלאַן פונעם צעך אף אלע זעקס טעג פון דער וואָך. ווען, וועמען און וויפל דעטאַלן דאַרף צושטעלן דער פּרעס-צעך.

פּרוּווט אָקאָרשט טרעפן, וויפל דעטאַלן פאַרמאָגט א טראַקטאָר? אנערעך זעקס טויזנט! פון דער קלענסטער — א פּעקעלע שוועבעלעך די גרייס אָדער נאָך קלענער — ביז דער גרעסטער, וואָס איין מענטש וועט ניט רירן פונעם אָרט. זעקס טויזנט טיילן, זעקס טויזנט אייוורים און יעדער טייל דאַרף זײַן אבסאָליוט פּינקטלעך באַארבעט. אויב ניט, וועט דער טראַקטאָר פאַלשעווען אָדער גאָר אינגאַנצן פון אָרט זיך ניט רירן.

מע דאַרף ניט זײַן קיין טעכניקער אף צו באַנעמען: עס לוינט גיכער א דעטאַל צו שטאַמפּעווען אף פּרעסן מיט איינער אָדער צוויי אָפּעראַציעס איידער מעכאַניש זי באַארבעטן, דרעליעווען, הובליעווען, שלײַפן, שמידן... סטאַרען זיך טאַקע די טעכנאָלאָגן וואָס מער טיילן איבערצוגעבן דעם פּרעס-צעך. קימאַט דרײַ טויזנט פאַרשיידענע דעטאַלן גרייט צו פאַרן טראַקטאָר דער פּרעס-צעך — א העלפט פונעם טראַקטאָרס אייוורים.

איר שטעלט זיך פאָר, וואָס דאָס באַטײַט? דרײַ טויזנט דעטאַלן — דאָס זײַנען דרײַ טויזנט שטאַמפּן. מע דאַרף מיט זיי באַוואָרענען די פּרעסן, מע דאַרף דעם פּרעס קענען צו דער צײַט אריבערפירן פון איין שטאַמפּ אף א צווייטן און זען, עס זאָלן די מינדסטע אָפּווײַכונגען פון די מאָסן ניט זײַן, ווײַל אויב ניט, וועט איר באַקומען בראַק, ניט קיין דעטאַלן. שטאַמפּן נוצן זיך אויך אָפּ. זיי ווערן שטומפּיק. מע דאַרף זיי פאַרלענגערן דאָס לעבן. א שטאַמפּ קאָסט ניט ווייניק: פון עטלעכע הונדערט ביז עטלעכע טויזנט רובל...

* * *

א טאָג, ווי אלע טעג. 36 צעכן רײַסן די הויט: דערלאַנגט דעטאַלן! דער טעלעפאָן רוט קיין מינוט ניט, ער האַלט אין איין מאָנען: דעטאַלן! דעטאַלן! דעטאַלן! און אָשער אבראַמאָוויטש איז דאַפקע רויק. ער זיצט אין דער בלויער ספּעצאָווקע, פון וועלכער עס קוקט ארויס דאָס אויסגעפּרעסטע העמד. ווי שטענדיק איז ער ריין-געגאָלט. די גרויסע הענט זײַנען, הענט פון א באַלמעלאָכע, קלײַבן איבער די גראַפיקעס.

און דער טעלעפאָן קלינגט אָן אן אָפּשטעל. יעדער ענטפער אָשער אבראַמאָוויטשעס איז קורץ און צו דער זאַך.

— איר אַרבעט לויט די באַשטעלונגען, וואָס די צעכן גיבן אײַך דורכן טעלעפאָן? — האָב איך אים א פרעג געטאָן.

— ווען מיר זאָלן וועלן אַרבעטן לויטן טעלעפאָן, וואָלטן מיר ווײַט פאַרפאָרן. מיר אַרבעטן לויטן גראַפיק, לויטן פּלאַן. עס זײַנען פאַראַן אזעלכע, וואָס דאָס וואָרט „פּלאַן” האָט זיך זיי צוגעגעסן. עס איז פאַר זיי צו וואָכעדיק, מיר אָבער זעען אינעם פּלאַן אָן א שיר מענטשלעכע לײַדנשאַפטן. איר פרעגט וועגן טעלעפאָן. ער איז בא אונדז, ווי א מין רוף צו קאָנטראָל. אָבער ווען עס קומט פאָר א קאָנפליקט צווישן איינעם פון די 36 צעכן מיט דעם פּרעס-צעך, איז דער פּלאַן, דער גראַפיק — דער ריכטער, וואָס טראָגט ארויס דעם פּסאַק, ער באַווײַזט דעם עמעס. אמאָל מאַכט זיך, אז מיר זײַנען שולדיק, נאָר די 36 זײַנען אויך ניט קיין הייליקע. איר וועט דאָס אליין זען אף דער פּראַקטיק.

אין צימערל האָט זיך, ווי א וויכער, ארײַנגעריסן א פאָרשטייער פון א צעך און גלײַך מיט א גוואַלד:

— איך קלינג און קלינג און קאָן קיין טאָלק ניט דערגיין.

— איך האָב דאָך אײַך געענטפערט.

— איך דאַרף די דעטאַל 14-50-105... אָבער די מינוט. איר קוילעט אונדז אוועק. מיר בלײַבן שטיין!

— מיר האָבן נאָך נעכטן אײַך באַזאָרגט אף דרײַ טעג, — באַווײַזט אָשער אבראַמאָוויטש אין דעם גראַפיק, — און מער דאַרפט איר דערווײַל ניט.

— עס קאָן ניט זײַן! — שרײַט יענער אויס, נאָר ער איז שוין פון יענער זײַט טיר.

אין א מינוט צען ארום — א קלונג:

— אָשער אבראַמאָוויטש! אנטשולדיקט... פאַראַן די דעטאַל. מע האָט זי פאַרלייגט מיט אנדערע.

— איך האָב פאַרשטאַנען, אז מע האָט זי ניט אויפגעגעסן, — ענטפערט פּאָלישטשוק און ווענדט זיך צו מיר:

— איר זעט? דעם גראַפיק קאָן מען ניט איבערשפּאַרן. דער גראַפיק — דאָס איז דער פּלאַן אין באַוועגונג... דעם עמעס געזאָגט, — זעצט ער פאָר נאָך א פּאַוזע, — האָב איך ליב דעם פּרעס-צעך אויך דערפאַר, וואָס ער האָט אונדז צוגעוווינט צו זאָרגן פאַר אלעמען, פאַרן גאַנצן זאַוואָד.

— א צעך — א דערציִער?

— וואָס זשע מיינט איר?..

ווידער א קלונג. פון אן אנדער טעלעפאָן, וואָס ביז אצינד האָט ער געשוויגן. אָשער אבראַמאָוויטש איז מיטאמאָל שטאַרק ערנסט געוואָרן. זײַן פּנים איז פאַרזאָרגט. דער דאָזיקער טעלעפאָן קלינגט קיינמאָל ניט אומזיסט. עס רעדט דער הויפּט-דיספּעטשער פונעם זאַוואָד. אין איינעם פון די צעכן פעלט די דעטאַל 75-78-128. דער גראַפיק באַשטעטיקט, אז דער דיספּעטשער איז טאַקע גערעכט. אָשער אבראַמאָוויטש פאַרלאָזט טייקעף זײַן קאַבינקע. ער איז שוין אין צעך. עס ווערט ארויסגערופן א

שלאָסער — אַלעקסיי אַנענקאָוו. עס ווערט אָפּגעשטעלט אַ פּרעס, וואָס פּאַרטיקט אויס דעטאַלן אַף איבערמאָרגן. אין געציילטע מינוטן ווערט אינעם פּרעס אַרײַנגעפּאַסט אַן אַנדער שטאַמפּ. איינצײַטיק גרייט מען צו נאָך צוויי פּרעסן. אין פּופּצן מינוט אַרום האָט אָשער אַבראַמאָוויטש שוין טעלעפאָנירט דעם הויפּט-דיספּעטשער: די דעטאַל 75-78-128 איז אַפן וועג צום צעך.

ער ווישט אָפּ דעם שווייס פונעם שטערן און זאָגט מיט אַ טאָן פון אַ מענטשן, וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערן יאָך פון די פּלייצעס:

— איך האָב ניט ליב דעם קלונג פונעם הויפּט-דיספּעטשער. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? דרײַ טויזנט דעטאַלן, דרײַ טויזנט פּאָזיציעס...

איצט מוז פּאָלישטשוק מאַכן אַ מין רעיד איבערן צעך. בײַ אַ סאַך פּרעסן שטעלט ער זיך אָפּ, פרעגט עפּעס, באַפוילט, גיט אייצעס. עס פליִען הין און צוריק וועגעלעך, אָנגעלאָדענע מיט דעטאַלן, איבערן קאָפּ שווימט דורך אַ גרויסער קראַן מיט אַראָפּהענגענדיקע טראָסן, צו וועלכע עס זײַנען פעסט צוגעקרעמפּעוועט אַנקערס. פון דער קאַבינע קוקט אַרויס די קראַנאָווטשיצע. זי פירט דעם קראַן לײַכט, מע קאָן זאָגן — גראַציִעז. זי האָט, ווײַזט אויס, גרויס פאַרגעניגן, וואָס מע האָט איר פאַרטרויט אַזאַ מוירעדיקע קראַפט. עפּשער דערפאַר טאַקע טוט זי איר שווערע אַרבעט אַזוי שפּילעוודיק-גרינג. מיטאַמאָל שטעלט זי אָפּ דעם קראַן גלײַך איבער אונדזערע קעפּ.

— אַנו, יאַטן! — רעדטראָגט זיך אַ קאָמאַנדע פון אויבן. מיר טרעטן אָפּ אין אַ זײַט. און פיר בעוורע מיט פענעמער, ווי פון בראָנזע אויסגעהאַקט, אין צעבראַסטעטע קאָמבינעזאָנען, נעמען שטויסן דאָס שווערע, פול מיט אַן אויג אָנגעלאָדענע וועגעלע: לינקס, רעכטס, אַהער און צוריק, ביז זיי פּאַקן די אַנקערס און פאַרטשעפּען זיי.

— פאַרטיק?! — פרעגט דאָס מיידל באַפוילעריש-לעבעדיק.

— דאַווײַ!! — ענטפּערן אָפּ פיר שטימען. דער קראַן הייבט אוף די מאַסע גרינג און פּאָרזיכטיק, ווי מע הייבט אוף אַ קינד, און נעמט אָפּשווימען. דאָס מיידל פּאָכעט מיט דער האַנט, גלײַך ווי זי וואָלט אָוועקפאָרן אין אַ ווײַטער נעסיִע. די יאַטן קוקן איר נאָך...

אָשער אַבראַמאָוויטש קוקט אויך נאָך דער בלאָנדער קראַנאָווטשיצע:

— שיינע אַרבעט געבוירט שיינע געפילן, — באַמערקט ער. — דער מענטש, וואָס איז געוואָרן באַלעבאָס פון צענדליקער טאָן, ווײַל ער וואַרפט זיי איבער, ווי אַ פעדער, הייבט אַליין אָן גלייבן אין זײַן קראַפט און ווערט אַף אַן עמעסן אַ גיבער.

אַ מיידל איז צוגעלאָפן צו אָשער אַבראַמאָוויטשן און אים עפּעס שטיל געזאָגט.

— איך דאַרף זיך אַרײַנכאַפּן אין פּאַרטייקאָמיטעט, — מאַכט ער צו מיר, — אויב איר ווילט זען, וואָס אַרבעט הייסט, זעצט זיך צולעבן אָט דעם פּרעס, דאָס איז איינער פון די, וועלכע מיר האָבן איבערגעשטעלט אַף צוויי שטאַמפּן...

נאָך צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָט פּאָלישטשוק פאָרגעלייגט אײַנשפּאַנען אין איין גרויסן פּרעס צו צוויי שטאַמפּן און דורכפירן צוויי אָפּעראַציעס אין אַ גאַנג. עס האָבן ניט געפעלט קיין צווייפלערס: מע האָט מוירע געהאַט פאַר בראַק, פאַר קאַליע מאַכן די שטאַמפּן. אָשער אַבראַמאָוויטש איז אָבער געווען אײַנגעשפּאַרט. זײַן אופטו גיט איצט אַ גרויסע עקאָנאָמיע און העכערט די פּראָדוקטיווקײַט.

איז אָט שטייט פאַר מיר אַ פּרעס מיט פאַרטאָפּלטער קראַפט. ער איז הויך, ווי אַ צווייִשטאָקיקע געבײַדע. דאָס „מויל" זײַנס איז ברייט, ווי אַ טויער. אין אָפענעם „מויל" זע איך שווינדלדיקע הענט און גרויסע לײַוונטענע הענטשקעס — די הענט פון צוויי מיידלעך. אַז איך בייג זיך אײַן, פאַרכאַפּט דאָס אויג אַ שטיקל צעך — די וואַגאָנעטקעס מיט די ביטעלעך, די פיגורן פון די מיידלעך. בײַם פּרעס אַרבעטן איצט לינע שפּאַקאָווסקאַיאַ און קאַטיע בעזראָדנאַיאַ. ווי פלינק און געמאָסטן, ווי ריטמיש זיי טוען זייער זאַך! דער ריטם — מאַמעש אַ מוזיקאַלישער. די באַוועגונגען פון ביידע מיידלעך — ווי די באַוועגונגען פון צוויי פּאָר הענט אַף איין קלאַוויר. אייגע דערגאַנצט די צווייטע — פלינק, אָבער מיט דער רויִקײַט פון אַ מײַסטער. דערבײַ כאַפּט מען אַ לאַך, מע וואַרפט זיך דורך מיט אַ ווערטל. נאָר די הענט רוען נים, די אויגן זײַנען צוגעשמידט צו די קנאָפּקעס, וואָס רעגולירן דעם פּרעס. אָט האָט זיך בײַ איינער פאַרהאַלטן אַ „ביטעלע" אַפן שטאַמפּ, די צווייטע קומט גלײַך צו הילף, מע נעמט אינייִנעם אַראָפּ די דעטאַל, ס'זאָל קיין איבעריקע סעקונדע ניט גיין פאַרלאָרן.

דאָ, בײַ דער גרויסער און פּינקטלעכער מאַשין, אין אָנגעשטרענגטער מי, ווערט געבוירן עמעסע פרײַנטשאַפט, אַזוי ווי אַפן שלאַכטפעלד צווישן סאָלדאַטן.

אַפן טישעלע פון אָפּטייל פון טעכנישן קאָנטראָל (אָטק) אין אַ גלעזערנער וואַזע שטייען בלומען. מאַריע, אַ ווזקסיק מיידל אין אַ בלויען כאַלאַט, שטעלט אַף די דעטאַלן דעם באַל פון קוואַליטעט.

— ס'איז אײַערע בלומען? — ווענד איך זיך צו איר.

— מײַנע? — פרעגט זי איבער. — ניין! דאָס איז זייערע... — און זי ווײַזט אַף די מיידלעך בײַם פּרעס. זי נעמט אָן פונעם גראַפין אַ פול מויל מיט וואַסער און באַשפּריצט די קווייטן, פון וועלכע עס טוט אַ וויִע מיט אַ געשמאַקער פרישקײַט. — אַלע טאָג ברענגען זיי אַ פרישן בוקעט, און איך זע שוין, ער זאָל ניט פאַרוויאַנען.

ווידער זיצן מיר אין פּאָלישטשוקס קאַבינעטל. עס איז שוין לאַנג אַדורך די ערשטע

וואכטע. אָשער אבראמאָוויטש וועט זיך הײַנט שפּעט פארהאלטן, ארײַנכאפּן א מייל פון דער דריטער וואכטע. ער געדענקט גאנץ גוט וועגן דעם אינדערפרי׳ִקן געשפּרעך מיט וואסילי איוואנאָוויטשן. מע מוז די דריטע וואכטע נעמען ווי געהעריק אין די הענט.

— אײַך וועט א סאך טעג אויסקומען צו פארהאלטן זיך? — פרעג איך אים.

— ביז די דריטע וואכטע וועט זיך אונטערציִען. איך וואָלט בעמיילע אין דער היים ניט געווען רו׳ִק.

דער טאָג לעשט זיך שוין באלד אויס. אינעם קליינעם קאבינעטל, אפן קאָמאנדיר-פּאָסטן פונעם פּרעס-צעך, קלינגען די טעלעפאָנען, עס רוישט און הודעט דאָ אָן אופהער.

* * *

אלעקסיי פּאוולאָוויטש אנענקאָוו איז שוין אריבער צוואנציק יאָר אפן כטז. ער איז פון די שלאָסערס, וואָס אָן זיי קאָן זיך ניט באגיין אפילע דער גרעסטער טעכניקער-נאָוואטאָר. ניט אזוי גרינג איז אים אופצוזוכן. שטענדיק איז ער פארנומען. אָט האָב איך, דוכט זיך, שוין צונויפגערעדט זיך מיט אים, אז באלד געפינען מיר א ווינקל, מע זאָל אונדז ניט שטערן זיך דורכשמועסן... נאָר מיר באווײַזן ניט אויסריידן א וואָרט, ווי מע רופט אים שוין ווידער צו א פּרעס.

איך שפּיר נאָך אנענקאָוון בײַם ער ריכטעוועט אײַן די שטאמפּן. קונציק און גרינג באוועגן זיך זײַנע פינגער, אָן גוואלד, נאָר מיט סייכל און געדולד. ער פּרוּווט אויס, ניין, ריכטיקער וועט זײַן צו זאָגן, ער הערט אויס דעם פּרעס, ווי א דאָקטער הערט אויס א כוילע. עטוואָס אײַנגעבויגן דעם קאָפּ, שטאמפּעוועט ער די דעטאל פריִער אליין. ער טוט עס פּאמעלעך-פּאמעלעך. אָט דאָ קוועטשט נאָך, אָט דאָ איז ענגלעך... דער שטאמפּ דארף זיך ארײַנשנײַדן אין דעם שטאָל, ווי א מעסער אין פּוטער. די מינדסטע אָפּווײַכונג קאָן אלץ אוועקפּאטערן.

נאָר אָט איז שוין דער שטאמפּ אויסגערעגולירט, ווי דער אינסטרומענט בײַ א גוטן פידלער. אנענקאָוו טוט פרייִלעך א ווונק צו די מיידלעך: „אנו, גענומען!“ דאָס וועגעלע מיט די שטאָלענע „זאגאָטאָווקעס“ וואַרט. דער פּרעס איז אין גאנג. ער שליִנגט די דעטאלן און וואַרפט זיי ארויס פארטיקע. אלעקסיי פּאוולאָוויטש אָטעמט פרײַ אָפּ. ער ווישט די הענט מיט פּאקליע, וואשט זיי דערנאָך אין ווארעמען וואַסער. זיי ווערן ריין, און דאָך בלײַבן זיי ברוינלעך, ווי אָפּגעברענט פון דער זון.

— קומט, — זאָגט ער, — לאָמיר אָן אָטעם טאָן מיט פרישער לופט.

מיר זיצן אין דערבײַ׳ִקן סעדל, אין שאָטן פון אן אלטער ליפּע. אנענקאָוו דערציילט, אז ער האָט ערשט ניט לאנג איינינעם מיט פּאָליטשוקן ראציאָנאליזירט דעם פּראָצעס פון צוגרייטן די דעטאל 123-47-14. פריִער האָבן זיך צוליב דעם געפאָדערט דרײַ אָפּעראַציעס אף דרײַ פּרעסן. זיי האָבן צוגעטראכט א שטאמפּ, וואָס טוט אלע דרײַ אָפּעראַציעס אף איין פּרעס.

אָט אזוי האָב איך זיך דערוווּסט וועגן נאָך איין אופטו אָשער אבראמאָוויטשעס.

* * *

א פרײַער יאָמטעוודיקער טאָג. איך בין בײַ אָשער אבראמאָוויטשן אין דער היים, אין דער דירע, וואָס ער האָט ערשט נישט לאנג באקומען. עס איז דאָ ליכטיק, ראכוועסדיק. דאָס מעבל איז נײַ און באקוועם. איך פרעג אין א שפּאַס:

— איר האָט זיך ניט געיאָגט נאָך די מאָדערנע סערוואנטן און שיפאָניערן?

— מע בויט איצט זייער באקוועם, — ענטפערט פּאָלישטשוק פרוי, — ניט קעדײַ פארנעמען די צימערן מיט שאפעס און בופעטן.

זי עפנט אוף אין דער וואנט צוויי ברייטע טירלעך, און איך דערזע אן אינגווייניקסטע שאפע, — אזוי איז גלײַכער, אין צימער איז לופטיקער, געראמער.

— נאָר אין איין שטיק מעבל האָבן מיר ארײַנגעלייגט א סאך געלט, — ווײַזט דער באלעבאָס אף א צייכענונג-טיש, וועלכער שטייט בײַם פענצטער, ס׳זאָל פאלן אף אים די שײַן, — דאָס איז וואלאָדיקס „מעבל“...

וואלאָדיק, דער פעסטער ברייטביינערדיקער באָכער מיט דעם אָפּגעברענטן פּאָנעם און גרויסן טונקעלן קאָפּ האָר, פארוויטלט זיך עפּעס. אף דער טאכטא לעבן אים זיצט א מיידל. ס׳איז א פּלימעניצע, געקומען פון קיִעוו צוגאסט אף עטלעכע טעג. עפּעס רעדט זי אײַן דעם באָכער, דערנאָך הייבן זיי זיך ביידע אוף און גייען אוועק זיך דורכשפּאצירן. ער וועט איר ווײַזן דעם טראקטאָר-ראיאָן, מעגלעך, אז זיי וועלן זיך ארײַנכאפּן אין קינאָ...

בײַ מיר איז אזא געפיל, ווי איך וואָלט דורכגעמאכט א רײַזע צוריק אין דער ווײַטער קינדהײַט. אָשער אבראמאָוויטש דערמאָנט מיר מײַן טאטן, דעם זייגערמאכער, דעם ערשטקלאסיקן מײַסטער, וואָס האָט אזוי ליב געהאט דעם אינגעניִען מאשינעריע. לאנגע שאָען האָט ער זיך געקאָנט פּאָרען בײַ אן אויסטערלישן זייגער-מעכאניזם — ניט צוליב פארדינסט, נאָר צוליב אינטערעס. אָבער דעם טאלאנט זײַנעם האָט אומגעבראכט די נויט, דאָס שטענדיקע יאָגן זיך נאָכן שטיקל ברויט. מײַן טאטע האָט געטרוימט ארויסרײַסן זיך פונעם ווארשטאט אין א גרויסן זאוואָד און איז געבליבן בײַ די טרוימען...

אזעלכע געדאנקען פארפלייצן מיך, ווען אָשער אבראמאָוויטש רעדט מיט זײַן רו׳ִקער און זיכערער שטים.

— א שטורמישע צײַט גייט, א שטורמישע און א פריידיקע. דער XXII פּארטיי-צוזאמענפאָר האָט צעוויקלט אזא פּאנאָראמע, אז עס וועט קלעקן וואָס צו טאָן פאר אונדז און פאר אונדזערע קינדער.

# פושקינס וואָרט

(צום 125-טן יאָרטאָג פון זײַן טויט)



ס איז דורכגעגאַנגען הונדערט פינף און צוואַנציק יאָר זינט יענעם קאַלטן פעוראַל-אָוונט, ווען עס האָט זיך איבערגעריסן אַלעקסאַנדער פושקינס לעבן.

א פלאַמיקער קעמפער קעגן זעלבסטהערשונג, האָט ער באַזונגען „די צײַטן שפּעטערע, ווען פעלקער, וואָס פאַרגעסן האָבן אין די קריגערײַען, וועלן אין איין גרויסן שטאַם פאַרייניקט זײַן".

איצט געהערט דער גענ:אַלער רוסישער דיכטער פושקין דער גאַנצער מענטשהײַט.

אין דער באַוווּסטער ליד „דענקמאָל", וואָס ווערט באַטראַכט, ווי א דיכטערישע צוואָאָע, האָט זיך פושקין געווענדט ניט בלויז צו רוסישע לייענער, נאָר אויך צו טונגוסן און קאַלמיקן. ער האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס צו אַלע פעלקער, צו זייער קולטור און צו זייערע שפּראַכן. ער האָט שטודירט און אין דער אָדער יענער מאָס באַהערשט פראַנצויזיש, איטאַליעניש, ענגליש, סערביש, פויליש, העברעיש, שפּאַניש אא.

אין מײַ 1820 איז דער דיכטער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער הויפּטשטאָט פאַר זײַנע סאַטירישע און רעוואָלוציאָנערע לידער, וועלכע זײַנען געוואָרן באַוווּסט דער צאַרישער רעגירונג. פושקין איז געפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך פון ווײַסרוסלאַנד און אוקראַינע, ווו ס'האָט געוווינט אין „תּחום" די ייִדישע באַפעלקערונג, וואָס איז דעמלט אויסגעשטאַנען פיל באַליידיקונג און אונטערדריקונג. פושקין האָט נײַגעריק זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די ייִדישע מאַסן, צו זייער אָרעמקײַט און נויט; ער האָט אָבער באַמערקט ניט בלויז דערשלאָגענע, נאָר אויך דרייסטע, מוטיקע לײַט, וואָס ווילן זיך ניט אונטערגעבן דעם הערשנדן אומרעכט און בייז. אין דער פּאָעמע «Братья разбойники», ווו עס ווערן געשילדערט אָט די פאַרשײַטע יונגען, לייענען מיר:

Здесь цель одна для всех сердец —
Живут без власти, без закона.
Меж ними зрится и беглец
С брегов воинственного Дона,
И в черных локонах еврей,
И дикие сыны степей,...

אין קעשענעוו, ווו פושקין האָט זיך נאָכדעם געפונען אין פאַרשיקונג, האָט ער אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט צו דער אָרטיקער באַפעלקערונג. דאָ, אין דער סוויווע פון רומענער, טערקן, מאָלדאַוואַנער, גריכן, ייִדן, אַרמענער, סלאַוון, ציגײַנער, האָט ער געשאַפן זײַנע באַוווּסטע פּאָעמעס און לידער וועגן דעם אויסערגעוויינלעכן „געמיש פון קליידער און געזיכטער, שוואַכים און שפּראַכן"...

1863 $\frac{3}{15}$ אָקטאָבער

## קול מבשר

№ 35.

### דיא טעליגע פין דעם לעבען.

(פין פּאָשקין).

עס איז דיא משא טאקע שווערליך,
נאָר דיא טעליגע נעהט זיך גרינג:
דיא אלטע צייט טרייבט אָן נאנץ עהרליך:
אַ טשאקינדיקער קאָטשעריונג!

מיר פליהען ארויף אויף איהר פריהמאָרגען:
האָטש באלד צוזעטץ דעם קאָפּ אויף דרייא;
מען איז ניט פויל, ניט דאָ קיין זאָרגען,
מיר שרייען נאָר: „קאטייא!"

צו מיטטאג פעהלט קאָראַזש, עס איז ביטטער:
נים ווערהט דיא ביינער קיין פיטאק;
בייא גריבער, בערג, נעהט דורך אַ ציטטער,
מיר שרייען שוין: „האַלט אַן, דוראַק!"

ער הערט אונז אָבער וויא דעם קאָטער,
פאר נאכט ווערט גריננער: שוין נים ווייט;
מיר פאָהרען דרימעלדיק צום פּאָטער:
ריא פערדליך טרייבט אין טרייבט--דיא צייט!

קיעוו. ס--: מ:ד:ת

די ערשטע ייִדישע איבערזעצונג פון פושקינס א ליד

פושקין האָט אין דער פאַרשיקונג געאַרבעט אַף דער איבערזעצונג פונעם ערשטן קאַפּיטל „שיר-השירים“ אין רוסיש. און ווי שטענדיק, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט דענקמעלער פון דער וועלט-ליטעראַטור, האָט דאָס אַרויסגערופן בײַ אים שעפערישע אימפּולסן. ער שרײַבט דאַן צוויי לידער אַף די מאָטיוון פון „שיר-השירים“: „עס ברענט אין בלוט דער פלאַם פון גלוסטונג“ («В крови горит огонь желанья») און „מײַן שוועסטערס ווײַנגאָרטן“ («Вертоград моей сестры»).

שפּעטער, ווען פּושקין איז שוין געווען אין פאַרשיקונג אין דאָרף מיכײַלאָווסקאָיע (1826), האָט ער זיך אומגעקערט צו זײַנע אײַנדרוקן פון דאָרעם-פאַרשיקונג און האָט פאַרשריבן די פאָלגנדע שורעס:

В еврейской хижине лампада
В одном углу бледна горит,
Перед лампадою старик
Читает библию. Седые
На книгу падают власы.
Над колыбелию пустой
Еврейка плачет молодая,
Сидит в другом углу, главой
Поникнув, молодой еврей,
Глубоко в думу погруженный;
В печальной хижине старушка
Готовит позднюю трапезу.
Старик, закрыв святую книгу,
Застежки медные сомкнул;
Старуха ставит бедный ужин
На стол и всю семью зовет.
Никто нейдет, забыв о пище.
Текут в безмолвии часы,
Уснуло все под сенью ночи.
Еврейской хижины одной
Не посетил отрадный сон...

דער פראַגמענט איז, צום באַדויערן, געבליבן ניט פאַרענדיקט.

אָנהייב 1830 נעמט פּושקין דעם אַקטיוון אָנטייל אינעם אַרויסגעבן די צײַטונג «Литературная газета». זײַענדיק דעמלט דער פאַקטישער רעדאַקטאָר, דרוקט ער אַ גרויסן אַרטיקל פון פּאַוועל קאַטענין „וועגן דער ייִדישער דיכטונג“, אין וועלכן עס גייט אַ רייד וועגן דעם קינסטלערישן ווערט פון דער ביבל.

אין די דרײַסיקער יאָרן פון XIX יאָרהונדערט — אינעם וויכטיקסטן עטאַפּ פון פּושקינס לעבן און שאַפן — הייבט דער דיכטער אָן שטודירן די העברעיִשע שפּראַך. אין זײַן בלאָקנאָט פון 1832 יאָר זײַנען פאַרשריבן די אויסיעס פונעם ייִדישן אַלעפבייס. צו יעדן אָס האָט פּושקין באַמיט זיך צו געפינען אַנטשפּרעכיקע בוכשטאַבן פון לאַטײַנישן, רוסישן און גריכישן אַלעפבייס. דאָס איז צו זען אַף דער פאָטאָגראַפיע פון זײַן בלאָקנאָט, וואָס ווערט דאָ פּובליקירט.

אין זעלבן 1832 יאָר האָט פּושקינס פרײַנט פּ. וו. קירעיעווסקי מיטגעטיילט אין אַ בריוו: „פּושקין שטודירט העברעיִש, האָבנדיק אין זינען איבערזעצן דאָס בוך „איִעוו“. צווישן די ביכער פון פּושקינס ביבליִאָטעק זײַנען פאַראַן אויך

אייניקע העברעיִשע (גורעוויטשעס לערנבוך פון העברעיִש א.אנד.).

צום 150-טן געבורטסטאָג פונעם גרויסן דיכטער האָט די אַלפאַרבאַנדישע ביכער-פּאַלאַטע פאַרעפנטלעכט מאַטעריאַלן וועגן די אויסגאַבעס פון פּושקינס ווערק אַף די שפּראַכן פון די פעלקער פון סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָ טרעפן מיר איבעראַשנדיקע ציפערן: אינעם פּעריִאָד פון 1918 ביז 1948 זײַנען פּושקינס ווערק אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אוקראַיִניש — 40 מאָל, אין אַרמעניש — 30 מאָל, אין אוזבעקיש — 27 מאָל, אין גרוזיניש — 21 מאָל. אין ייִדיש זײַנען פּושקינס ווערק אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר די זעלבע יאָרן 29 מאָל מיט אַ טיראַזש פון 86 800 עקזעמפּליאַרן.

פּושקינס ווירקונג אַף דער ייִדישער ליטעראַטור איז אומגעהייער גרויס. דאָוויד האָפשטיין,

16 мая

א
A א א Alef okpa

ב Bait B.

ג Dj Djimel Ж ג

ד ד Dalet Δelta D

ה H Ha

ו W oao

ז Zin Z Z

ס Samek.

ח Hut

ע ain

ט th θ

פ fa

י i iwd

צ som

כ Kaf

ק qof

ל lamed

ר

מ mum

ש ш шинъ

נ noune

ת taw

וואָס זײַן דיכטונג טראָגט אַף זיך דעם בולטן שטעמפּל פון פּושקינס פּאָעטישער טראַדיציע, האָט מיט באַגײַסטערונג געשריבן:

אָ, ער — אונדזער דיכטער — האָט שטענדיק מײַן וועזן מיט צויבער געצויגן.
זײַן בענקשאַפט זײַן גרויסע צו פרײַהײַט —
זי שטייט מיר אַצינד פאַר די אויגן.

פּושקינס לידער זײַנען איצט פאַרשפּרייט „איבער דעם גאַנצן רוסלאַנד דעם גרויסן“. „דער מאָרגנשטערן פון גליק“, וועגן וועלכן דער דיכטער האָט געטרוימט, גייט אויף אין אונדזער קאָמוניסטישן לעבן.

דאָוויד איסאַקאָוו.



## נאָכעם אויסלענדער

געבוירן אין 1893 אין כאַדאַרקאָוו (אוקראַי־נע). פאַרענדיקט דעם קיִעווער אוניווערסיטעט. געאַרבעט אַלס וויסנשאַפטלעכער טוער פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטן־רעפּובליק. אין די יאָרן פון בירגער־קריג געווען אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1917. וווינט אין מאָסקווע.

# באַם סאַמע אָנהייב

1



י אַנטשטייונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג איז ניט פאַרגעקומען, ווי אייניקע מאָלן זיך עס אויס, בליצשנעל און בליצאַרטיק. דאָס איז געווען אַ דויערנדיקער פּראָצעס פון קאַמף, אַזאַ קאַמף, אין וועלכן דעם דיכטער פלעגט אויסקומען אַרויסטרעטן ניט בלויז קעגן דעם צאַר־שעקעגעגעד, קעגן די פאָרשטייער פון פּיינט־לעכן לאַגער, נאָר טיילמאָל אויך קעגן זיך אַליין, קעגן דער שווערער ירושה פון פּאַרציטנס, קעגן די פאַרבלענדענישן און פאָרורטיילן, וואָס האָבן געדריקט אַף דעם דיכטערס באַוווסטזיין. אויסמיידן אָט דעם אינערלעכן געראַנגל האָט זיך אײַנגעגעבן ווייניק־וועמען פון די ערשטע ייִדישע סאָוועטישע דיכטער. צו גרויס איז גע־ווען די היסטאָרישע אומוואַנדלונג, די דורכוי־סיקע לעבנס־פאַרענדערונג, וועלכע עס האָט גע־בראַכט מיט זיך די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָלוציע; צו האַרב זיינען גע־ווען די פאָדערונגען, וואָס די געשיכטע האָט גע־שטעלט פאַר דעם יונגן סאָוועטישן דיכטער־דאָר. אָבער אַפילע דאַן, ווען דער יונגער דיכ־טער איז נאָך ניט געווען אימשטאַנד צו געבן אַליין, וואָס די געשיכטע האָט געמאָנט, איז ער דאָך געבליבן טרײַ די גרונט־געבאָטן פון דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור.

די דאָזיקע טרײַהייט האָט זיך אַרויסגעוויזן קוידעמקאָל אין דעם, ווי די יונגע סאָוועטישע דיכטער האָבן אָנגעהויבן פאַרשטיין זייער דיכ־טערישן באַרוף, זייער אָרט אין דער רעוואָליו־ציאָנערער ווירקלעכקייט, זייער שײַכעס צו די פאָרקומענדיקע געשעענישן. „מיר גייען אין דײַ־נע פּאַרנטיקע רייען, שפּאַנענדיקע מענטש־הײַט", — האָט געמאָלדן דאָוויד האָפשטיין. זײַן אין די „פּאַרנטיקע רייען" האָט געהייסן ניט בלויז מיטגיין, נאָר אויך מיטקעמפן, פאַרוואַנד־לען דאָס דיכטערישע וואָרט אין אַ שלאַכט־געווער, וואָס זאָל פון טאָג צו טאָג דינען דעם קאַמף פאַר דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. דעמלט איז עס געבוירן געוואָרן די צײַטונגס־ליד, די ערשטע, די אורשפּרינגלעכע, קאָן מען זאָגן, פאָרם פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכ־טונג. עס האָט אַ סאַך צו זאָגן דער פאַקט, וואָס ד. האָפשטיינס לידער האָבן אין די יאָרן פון בירגערקריג ניט זעלטן געדרוקט זיך אין די פּערזאָדישע אויסגאַבן פון דער רויטער אַרמיי. אַזוי איז עס געווען אויך מיט אייניקע לידער פון אָשער שוואַרצמאַן, לייב קוויטקאָ, פּערעץ מאַרקיש. די צײַטונגס־ליד האָט ניט בלויז גע־טראָגן דעם רוף צו קאַמף, — זי איז אַליין שוין געווען אַ טייל פון אָט דעם קאַמף, זי האָט אײַנ־געזאַפּט אין זיך דעם מעכטיקן ווילן פון די אָקאָרשט־באַפרײַטע מאַסן, וועלכע האָבן דער־

---

ניט לאַנג צוריק האָט נ. אויסלענדער פאַר־ענדיקט די אַרבעט איבער זײַן בוך „די אַנט־שטייונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכ־טונג". אין דעם קאַפּיטל, וואָס מיר דרוקן דאָ, ווערן באַהאַנדלט אייניקע פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען אין אונדזער דיכטונג אויפגעקומען אין פּעריאָד 1917—1921 און האָבן ביז הײַנט ניט פאַרלאָרן זייער אַקטועלקייט. רעד.

פילט, אז זיי מוזן און קענען א קערעווע טאָן דעם גאנג פון דער געשיכטע.

בלעטערנדיק די צײַטונגען פון די בירגער-קריג-יאָרן, זעען מיר, וויפל אָרט מע פלעגט דאָ אָפגעבן דער יונג-אופשטײַגנדיקער סאָוועטישער דיכטונג, ווי גרויס ס'איז געווען דער גלויבן, אז די יונגע סאָוועטישע דיכטער וועלן מיט ווירדע טראָגן ווײַטער די פאָן פון דער רעוואָליוציאָנערער פאָעזיע. און מע קאָן מיט פולער זיכערקײַט זאָגן, אז די דיכטער האָבן אָט דעם גלויבן בארעכטיקט. זיי האָבן ריכטיק אָפגעשאצט, וווּהין עס פירט דער וועג, וואָס זיי האָבן באטראָטן. זיי האָבן פארשטאנען, אז דערבײַ איז אומפארמײַדלעך צו קומען אין א הארבן צוזאמענשטויס מיט א סאך אלטע ליטערארישע געוווינהײַטן, עס וועט אויסקומען אײַנרײַסן מיט א סאך פארעלטערטע באגריפן, וואָס האָבן געהערשט אין דער יִדישער ליטעראטור אין מעשעך פון לאנגע יאָרן. נאָר די יונגע סאָוועטישע דיכטער האָט עס ניט אָפגעשראָקן. מיט גרויס אנטשלאָסנקײַט האָבן זיי אָפגעוואָרפן אלץ, וואָס האָט געשטערט ארויסצוגיין אפן נײַעם וועג, זיי האָבן באקעמפט אלץ, וואָס איז געווען פײַנטלעך דעם גײַסט פון דער אָקאָרשט אנטשטייענדיקער סאָוועטישער ליטעראטור.

אף אייניקע מאָמענטן פון אָט דעם קאמף וועלן מיר זיך דאָ אָפשטעלן עטוואָס גענויער.

2

פאראן אזעלכע צופאלן, וואָס באקומען בא דער שײַן פון דער ליטעראטור-געשיכטע א באזונדערס סימפטאָמאטישן כאראקטער. אָט אזא צופאל האָט עס פאסירט אין יאָר 1913, בייס אָשער שווארצמאן האָט פארעפנטלעכט זײַן ערשטע ליד אין דעם זשורנאל „יִדישע וועלט“ („און ס'וואָלט באנאכט...“). אין דעם זעלבן נומער, ווו ס'איז געווען געדרוקט אָשער שווארצמאנס ליד, איז מיט אייניקע זײַטלעך ווײַטער פארעפנטלעכט ז. שנייערס א ליד. דאָס איז געווען א טיפישע אינדיווידואליסטיש-פארשפיצטע און דעקאדענטיש-פארפוצטע ליד מיט א פרעטענציעזן נאָמען: „האָב פײַנט!..“ וועמען האָט ז. שנייער פײַנט אין דער ליד? אלעמען. וועמען האָט ז. שנייער ליב אין דער ליד? זײַן אייגענעם „איך“, נאָר זיך.

ז. שנייערס ליד איז אין דעם פראט געווען א פולשטענדיקער היפעך צו דעם, וואָס ס'האָט געקלונגען אין אָשער שווארצמאנס ליד. וואָרעם געווען איז שווארצמאנס ליד פול מיט מענטשן-ליבע און לעבנס-ליבע, און מיט דעם זעלבן רעכט, ווי שנייערס ליד האָט געהייסן „האָב פײַנט“, האָט אָשער שווארצמאנס געמעגט הייסן: „האָב ליב“. ס'איז געווען איינע פון די לידער, ווו ס'האָט שוין אין יאָר 1913 געקלונגען דער אָנזאָג אף דעם לײַדנשאפטלעכן הומאניזם, וועלכער איז נאָכדעם געוואָרן אזוי אייגנטימלעך פאר אָשער שווארצמאנס דיכטונג. און אָט אזוי האָבן זיך צוזאמענגעשטויסן אף דעם שמאָלן שטעך פון איין זשורנאל-נומער די צוויי גרונט-שטראָמען אין דער דעמאָלטיקער יִדישער דיכטונג: דאָס אינדיווידואליסטישע וואָרט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיטן אומגלויבן אינעם מענטשן — בא ז. שנייערן, דאָס וואָרט, וואָס איז פול מיט גלויבן אינעם מענטשן — בא אָשער שווארצמאנען.

דאָס, וואָס ס'האָט אין יאָר 1913 געקאָנט אופגענומען ווערן ווי א צופאל, האָט שפעטער, אין די יאָרן פון דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע, באקומען דעם כאראקטער פון א ברייט-אנטוויקלטן קאמף. נאָך גאָר אין דער אָנהייב-צײַט פון דער סאָוועטישער דיכטונג האָט מען געקאָנט זען, אז דאָ קומט פאָר א לײַדנשאפטלעכער קאמף פאר אָפטימיזם, פאר גלויבן אין דעם מענטשן און אין זײַן צוקונפט אף דער וועלט. א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם דאָזיקן קאמף קאָן מען קריגן, ווען מע באקענט זיך מיט די לידער פון א. קושניראָוו, וואָס האָט אָנגעהויבן זײַן דיכטערישן וועג אין איין צײַט מיט אָשער שווארצמאנען*.

אין קושניראָווס זאמלונג „ווענט“ האָט מער פאר אלץ געצויגן אף זיך די אופמערקזאמקײַט איינע א ליד מיטן נאָמען „ראָסיא“. אין דער יִדישער סאָוועטישער דיכטונג איז עס געווען דער ערשטער פרווו צו געבן א ברייט-פארמאָסטן בילד פון דער יונגער סאָוועטן-רעפובליק.

...ווער וועט אונדז דערציילן,
ווער וועט אונדז באוווסטיקן
פון געשעענעם און פון געוועזענעם...

דאָס האָט דורכגעקלונגען, ווי א רוף, וואָס איז געווענדט צו אלע יִדישע סאָוועטישע דיכטער. דערציילן „פון געשעענעם און פון געוועזענעם“ — דאָס איז געווען אן אופגאבע, וואָס האָט געפאָדערט, אז דער דיכטער זאָל זיך אויסלערנען מאכן גרויסע היסטאָרישע סאכאקלען. אין קושניראָווס ליד ווערן אזעלכע סאכאקלען געמאכט. אָבער די ליד איז דאָך געווענדט ניט בלויז צו דער פארגאנגענהײַט, נאָר אויך — און אפילע דעריקער — צו דער קעגנווארט.

געשריבן אין דער פאָרם, וואָס דערנענטערט זיך צו דער רוסישער „בילינע“, האָט קושניראָווס ליד געקלונגען ווי אן אויסדרוק פון די טיפסטע פאָלקס-מאכשאָוועס. ס'איז דער סאכאקל, וועלכן יאָס פאָלק מאכט פון זײַן היסטאָרישער דערפארונג. דעריבער הערט זיך אין דער ליד דעם פאָלקס גלויבן אין זיך, אין זײַנע איי-

* בין איצט איז געווען אָנגענומען, אז א. קושניראָווס ערשטער אופטריט אין דער ליטעראטור איז געווען די לידער-זאמלונג „ווענט“, דערשינען אין 1921. פון קושניראָווס ארכיוו איז פעסטגעשטעלט, אז ער האָט שוין אין 1909 אָנגעהויבן שרײַבן און דרוקן לידער און דערציילונגען. אין איינעם פון די נאָענטסטע נומערן „סאָוועטיש היימלאנד“ וועלן פארעפנטלעכט ווערן לידער פון זײַן יוגנטלעכן העפט, וואָס איז ניט לאנג צוריק געפונען געוואָרן.

גענע קויכעס, וואָס וועלן דערפירן דעם קאַמף
ביזן סאָף און וועלן קאָנען באַשיצן דאָס רעוואָ-
ליוציאָנערע לאַנד.

פאַראַן בא קושניראָווץ אויך אַנדערע לידער,
ווו עס ווערט געגעבן דאָס בילד פון רעוואָליו-
ציאָנערן לאַנד, און אומעטום זעען מיר פאַר זיך

א בלויע, אופגעפלאַמטע געגנט
מיט שאַרף פון טרוים אַף וועלט
פאַרשטרעקט.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אין קושני-
ראָווס לידער איז „יעדעס וואָרט מיט ליוב צע-
בליט", ווי דער דיכטער דריקט זיך אויס, זײַנע
לידער ווערן אָפטמאָל פול מיט „ברויז פון
הימנען". אָבער אין דער זעלבער צײַט הערט דאָ
ניט אוף צו קלינגען דאָס וואָרט פון פּאָליטי-
שער סאַטירע, דאָס וואָרט, וואָס דעמאַסקירט די
פֿײַנט פון דער סאָוועטן-רעפּובליק, אַנטבלויזט
דעם עמעסן פּאַרצעף פון דער „אַנשטענדיקער
אייראָפּע". די אָרגאַנישע באַהעפטונג פון אָט-
אָ-די צוויי עלעמענטן — דער רעוואָליוציאָנע-
רער פּאַטעטיק און דער פּאָליטישער סאַטי-
רע — האָט דעמלט געהאַט זייער א סאַך צו
זאָגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער
סאָוועטישער דיכטונג.

קושניראָווס פרױע לידער זײַנען געווען דורכ-
געדרונגען מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם פאַרלאַנג
צו זײַן קאַמף-לידער. דאָס האָט אָבער קלאָל ניט
באַטײַט, אַז זיי הערן אוף צו זײַן לירישע לי-
דער. אין דעם פּראַט איז באַזונדערס אינטערע-
סאַנט קושניראָווס לידער-ציקל מיטן נאָמען:
„איך".

באַגעגענען אין א לידער-זאַמלונג פון יענער
צײַט א ציקל מיטן נאָמען „איך" איז געווען אומ-
דערוואַרט. אָבער שוין גאָר די ערשטע ליד פו-
נעם ציקל „איך" האָט דערוויזן, אַז קיין שום
גרונט איבעראַשט צו ווערן איז ניט פאַראַן.

ווער בין איך, וואָס בין איך און וועמעס,
אויב ניט וועלטס און ניט מענטשהײַטס א
קינד...

צי בין איך ניט די פּאַסנדסטע טעמע
פאַר דער ליד, וואָס איך שאַף אַצינד...

אַזוי הייבט זיך אָן די ערשטע ליד, און שוין
פון די שורעס ווערט קלאָר, מיט וואָס עס
צייכנט זיך אויס קושניראָווס צוגאַנג צו דער
טעמע „איך". דער גורל פונעם דיכטערס „איך"
ווערט דאָ אָפּן ענגסטן אויפן פאַרקניפּט מיטן
גורל פון וועלט און מענטשהײַט, מיטן היסטאָ-
רישן וועג פון די ברייטסטע מאַסן.

3

ס'איז א טאָעס צו מיינען, אַז די ייִדישע סאָ-
וועטישע דיכטונג האָט אין אַלע פאַלן, וועלכן
דיכטער מיר זאָלן ניט באַטראַכטן, זיך אָנגע-
הויבן אַף איין אויפן — פונעם שילדערן די
גרעשענישן פון דער אימפּעריאַליסטישער מיל-
כאָמע. אַזוי מיינען הייסט — פאַרפלאַכן דעם
באַגריף פון סאָוועטישער דיכטונג, צוריקפירן
איך גאַנצן מעהוס בלויז צו דעם פּראָטעסט
קעגן דער גרויסער בלוט-באָד, וועלכע עס האָבן
אָרגאַניזירט די הערשער פון דער קאַפּיטאַליס-
טישער וועלט. די גרונט-מאָטיוון פון דער סאָ-
וועטישער דיכטונג לאָזן זיך הערן אויך אין די
ווערק פון פּאָעטן, וואָס האָבן ניט געפּרווּוט די-
רעקט צוגיין צו דער שילדערונג פון דער אימ-
פּעריאַליסטישער מילכאָמע. איינער פון אָט די
פּאָעטן איז געווען פּערעץ מאַרקיש.

זײַענדיק אַליין אַן אָנטיילנעמער פון דער
ערשטער וועלט-מילכאָמע (ער איז געווען א סאָל-
דאַט פון דער צאַרישער אַרמיי), האָט פּערעץ
מאַרקיש דאָך וועגן דער טראַגישער דערפאַרונג
פון יענע מילכאָמע-יאָרן ניט געשריבן אין זײַ-
נע פרױע לידער.

קום מיט מיר אַרויס אינדרויסן, ברודער,
און פאַרכלינע זיך מיט שײַן...

אַזוי ווענדט זיך פּערעץ מאַרקיש צו דעם
לירישן העלד פון זײַנע לידער. ווער איז ער —
דער העלד פון מאַרקישעס דיכטונג? ס'איז דער
מענטש, וואָס פֿײַערט זײַן באַפרײַונג אַף דער
אָקאָרשט באַפרײַטער ערד. „איך בין הײַנט מע-
שוגע-פריילעך, איך בין ערשט אַרויס פון טפּי-
סע" — שרײַבט מאַרקיש אין א ליד פון 1917.
און ווירקלעך: מאַרקיש טרעט דעמלט אוף ווי דער
דיכטער פון אָקאָרשט-באַפרײַטע פרייד-געפילן.
דאָס איז באַזונדערס אונטערגעשטראָכן אין מאַר-
קישעס צאָלרײַכע און אינהאַלטסרײַכע פרילינג-
לידער, אין זייערע שטורמישע ריטמען, פול מיט
וויכערדיקער באַוועגונג און אומבאַצוימטן דראַנג
פאָרויס.

פון לינקס איז בלויז,
פון רעכטס — דער ווינט,
פאָרויס — די פרײַהײַט...

וואָס פאַר אַן אינהאַלט לייגט מאַרקיש דעמלט
אַרײַן אין דעם באַגריף „פרײַהײַט", איז ניט
גרינג צו זאָגן. קאָן זײַן, דאָס איז ביכלאַל ניט
קיין פעסטער באַגריף בא מאַרקישן, ס'איז גי-
כער אַן אומקלאָר פאָרגעפיל. אָבער דאָס דאָ-
זיקע פאָרגעפיל פאַרלאָזט **ניט** מאַרקישן אַף
קיין רעגע, עס דיקטירט דעם דיכטער א גאַנצע
ריי נײַע מאָטיוון, וואָס שאַפן מאַרקישעס אייגנ-
אַרט.

אין דער גרעסערער ליד „לויפנדיק" (1918)
זעען מיר פּערעץ מאַרקישן, ווי ער קומט א באַ-
רוישטער, א באַגײַסטערטער פון די ערשטע
שטימען, וואָס דערטראָגן זיך פון דעם גרויסן
רעוואָליוציע-שטורעם. עמעס, מאַרקיש אָריענ-
טירט זיך נאָך ווייניק אין דעם שטורעם פון גע-
שעענישן, ער זעט פאַר זיך „פאַרמישטע ווילדע
רייען", נאָר אין די רייען — דאָס קאָן ער ניט
פאַרגעסן — געפינען זיך די, וואָס זײַנען דעם
דיכטער לײַבלעך-נאָענט און טײַער.

כ'האָב א שוועסטער, כ'האָב א ברודער,
כ'ווייס אַליין ניט, ווו זיי זײַנען,
ערגעץ יאָגן,

ערגעץ לויפן,
וועלט צעטראָגן,
וועלט צעשרויפן.
לײַב צו לײַב אײנײנעם קלעפּן
און א פּייגער שוין זיי שלעפּן
אום די גרויסע גאָרע וועלט...

די אופאַסונג פון דעם רעוואָליוציע-שטורעם טראָגט בא מאַרקישן, ווי מיר זעען דאָ, נאָך א גאַנץ מעטושטעשדיקן כאַראַקטער. אין מאַרקישעס אינטערפּרעטאַציע פלעגן דעמלט היסטאָריש באַדינגטע און היסטאָריש געזעצמעסיקע פּראָצעסן ניט זעלטן קריגן דעם אָנבליק פון וואָלקאַנישע אויסברוכן. מאַרקיש פלעגט מערסטנטייל אויסמאָלן געשעענישן ווי דורכויס סטיכייִשע, אָבער אויך דורך אַזאַ אופאַסונג פלעגט זיך דאָך דורכרײַסן מאַרקישעס ווידערווילן צו דער „אַלטער וועלט" — דעם פּייגער" און זײַן באַגײַסטערונג פאַר דער „וועלט א נײַער", וואָס דאַרף „ווערן פאַרטיק אינעם פײַער".

פון צײַט צו צײַט פלעגט מאַרקיש אין זײַנע פרײַע לידער מאַכן געוויסע פּרוּוון צו קאָנקרעטיזירן זײַן באַגריף וועגן א „וועלט א נײַער". אין אַזעלכע פאַלן קאָן מען באַמערקן, אז מער פאַר אַלץ ציט צו פּערעץ מאַרקישן אין א „וועלט א נײַער" די פּערספּעקטיוו פון פרײַער און פרוכטבאַרער מי, אַזאַ מי, אין וועלכער דער מענטש קאָן זיך באַווײַזן ניט בלויז מיט זײַן פיזישער, נאָר אויך מאָראַלישער קראַפט. אין דער זעלבער ליד „לויפנדיק" איז פאַראַן אַן אָרט, ווו פּערעץ מאַרקיש רופט אויס:

...הענט בא מיר איז,
זעסטו, ברייטע,
אויסגעהאַרטעוועט-צעשפּרייטע,
און די ערד פון ווייכער ליים איז,
און פון וואָר זײַנען כאַלוימעס,
און פון אָט די רויטע ציגל,
פון מײַן האַרץ, פון דײַנע פליגל
וויל איך אופשטעלן א טורעם,
אַזאַ הויכן,
אַזאַ הויכן,
אז די זון זאָל ער דערגרייכן...

אָט די ליד איז ניט קיין צופעליקע בא מאַרקישן. א דיכטער פון די אָקאַרשט-באַפרײַטע פאָלקס-קויכעס, טרוימט מאַרקיש וועגן היסטאָרישער אָנווענדונג פון די דאָזיקע קויכעס, ער בענקט נאָך דער פרוכטבאַרער מי, נאָך דער געזונטער אופבוי-אַרבעט.

ס'איז קעדײַ צו פאַרצייכענען, אז די זעלבע דערשײַנונג באַמערקן מיר דעמלט אויך בא ל. קוויטקאָן. אויך אין קוויטקאָס ערשטן בוך „טריט" (1919) פילן מיר אָט די בענקשאַפט נאָך דער פרוכטבאַרער מי, און אויך דאָ טרעפן מיר דעם זעלבן טרוים וועגן בויען.

קוויטקאָ האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע ניט איין מאָל פאַרטראַכט זיך וועגן בויען, ער האָט געטראָגן אין זיך דאָס פאָרגעפיל פון דער צײַט, ווען דאָס באַפרײַטע פאָלק וועט אָנהייבן בויען. אין קוויטקאָס א ליד, וואָס איז געשריבן ווי א ווענדונג צו דער געליבטער, דערהערן מיר ווידער:

שטיינער איינציקע, מײַן קינד,
ציגל סטאָסנווײַז צעוואָרפן
פאַר דער שוועל פון אונדזער מאָרגן,
פאַרן קרײַז פון אונדזער גליק...

מערקווירדיק: בא מאַרקישן און קוויטקאָן קומט אוף גלײַכצײַטיק איין און דער זעלבער מאָטיוו. ביידע האָבן זיי דאָס פאָרגעפיל פון דער צײַט, ווען מע וועט אָנהייבן אויסנוצן די ציגל, ביידע האָבן זיי דאָס זיכערע געפיל, אז דאָס וועט זײַן די צײַט פון דעם מענטשנס אופבלי.

און דעם זעלבן מאָטיוו טרעפן מיר אין יענע יאָרן אויך בא ד. האָפשטיינען. פּונקט ווי מאַרקיש און קוויטקאָ, איז אויך האָפשטיין שוין גאָר אין די ערשטע לידער געקומען א באַגײַסטערטער פאַר מענטשלעכע הענט, וואָס ווילן און קאָנען בויען, און אויסגעדריקט האָט ער זײַן באַגײַסטערונג אין א הימנישער ליד וועגן „הענט אָן צאָל".

די הענט אָן צאָל, אָן צאָל,
וואָס הייבן זיך מיט שטאָלן-געבעט,
מיט רוף מיט מופּיקן
צו נײַע פרײַע ערדן,
מיט נײַעם האַמער-שטאָל,
מיט נײַעם אַקער-אײַזן —
וואָס קאָנען הענט אַזוינע ניט באַווײַזן...

אָט אַזוי גייט דעמלט דער מאָטיוו „העלע הענט" (ד. האָפשטיין) פון דיכטער צו דיכטער. דערמאָנט מען זיך דערבײַ נאָך אין אַשער שוואַרצמאַנס ליד „געבענטשט זאָל זײַן די האַנט" — און עס ווערט קלאָר, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א פּלעיאַדע דיכטער, וואָס פאַרעפּסיקן דעם יעסאָד פון דער סאָוועטישער דיכטונג — די נײַע, סאָציאַליסטישע באַציִונג צו מענטשלעכער מי. בא איינעם קלינגט עס ווי א ליובגעזאַנג דער „שטילער מי", בא א צווייטן — ווי דאָס פאָרגעפיל פון שטורמישער מי, וואָס וועט „אופשטעלן א טורעם אַזאַ הויכן, אַזאַ הויכן, אז די זון זאָל ער דערגרייכן", אָבער בא די דאָזיקע אַלע דיכטער ווערט די שעפערישע מי אופגעפאַסט ווי די העכסטע דערהייבונג פון דעם מענטשן.

מערקווירדיק איז, וואָס דאָס געזאַנג וועגן מי קומט אוף בא די דאָזיקע דיכטער אין די יאָרן פון בירגערקריג, אין דער צײַט, ווען עס האָט, דוכט זיך, וויייניקער פאַר אַלץ געקאָנט זײַן א רייד וועגן פרידלעכער בויונג. אָבער דאָס געזאַנג וועגן מי ליגט אין דער נאַטור פון סאָוועטישער דיכטונג, און די דאָזיקע נאַטור האָט זיך אַנטפּלעקט שוין אין יענע יאָרן, ווען דאָס סאָוועטישע פאָלק איז נאָך געשטאַנען אינמיטן שלאַכט.

ס'איז קעדײַ צו פאַרצייכענען, אז שוין דעמלט, אין יאָר 1919, לאָזט פּערעץ מאַרקיש אַרויס א ביכל לידער אונטערן נאָמען: „אינמיטן וועג". דער נאָמען האָט געהאַט זייער א

סאך צו זאָגן. „אינמיטן וועג" האָט געהייסן אינמיטן שלאַכט. אָבער שוין אין דער צײַט, ווען די שלאַכט איז נאָך ווײַט ניט פאַרענדיקט, האַלט פּערעץ מאַרקיש פאַר נייטיק ווידמענען איר זײַנעם א בוך.

ס'איז פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז צו בירגערקריג-שילדערונג איז פּערעץ מאַרקיש צוגעגאַנגען ערשט אין דער פּאָעמע „ברידער" (1926). דאָס איז א פאַלשע מיינונג. „אינמיטן וועג" — דאָס איז שוין דער דירעקטער אָנהייב פון דער בירגערקריג-שילדערונג. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס מאַרקיש גייט דאָ מיט צוויי וועגן: די בירגערקריג-שילדערונג שאַפט דעם אינהאַלט פון א גאַנצער ריי לירישע לידער, און גלײַכצײַטיק ווערט זי געלייגט אין גרונט פון אַן עפּיש ווערק, וועלכעס מאַרקיש הייבט דעמלט אָן צו שרײַבן.

איך וועל דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט קאָנען גענוי כאַראַקטעריזירן אָט די צוויי שטראָמען, וואָס נעמען דעמלט פליסן אין מאַרקישעס שאַפונג. איך וויל בלויז אונטערשטרײַכן, אַז אויך אין די לירישע לידער פון אָט דעם ביכל מאַכט דער דיכטער אַן אַנטשיידענעם שריט צו דער שילדערונג פון דער רעוואָלוציאָנערער ווירקלעכקײַט. דאָס איז באַזונדערס קאָנטיק אין איינעם א ציקל לידער, וועלכן מיר וועלן באַדינגלעך אָנרופן „לידער וועגן געפאַלענעם ברודער". מיר טוען עס דערפאַר, ווײַל אַלע לידער פון דעם ציקל האָבן צו טאָן מיטן מאָטיוו פון דעם געפאַלענעם ברודער. אָט איז די ערשטע ליד פון דעם ציקל:

אוּן אוּפגעכאַפּט האָט זיך א שײַן
אַף שפּיץ פון ביקס אין מענטשנס האַרץ
דערוואַרעמטן,
אַף סטויפּ מיט סטויפּ געאַרעמטן,
אַף ביימער אויסגעגליטשעטע,
און אַף ברודערס פּיס צעריטשעטע,
מיט דראָט צעביסענעם פאַרדרייט...
און אומגעקערט האָט זיך א טאָג
אַף אַש, אַף וויסט, אַף שטום
און אַף מײַן ברודער, באָרוועס
אויסגעטאָנענעם
און צוגעשאַרטן צו א פּלויט.
און אויסגעהעלט האָט זיך א רויכיקער
אַרום
אַף מײַן פאַרקילטן ברודערס אויגן אָפּענע,
אַף זײַנע אויסגעצויגן-לאַנגע פינגער
אײַנגעשלאָפענע,
און אַף מײַן מאַמעס גיין דערקאָנען אים...

מיר זעען דאָ פּערעץ מאַרקישן אין דעם מאָמענט, ווען ער שטעלט זיך אַוועק אַקסל צו אַקסל לעבן אָשער שוואַרצמאַנען. פּונקט ווי אָשער שוואַרצמאַן, הייבט אָן מאַרקיש ריכטיק אָפּנעמען די שײַן, וואָס איז אויפגעגאַנגען „אַף שפּיץ פון ביקס אין מענטשנס האַרץ דערוואַרעמטן". ער ווערט אַף אָשער שוואַרצמאַנס אויפן דורכגעדרונגען מיט דעם באַגער, וואָס נעענטער צוגיין צום קאָנקרעטן געשטאַלט פון דעם ברודערהעלד, וואָס איז געפאַלן אין דער רעוואָלוציאָנערער שלאַכט.

דער זעלבער באַגער לאָזט זיך פילן אויך אין דעם אָנהייב פון אַן עפּיש ווערק, וואָס איז שוין דאָ אינעם בוך „אינמיטן וועג". בײַם מיר לייענען איצט מאַרקישעס „ברידער", זעען מיר, אַז אָט די לידער זײַנען, ווי זיי שטייען און גייען, אַרײַן אין טעקסט פון דער פּאָעמע. זיי בילדן דאָרט דעם קאַפּיטל XX, וווּ עס ווערט געשילדערט דאָס ווילדעווען פון די דעניקינצעס. מיר טרעפן דאָ די „ווילדע רײַטערירע", וואָס זײַנען שפּעטער געוואָרן בײַ מאַרקישן אַזאַ כאַראַקטעריסטישע דעטאַל פון דער ווײַסגוואַרדייער-שילדערונג, מיר טרעפן דאָ „די וואַסערן פון קאַספּי", פונוואַנען עס קומען די דעניקינישע באַנדעס. מיר טרעפן דאָ אויך די דעטאַלן, ווי די „גאָסטיניצע פּאַלמירע", ווי די גאַס-פאַרקויפערן, וואָס וויל ניט נעמען קיין קערענקעס, די בריוו, וואָס דער דעניקינעץ שרײַבט צו זײַנע עלטערן אין דאָרף אַרײַן, — אין דעם אַלעמען פילט זיך מאַרקישעס פאַרלאַנג צו שילדערן די היסטאָרישע געשעענישן נאָך אין פּראָצעס פון זייער געשען. פּערעץ מאַרקיש, וואָס האָט נאָך גאָר אין זײַנע ערשטע לידער געמאָלדן, אַז ער איז דער דיכטער פון „אַצינד", האָט אינעם בוך „אינמיטן וועג" צום ערשטן מאָל געפּרוּווט רעאַליזירן זײַן דראַנג צו דער הײַנטצײַטיקײַט, פאַרקערפּערן אים אין היסטאָריש-מאָמאַשעסדיקע און היסטאָריש-טרײַע לעבנס-בילדער.

שלעפּן, שלעפּן זיך טאַטשאַנקעס,
ווערסט נאָך ווערסט און מײַל נאָך מײַל...

אָט די שורעס, מיט וועלכע פּערעץ מאַרקיש האָט אין יאָר 1919 געפּרוּווט באַצייכענען דעם קאָלאָריט פון דער בירגערקריג-צײַט, האָבן איידעם געזאָגט, אַז די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג האָט שוין גלײַך פון אירע ערשטע טריט געזוכט און געפונען די מיטלען, וואָס זאָלן העלפן איר ווערן די דיכטונג פון „אַצינד", די דיכטונג, וואָס פאַרלירט קיינמאָל ניט דעם לעבעדיקן צובונד צו דער הײַנטצײַטיקײַט.

4

דאָס איז געווען אין סאַמע אָנהייב פון דער אָקטיאַבער-רעוואָלוציע. קיין פעסטער באַגריף וועגן דעם וועג, מיט וועלכן עס וועט גיין די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור, איז נאָך ניט געווען. איינס איז געווען קלאָר: אָט דער וועג פירט צו אַן אײַנרײַס מיט א סאַך, גאָר א סאַך טראַדיציעס פון דער ביז-העמלטיקער ייִדישער דיכטונג.

מיר, צעקריגטע שוין מיט טאַטעס,
מיר פאַרברענען אַלטע שמאַטעס
און פאַרניכטן ווילדע גראָז!

אָט די שורעס פון ל. קוויטקאָס „אין רויטן שטורעם" האָבן אין יאָר 1919 געהאַט, בײַ אַלעמען, אויך א ספּעציעלן ריין-ליטעראַרישן טײַטש. עס האָט געזאָלט הייסן, אַז די, וואָס

פֿורעמען דאָס סאָוועטישע דיכטערישע וואָרט, זײַנען צעקריגט אויך מיט זייערע ליטעראַרישע „טאַטעס“, און אויך דאָס פֿאַרברענען אַלטע שמאַטעס, וואָס האָט דאָ צוגעקלונגען צום גראַם, האָט געהאַט דעם זעלבן טײַטש.

דאָס זײַנען ניט געווען קיין הוילע דעקלאַראַציעס. קוויטקאָס „אין רויטן שטורעם“ איז אַ ווערק, וואָס שפּילט מיט אַ סך פֿאַרבן: דאָ פֿילט זיך, אַז דער דיכטער איז צעקריגט ניט בלויז מיטן געדאַנקענגאַנג פֿון די „טאַטעס“, ניט בלויז מיט זייער לעבנס-באַגריף און לעבנס-האַסאָגע, נאָר אויך מיט דעם אויסדרוק, וועלכן דאָס אַלעס האָט געפֿונען אין דער פּאָעטישער פֿאָרם. קוויטקאָס „אין רויטן שטורעם“ איז געווען אַ שאַרפֿע ווענדונג אין דער ייִדישער דיכטונג, און פּריִער פֿאַר אַלץ איז עס געווען אַן אָפּווענדונג פֿון דעם אַלעמען, וואָס ס׳האָט געגאָלטן אַלס טראַדיציע. אַן אַנדערע לויט דער פֿאָרם איז געווען שוואַרצמאַנס אויפֿשטאַנדליד. אָבער ערגעץ אין דער טיף האָבן די וואָרצלען פֿון די צווײ דיכטער זיך באַגעגנט און באַהעפֿט. און אַזוי איז עס געווען אויך מיט די ערשטע בירגערקריג-שילדערונגען פֿון איציק פֿעפֿער, פּערעץ מאַרקיש, דאָוויד האָפֿשטיינען, שמואל ראָסינען. ווי פֿאַרשיידן די ווערק זײַנען ניט געווען, האָט מען דאָך געקאָנט באַשטימפּערלעך זען, אַז די בירגערקריג-טעמע פֿאָדערט פֿון די דיכטער, זיי זאָלן אײַנרײַסן מיט די פּאַרצײַטיקע ליטעראַרישע קאַנאָנען, אָפּזאָגן זיך פֿון די געוווינהײַטן, וואָס עס זײַנען איבערגעגאַנגען בעיערושע פֿון די ליטעראַרישע „טאַטעס“.

ביז אַ געוויסער צײַט האָבן די פּאָרשטייער פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג קיין אייגענעם קאַנאָן נאָך ניט געהאַט.

ס׳איז אָבער אײַנגיכן געקומען די צײַט, ווען אין דער דיכטער-סוויווע האָט זיך אָנגעהויבן פֿילן דער פֿאַרלאַנג צו פֿאַרסאַכאַקלען די נײַע דערפֿאַרונג, קלאָר און דײַטלעך צו פֿאָרמולירן די נײַע געבאָטן, וואָס האָבן זיך אויסגעפֿורעמט אין גאַנג פֿון דער אַרבעט אַף דער סאָוועטישער ליד. און דאָס ערשטע פֿון די דאָזיקע געבאָטן איז געווען — קאַמף קעגן אינדיווידואַליזם.

ס׳איז פֿאַרשפּרייט אַזאַ ווערסיע, אַז דער בורזשואַזער אינדיווידואַליזם האָט אין דער ביז-אָקטיאַבערישער ייִדישער דיכטונג קיין באַדײַטנדיקע פֿאָרטרעטער קלוימערשט ניט געהאַט, אַזוי אַז דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטער האָט דאָ ניט געהאַט אויך קיין ערנסטע קעגנער, מיט וועמען צו פֿירן דעם קאַמף.

צו אַזאַ אויספֿיר קאָנען קומען בלויז די, וואָס איגנאָרירן די קאָנקרעטע היסטאָרישע פֿאַקטן. דער בורזשואַזער אינדיווידואַליזם איז אין דער ייִדישער דיכטונג באַזונדערס אַקטיוו אין די רעאַקציע-יאָרן נאָך 1905.

דעם בולעטסטן אויסדרוק האָט עס געפֿונען אין יאַנקעוו שטיינבערגס ראָמאַן אין פֿערזן „רוסלאַנד“, וווּ דער אווטאָר האָט, שילדערנדיק די עפּאָכע פֿון 1905, געשריבן:

אין דער צײַט, ווען אַלע פֿלעגן
דעם קאַפּריזן פֿרײַהײַט-גאָט
שענקען זייער האַרץ-פֿאַרמעגן,
פֿלעג איך מיט אַ לײַכטן שפּאָט
אין גערויש זיך איינזאַם פֿרייען;
כ׳האָב שוין דאַן געוווּסט פֿאַרהאַסן
דעם געפּילדער פֿון די מאַסן...

קיינמאָל פֿריִער איז עס ניט געזאָגט געוואָרן אַזוי דײַטלעך און קיינמאָל פֿריִער איז ניט געווען אַזוי באַשטימפּערלעך קלאָר: דער בורזשואַזער אינדיווידואַליזם מאָנט פֿאַר זיך די רעכט פֿון אַ פֿירנדיקער קראַפֿט אין דער ייִדישער דיכטונג. ער וויל הערשן און געוועלטיקן. דער זעלבער פּראָצעס איז — אין אַ מער אַנטוויקלטער פֿאָרם — פֿאָרגעקומען דעמאָלט אין דער רוסישער ליטעראַטור, און דאָך האָט מאַקסים גאָרקי גראָד דעמאָלט אָנגעוויזן, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט דער אַגאָניע פֿונעם בורזשואַזן אינדיווידואַליזם. אין זײַן אָפּהאַנדלונג „די צעשטערונג פֿון דער פּערזענלעכקײַט“ האָט מאַקסים גאָרקי אין 1909 געשריבן:

„באַנאַנד מיט אָט דעם פּראָצעס פֿון דער אַגאָניע פֿון אינדיווידואַליזם שאַפֿן די אײַזערנע הענט פֿונעם קאַפּיטאַל, קעגן זייער אייגענעם ווילן, אָפּסנײַ אַ קאָלעקטיוו, צונויפּפּרעסנדיק דעם פּראָלעטאַריאַט אין אַ פֿאַרגאַנצטער פּסיכישער קראַפֿט...

די אַנטשטייונג פֿון דער דאָזיקער ענערגיע זעט אויס אין די אויגן פֿון די אינדיווידואַליסטן אַלס אַ פֿינצטערע כמאַרע אָפֿן האָריזאָנט, זי שרעקט זיי עפּעס פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי דער פֿיזישער טויט, ווײַל אין דער דאָזיקער אַנטשטייונג איז פֿאַר זיי פֿאַרבאָרגן די נויטווענדיקײַט פֿון זייער סאָציאַלן טויט“*.

די דאָזיקע שורעס קאָן מען דורכויס אָנווענדן צו די פֿאַרהעלטענישן אין דער ייִדישער ליטעראַטור פֿון דעם זעלבן פּעריאָד. אויך אַף די פּאָרשטייער פֿון דעם בורזשואַזן אינדיווידואַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט דער אויפֿשטײַג פֿונעם אַרבעטער-קלאַס, די אַנטפּלעקונג פֿון זײַן גרויסער וועלט-באַפֿרײַערישער מיסיע אָנגעיאָגט אַ שרעק; אויך פֿאַר זיי האָט עס דורכגעקלונגען ווי אַ דערמאָנונג וועגן זייער אומפֿאַרמײַדלעכן סאָציאַלן טויט. די שרעק, וועלכע ס׳האָט אַף אַ קונציקן אויפֿן געפּרווּט פֿאַרשלייערן, לאָמיר זאָגן, יאַנקעוו שטיינבערג, האָט מער אָפֿן זיך אַרויסבאַוויזן בײַ ז. שנייערן. דאָס, וואָס ס׳איז ניט געווען אָנגערופֿן מיטן פֿולן נאָמען בײַ ז. שנייערן, האָט באַקומען דעם דאָזיקן נאָמען בײַ לייב נײַדוסן. איז עס דאָך קיין צופֿאַל ניט, וואָס ז. שנייער שרײַבט אין 1909 אין זײַנער אַ ליד:

---

* מ. גאָרקי. געזאַמלטע ווערק, ב. 24, ז. 37.

ס'איז גרין און שטיל, איך וויל מער קיינעם זען,
אליין, אליין — און אָפּגעריסן ברעקל לעבן.

און פּונקט אפן זעלבן אויפן שרײַבט נײַדוס:

זײַן אליין, אליין. מעג הינטער די פענצטער ברויזן,
מעג דאָרטן ליאַרעמען און שרײַען דער מאָדערנער סדום.

אנדערע דיכטער-דעקאַדענטן האָבן דאָס זעלבע געזאָגט אין א ווייניקער אנטבלויז-טער שפּראַך, אָבער אַלציינס האָט זייער דיכ-טונג געהאַט א ביז גאָר שעדלעכע ווירקונג. פּאַראַליזירן די דאָזיקע ווירקונג, ניט דערלאָזן, אַז די דעקאַדענטישע דיכטונג זאָל ווערן א פירנדיקע (אין טאָך — פּאַרפירנדיקע!) קראַפט אין דער ליטעראַטור — דאָס איז געווען א שווערע און קאָמפּליצירטע אופגאַבע. אין שײַן פון דער אופגאַבע באַקומט א באַזונדערן אינ-טערעס דער וועג, וואָס עס מאַכט דורך אין יע-נער צײַט דער סאָוועטישער דיכטער לייב קוויטקאָ.

קוויטקאָס ערשט בוך לידער „טריט" (1919) באַווײַזט, אַז שוין דעמאָלט האָט דער דיכטער געטראָגן אין זיך א געוויסן ווידערשטאַנד קעגן יענעם „אַלטבאַקאַנטן יוּעש-זינגער", וועמען ל. נײַדוס האָט באַזונגען. ניט צופעליק דאָך טרעפן מיר אין קוויטקאָס ערשטן בוך אַזעלכע שורעס:

קומסט מיט אַן עסנדיק פּאָנעם
און לעסטערסט דעם מענטש און די וועלט,
טאַפּסט זיי אַרום מיט די גיפטיקע פינגער,
שלעפּסט אַף זיי וואָלקן און דיר ווערט דאַן גרינגער.
מיט וואָלוועלע פריידלעך דײַן האַרץ ווערט באַקרעלט.
גיי דיר, אָ, גיי דיר, איך וויל דיך ניט הערן,
איך ליב נאָך א טויב.
איך האָב נאָך פאַר מיזרעך-רויט פריידפולע טרערן,
פאַר טמימעסע ליפּן — אַן אויער צו הערן,
פאַר רעגן — א לויב!..

אָט אַזוי האָט א סאָוועטישער דיכטער בא-נומען דעם דעקאַדאַנס: ווי דאָס „לעסטערן דעם מענטש און די וועלט".

געוויס האָט לייב קוויטקאָ אין דער צײַט פון „טריט" נאָך ניט פאַרמאָגט קיין קלאָרן צו-קונפט-באַגריף. לייב קוויטקאָ האָט זיך דעמאָלט נאָך ניט דערהייבן צו דער צילבאַוווסטקײַט פון א דיכטער מיט א פאַרגאַנצטער וועלט-אָנשויונג. די בלויזן אין לייב קוויטקאָס וועלט-אָנשויונג האָבן זיך געלאָזט דעמאָלט פילן גאַנץ אָפט, עס איז אָבער א פאַקט, אַז לויטן עצעם מעהוס פון זײַן שאַפונג איז קוויטקאָ שוין דעמאָלט געווען אַן אַנטידעקאַדענטישער דיכטער. אין דער הינ-זיכט איז געווען באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש די ליד „איך בין צוגעבונדן צו מײַן גרויסן הײַנט".

די ליד האָט צו יענער צײַט — אָנהייב 1917 — געהאַט אין זיך א באַשטימטע פּאָ-ליטישע פּערספּעקטיוו. דאָס האָט געזאָלט זײַן אַן ענטפער אַף דעם דעקאַדענטישן קוויקן זיך מיט ראַפינירטקײַט, וועלכע איז אַלעמאָל געגאַנגען באַנאַנד מיט ווילנלאָזיקײַט און מאַכט-לאָזיקײַט. דערפאַר האָט קוויטקאָ אַזוי שטאַרק אַקצענטירט די „בױאַלאַגישע" גוואוּרע פון זײַן העלד. אָבער געגאַנגען איז עס, פאַרשטייט זיך, אין נאָך עפּעס וויכטיקערס. ס'איז געגאַנגען אינעם אַלגעמיינעם אָנבליק פונעם לירישן העלד, וואָס איז אופגעטראָטן אַלס טרעגער פון די מעכטיקע קויכעס, וועלכע לעבן אין פאָלק און דאַרפן אויסגענוצט ווערן אַף אויסצובויען דעם „גרויסן הײַנט".

נאָך מער אַנטבלויזט איז געווען דער פּאָלע-מישער טאָן פון א צווייטער ליד — „יונגע פרייד", ווו קוויטקאָ שרײַבט:

כ'דאַרף אַליין, אַליין ניט בלײַבן,
קיין כעזשבוינעס כ'האָב מיט זיך,
כ'דאַרף קיין פריידן ניט פאַרשרײַבן,
כ'דאַרף קיין רוכעס ניט פאַרטרײַבן,
אין מײַן טיפעניש לעב נאָר איך...

אויך די שורעס זײַנען, פאַרשטייט זיך, גע-ווען אָנגעצילט אַף די דעקאַדענטישע דיכטער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט נעשאָמע-גריב-לערײַ און האָבן זיך געפלײַסט צו אַנטדעקן אין דער מענטשלעכער נעשאָמע קאָלערליי רוכעס און שיידים.

אין דער דיכטונג פון די דעקאַדענטן איז גע-ווען איין שטריך, וואָס האָט אַרויסגערופן א באַזונדערס שאַרפן ווידערשטאַנד בא דעם יונגן קוויטקאָ. די דיכטער-דעקאַדענטן האָבן בראַווירט מיט זייער גרינגשעצונג, צומאָל אַפילע פאַר-אַכטונג צו די ברייטע מאַסן. דער יונגער קוויט-קאָ, פאַרקערט, איז געווען א דיכטער, וואָס פאַר זײַנע אויגן האָט שטענדיק געשוועבט דאָס גע-שטאַלט פון דער מאַסע. באַזונדערס כאַראַקטע-ריסטיש איז אין דער הינזיכט די ליד „מײַן אומרו" (1916). מעגלעך, אַז פאַרטראַכט האָט זי קוויטקאָ ווי אַן אינטים-לירישע ליד, ווו ער האָט זיך געקליבן צו ריידן וועגן זיך אַליין. נאָר דאָ האָט צום ערשטן מאָל זיך אַרויסבאַוויזן די וויכטיקסטע אייגנשאַפט פון קוויטקאָס ליריק: דעם דיכטערס געמיט ווערט ערגעץ אין דער טיף איבערגעפלאָכטן מיטן לעבן פון דעם מאַסן-געמיט. ניט אומזיסט דאָך האָט ער אין איינער פון די פריִע לידער געמאָלדן: „דער האַמוין — מײַן געזונטער פאָטער". אין דער ליד „מײַן אומרו" האָט קוויטקאָ צום ערשטן מאָל געפּרוּווט קאָנקרעטיזירן זײַן פאָרשטעלונג וועגן דעם מאַסן-מענטש, דעם מענטש פון „האַמוין".

שפּאַנט אַ מענטש, געפּעלצט
אין פּעלץ פון שטריק און סטריכעס,
אין בליק — אַ שטרענג געדולד,
אין האַרץ — אַ האַרט שעליכעס.
אַקשן־קראַפט אין שפּרײַזן זײַנעם,
ער שלעפּט מיט זיך צו מיר
אַ שווערע, גרויסע טײַנע.

דאָס איז געווען קוויטקאָס ערשטער פּרווו צו שילדערן דעם מענטש פון „האַמוין". און ס'איז מערקווירדיק: קוויטקאָ ווענדט דאָ די אויפמערקזאַמקײַט ניט אַזוי אַף דעם לײַדנדיקן, ווי אַף דעם מאָנענדיקן מענטשן. און אַזוי הייסט טאַקע דאָס געשטאַלט, וואָס שטייט אין צענטער פון דער ליד: „דער ווײַטער מענטש מיט גרויסער טײַנע". אַוודע האָט קוויטקאָ אין דער ליד נאָך ניט אויפגעדעקט דעם גאַנצן סאָציאַלן אינהאַלט פון דער „גרויסער טײַנע", וואָס איז דעמאָלט פון טאָג צו טאָג געוואַקסן אין דער טיף פון דער פאָלקס־מאַסע. ס'איז אָבער געווען ביז גאָר סימפּטאָמאַטיש, וואָס דער יונגער קוויטקאָ האָט געהאַלטן פאַר נייטיק זיך סאָלידאַריזירן מיט אָט דער „טײַנע" פונעם האַמוין.

קומען אין די יאָרן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע מיט אַזאַ ליד, ווי „מײַן אומרו", האָט געהייסן אַף אַ נײַעם אויפן באַנעמען דעם דיכטערס באַרוף, דעם דיכטערס נאָענטסטע שײַכעס צו דעם גרויסן אויפוואַכונגס־פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין די מאַסן. און אָט פונדאַנען שטאַמט עס די קרעפטיקײַט פון קוויטקאָס פרײַע לידער, ווו עס גייט אַזאַ אָנגעשטרענגטער קאַמף קעגן דעקאַדאַנס.

## 5

אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט דעמאָלט גענומען אויך דאָוויד האָפשטיין. זײַן רעאַליזם, דער פּאַטאָס פון אַלץ זען און אַלץ וועלן זען, דער שטענדיקער פאַרלאַנג וואָס ברייטער פאַנאַנדערוקן די ראַמען פון דעם געזעענעם — דאָס איז געווען אַ דורכויסיקער קעגנזאַץ צו דעם אַלעמען, צו וואָס עס האָט געשטרעבט די דעקאַדענטישע דיכטונג.

אַ באַזונדערס וויכטיקע פונקציע האָט געהאַט האָפשטיינס רײַכע לאַנדשאַפט־מאָלערײַ; זי איז געווען דאָס שאַרפסטע געווער אין קאַמף קעגן די „ניט־ערדישע כאַלוימעס", וועלכע עס האָבן קולטיווירט לייב נײַדוס און זײַן גלײַכן. האָפשטיינס לידער וועגן קאַווקאַז, סיביר האָבן אַ וואָנד געטאָן די אויפמערקזאַמקײַט צו דער רעאַליסטישער לאַנד־שילדערונג, וואָס איז נאָכדעם געוואָרן איינע פון די גרונט־אייגנשאַפטן פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליריק.

עמעס, דערבײַ האָבן אין האָפשטיינס שילדערונג זיך אַרויסגעוויזן אויך אייניקע אַזעלכע שטריכן, פון וועלכע ער האָט געדאַרפט וואָס גיכער זיך באַפרײַען.

ניט אומזיסט דאָך האָט ער דעמאָלט געשריבן:

און אַלץ הייסט גיין,
יעדער טאָג זיך וואַלגערן,
צעשפּרייטן זיך אַף שוועל
אַף אייגענער
און שפּאַנען איבער זיך אַליין,
אַליין זיך הייבן פאַר די האָר,
און וואַרפן זיך און שלײַדערן
אין ווײַט פון יאָר.

דאָס בעסטע, וואָס איז פאַראַן אין האָפשטיינס דיכטונג, איז באַשאַפן געוואָרן אין פּראָצעס פון דער אַנטשיידענער און אַנטשלאָסענער פאַרבינדונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער ווירקלעכקײַט. דערבײַ איז האָפשטיינען צײַטנווײַז אויסגעקומען „צו שפּאַנען איבער זיך אַליין", אָבער דאָס האָט דאָך ניט אָפּגעשוואַכט בײַ אים דעם ווילן „אַ שפּאַן טאָן מיט נײַעם, מיט ברייטן, מיט קיינמאָל געגאַנגענעם גאַנג". און אָט אין דעם גאַנג האָט עס האָפשטיין געשאַפן זײַנע לידער, וועלכע האָבן קלאַפּ נאָך קלאַפּ געשלאָגן די דעקאַדענטישע דיכטונג.

איינער פון דאָוויד האָפשטיינס פאַרדינסטן איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט נאָך גאָר פרי באַוויזן, אַז די סאָוועטישע ייִדישע דיכטונג ווײַכט ניט פון אינטים־לירישע מאָטיוון. האָפשטיין האָט מאַמעש צעעפנט טיר און טויער פאַר אָט די אינטים־לירישע מאָטיוון. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי גרויס ס'איז די פאַרענדערונג, וואָס עס מאַכן דורך אַזעלכע מאָטיוון אין דער סאָוועטישער דיכטונג.

אין איינער פון זײַנע לידער האָט האָפשטיין געשריבן:

...וועט זײַן מײַן שוועל
אין מיט פון ערד, פון וועלט,
וועט זײַן מײַן הויז
אַ וועלט די ברייט,
אַ וועלט די גרויס...

און אַזוי איז עס ווירקלעך געווען. עס האָט ניט זעלטן געטראָפן, אַז האָפשטיינס ליד האָט אַרײַנגעפירט אונדז אין דעם שטוביקן אומגאַנג, טײלמאָל אַפילע גאַנץ היפּש דעטאַליזירט די שילדערונג פון אָט דעם היימישן רוים, אָבער געפילט האָט זיך שטענדיק, אַז ס'איז ניט קיין פּאָעזיע פון געמיטלעכער שטוביקײַט, אַז קיין שום מעכיצע צווישן דער שטוב און דער אַרומיקער וועלט איז ניטאָ, ס'איז די פּאָעזיע פון דעם הויז, וואָס איז „אַ וועלט די ברייט, אַ וועלט די גרויס".

אַ וויכטיקער אויפטו האָפשטיינס איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אויפגעבויט די הימנישע ליד.

געווען אַמאָל אַזאַ צײַט, ווען די דעקאַדענטישע דיכטונג האָט געפּרוווט שאַפן איר „קראַפט־געדיכט", איר מאַזשאָרן טאָן. דאָס האָט מען געקאָנט זען בײַ לייב נײַדוס, בײַ ז. שנייערן. אָבער דער דאָזיקער מאַזשאָר האָט זייער גיך באַנקראָטירט, וואָרעם ווײַטער פון איבערגעטריבענער זשעסטיקוליאַציע האָט ער ניט געקאָנט גיין. דערפון האָבן אייניקע אָנהענגער פונעם רע־

קאַדאַנס געפּרוּווט מאַכן אַן אויספיר, אַז דער מאַזשאָר איז ביכלל אָפּגעפרעגט, אַז צו עכט דיכטערישע רעזולטאַטן קאָן קלוימערשט ברענגען בלויז דער מינאָר.

דאָס איז, אייגנטלעך, געווען די איינציקע אַוודע פון די אַמעריקאַנער „אינזיכיסטן”. אין זייערע לידער האָבן זיי זיך געפלײַסט צו באַווײַזן, אַז וואָס טיפער „אין זיך”, אַלץ מער געדעמפּט ווערט דער פּאָעטישער קלאַנג, אַלץ מער געשפּילט דאָס פּאָעטישע וואָרט, אַלץ מער געפאַלן די פּאָעטישע שטימונג, און גראָד דאָס האָבן זיי געהאַלטן פאַרן אידעאַל פון דיכטונג. אָט־אָ־די אַפּאָלאָגיע פון דעם מינאָרן טאָן, וואָס איז געווען דער אויסדרוק פון דער „אַגאָניע פון אינדיווידואַליזם”, האָט דעמאָלט געהערשט אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אין דאָוויד האָפּשטיינס „רויטע בליטן” האָט פעסט און זיכער אַ קלונג געטאָן דער מאַזשאָר. דאָ האָט מען דערהערט, ווי עס קומט אויף אַ נײַער טיפּ פון אַ הימנישער ליד. נײַ איז געווען אָט די ליד דערמיט, וואָס דער דיכטער הערט זיך צו צו די אויפגעוואַכטע מאַסן, ער ווערט מיטגעריסן פון זייערע „טויזנט־אָטעמדיקע פרייד־געשרייען” (ד. האָפּשטיין).

דער וועג צום מאַזשאָר איז בײַ ד. האָפּשטיינען געווען דער וועג צו די מאַסן. וואָס מער ער האָט זיך דערנענטערט צו די רעוואָלוציאָנערע מאַסן, אַלץ מער האָט ער באַהערשט די פאָרם פון דער הימנישער ליד.

פּונקט ווי אַלעס, מיט וואָס עס האָט זיך אין יענע יאָרן אויסגעצייכנט די נײַע קוואַליטעט פון דער סאָוועטישער דיכטונג, איז אויך דער מאַזשאָר דאָ געווען געווענדט קעגן דער דיכטונג פונעם דעקאַדאַנס: קעגן איר אַנטיסאָציאַלקײַט, קעגן איר אַנטידעמאָקראַטישקײַט, קעגן אירע אַנטיהומאַניסטישע טענדענצן.

פונדאַנען שטאַמט נאָך איינע אַן אייגנשאַפט פון ד. האָפּשטיינס הימנישער ליד. זי איז ניט קיין אַנציקונגס־ליד, זי איז אַ ליד, ווּ דאָס בילד פון שיינקײַט רופט צום קאַמף פאַר שיינקײַט. און אָט דערפאַר קומט עס פאָר, וואָס ד. האָפּשטיינס הימנישע ליד ווערט אומבאַמערקטערהייט פאַרוואַנדלט אין אַ רוף־ליד. אַזוי איז עס פאָרגעקומען אויך אין דער ליד „פרוי”:

אָט דאָרט,
ווּ ס'קלינגען שווערדן
פאַר מענטשן־רעכט,
פאַר עכטער מענטשן־ווערדע,
פאַר נײַעם זײַן —
דאָס ערשטע אָרט
איז דײַנס!..

אָט דער הויפּט־מאָטיוו פאַרוואַנדלט האָפּשטיינס ליד אין אַ רוף־ליד. און פּונקט אַזאַ פאַרוואַנדלונג מאַכט דאָ דורך אויך די פאָרם פון דער ליד. די געלאַסן־אָפּגעקילטע פירשורעסדיקע סטראָפע, וואָס מיר טרעפן אַזוי אָפט אין האָפּשטיינס „באַ וועגן”, פאַרשווינדט, די גאַנצע ליד ווערט אַרויסגעבראַכט מיט איין אָטעם, אָן באַזונדערע סטראָפן, אָן איבעררײַסן, אָן אינטערוואַלן. דער כאַראַקטער פון דער רוף־ליד דערלויבט ניט, אַז זי זאָל איבערגעלאָדן ווערן מיט עפּיטעטן, — און ד. האָפּשטיין, וואָס קאָן אין אַנדערע לידער ניט שטילן זײַן דאָרשט נאָך עפּיטעטן, גיט איצט בלויז דעם מינימום פון עפּיטעט־באַצייכענונגען. אָט אַזוי איז געשריבן די גאַנצע ליד. קיין סימען פון יענעם אַנטאַגאָניזם צווישן אינהאַלט און פאָרם, וואָס איז געווען די קלאָלע פון דער דעקאַדענטישער דיכטונג, קיין סימען פון פאָרמאַליזם.

דאָס איז אין דעם בוך „רויטע בליטן” געווען ניט די איינציקע ליד, ווּ האָפּשטיין האָט באַוויזן, אַז דער וועג צו דער באַנײַונג פון דער פּאָעטישער פאָרם פירט דורך דער באַנײַונג פון דעם אידייִשן אינהאַלט. דערפאַר בלײַבט טאַקע דאָס בוך „רויטע בליטן” איינס פון די וויכטיקסטע ווערק פון דער צײַט, ווען עס האָט זיך געפורעמט די סאָוועטישע ייִדישע דיכטונג. דאָס דאָזיקע ווערק באַשטעטיקט ווידער און ווידער, אַז נאָר באַפרײַענדיק זיך פון פאָרמאַליזם, וועלכער איז אַזוי שטאַרק זיך צעוואַקסן אויפן זומפּיקן באָדן פונעם דעקאַדאַנס, האָט די סאָוועטישע ייִדישע דיכטונג געקענט קומען צו אירע שפּעטערדיקע ניצחונעם.

מיט קאַרגע 30 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1947, האָט אַ. קושניראָוו, אומקוקנדיק זיך אויף דער פאַרגאַנגענהייט פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג, געשריבן:

ווער וואָלט געגלייבט, אַז מיר — די ייִנגלעך יענע,
די יונגע צווײַגעלעך פון פּראָסטן שטאַם,
אַז מירן ניט נאָר וואַגן, נאָר אויך קענען
אַ וואָרט אַ נײַס זיך אויסקאָוועןן אין פלאַם.

זוכן אַזאַ „וואָרט אַ נײַס” האָבן די ייִדישע סאָוועטישע דיכטער אָנגעהויבן נאָך גאָר אין די ערשטע יאָרן פון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. די רוף־ליד איז געווען די ערשטע דערגרייכונג, מיט וועלכער עס האָט געקאָנט שטאָלצירן די ייִדישע סאָוועטישע דיכטונג. די רוף־ליד האָט אײדעס געזאָגט, אַז עס פאַרשטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג דער לעבעדיקער קאָנטאַקט צווישן דעם דיכטער און די באַפרײַטע פאָלקס־מאַסן, עס פאַרפעסטיקט זיך זײַן צובונד צו דעם „גרויסן הײַנט” (ל. קוויטקאָ), עס ווערט רײַפער זײַן פאַרשטענדעניש פאַר די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבעס, וועלכע די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט געשטעלט פאַר דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

# ראבינס גאנג

ס זײַנען פאראן קינסטלער, וואָס גיבן א בליץ גלײַך פון אָנהייב, גיבן א שפּיל פאר די אויגן מיט אַלע שעמערירנדיקע קאָלירן און שעפּן דערמיט אויס אַלע זייערע מעגלעכקייטן, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך אונטערגעריסן פון א צו שווערער אַרבעט. זיי איבעראַשן דעם לייענער, און ער דערוואַרט נאָך גרעסערע אופטוען. נאָר אומזיסט. ווייטער גייען מער־ווייניקער געלונגענע וואַריאַציעס און איבערכאַזערונגען, וואָס רופן שוין ארויס ניט קיין אַנציקונג, נאָר אנטוישונג און פאַרדראָס...

י. ראבין געהערט צו אַן אַנדער מין קינסטלער. זײַן וועג איז א דויערנדיקער ארופגאַנג אַפן הויכן באַרג פון מײַסטערשאַפט, אַן ארופגאַנג אָן שאַרפע זיגזאַגן און שטורמישע קערפּונקטן. ער האָט אָנגעהויבן באַשיידן, געהאַט דערפאָלגן און האַלט ערשט איצט, נאָך זעכציק יאָר לעבן און פינף און דרײַסיק יאָר שאַפן, אין סאַמע רעכטן מיטן...

עס איז ניטאָ קיין אַנטרײַס צווישן ראבינען דעם קינסטלער און דעם מענטשן. אין זײַנע ווערק אַנטפּלעקט זיך זײַן אינדיווידואַליטעט, און, פאַרקערט, זײַן לעבן באַווײַזט דעם טאָך פון זײַן שאַפן. אַז מע לייענט זײַנס א ווערק — א דערציילונג, צי א ראָמאַן, צי א נאָוועלע, אַן איראָנישן מאָנאָלאָג, צי א שמייכלענדיקן דיאַלאָג, — דוכט זיך, אַז מע פירט א שמועס מיט אים פּערזענלעך, אַז דאָס רעדט ער אַליין. און דאָס אייגענע צוריק: אַז מע רעדט מיט ראבינען, דוכט זיך, אַז מע דערקענט דעם נוסח פון זײַנע ווערק.

די לויכטנדיקע שײַן, וואָס גייט פון ראבינס פּראָזע, איז ניט בלענדנדיק, נאָר מאַטאָווע. זײַן באַגאַבונג האָט זיך אַנטפּלעקט ניט מיטאַמאָל, נאָר ביסלעכווײַז. וועגן דעם דערציילט אַליין ראבין אין אַלע זײַנע ווערק. און אין דעם באַשטייט זײַן קונסט.

די קונסט איז שטענדיק נײַ. ניט קיין נײַע קונסט עקזיסטירט ניט אין דער נאַטור. ראבין איז געקומען מיט נײַע שפּירונגען, מיט א נײַער לעבנס־דערפאַרונג און מיט זײַנע מיטלען פון אַנטפּלעקן די נײַע לעבנס־דערשײַנונגען. ער, דער יונגער אַרבעטער, דער קאָמיוגיסט, דער רעוואָלוציאָנערער קעמפער, האָט געהאַט וואָס צו זאָגן, וואָס צו דערציילן.

יוסף ראבין איז איינער פון אונדזערע ערשטע ייִדישע סאָוועטישע פּראָזאַיקער, וואָס איז געקומען אינגאַנצן א פרײַער פון אַלטע פאָרורטיילן. ער אַליין איז געווען א מענטש פון דער רעוואָלוציע. און ער טאַקע איז געוואָרן דער העלד פון זײַנע אייגענע ווערק. אין דעם איז באַשטאַנען ראבינס קראַפט. אַז ראבין דערציילט וועגן בירגערקריג, וועגן רעוואָלוציע, דערציילט ער אַלץ פון אינווייניק, ווי א מענטש, וואָס שטייט ניט פון דער זײַט און דערציילט וועגן יענעם, נאָר וואָס שטייט אין דער מיט און רעדט וועגן זיך. ניט אומזיסט זײַנען דאָך ראבינס פרִיע דערציילונגען אין דער גרעסטער מערהייט געשריבן אין דער ערשטער פּערזאָן („שוועסטערקינדער“, „די געשיכטע פון אַן אויג“, „א ווײַב און א כאַווער צוזאַמען“, „מיט וואָס מיר לעבן“, „דאָס איז געווען א כאָלעם“, „א רײַזע אַף אַן אָרט“, „מיטן קאָמאַנדיר פאָרויס“ אאַ.).

אין דעם אָבער איז אויך באַשטאַנען ראבינס שוואַכקייט. עס איז ניט גענוג צו דערציילן וועגן זיך, אויב עס זאָל אפילע דערציילט ווערן וועגן נײַעם מענטשן. דער קינסטלער מוז דערציילן וועגן קלאַל, ווען ער דערציילט וועגן איינעם. און ווײַל ראבין האָט נאָך ניט געקענט אין דער געשיכטע פון איינעם ווײַזן די סאָציאַלע געשיכטע, פלעגט ער אָפט אָנקומען צו „שפּאַנענדיקע“ סוזשעטן אָדער סכעמאַטישע פאַבולן, וואָס האָבן געזאָלט פאַרבײַטן די גײַסטיקע שטייגער־מאָלערײַ און די פאַרטיפטע פּסיכאָלאָגישע שילדערונג („די געשיכטע פון אַן אויג“, „די ברידער סעמיאָנאָוו“ אאַ.).

אָט אַזאַ איז ער געווען, דער יונגער ראבין, אין די צוואַנציקער יאָרן — נײַ און פריש און טעמפּעראַמענטפול לויטן אינהאַלט פון זײַן שאַפן, לויטן נײַעם לעבנס־מאַטעריאַל, און אומדערפאַרן, עטוואָס נאַיִוו, אַמאָל אומבאַהאָלפן־פּרימיטיוו און נאַטוראַליסטיש באַם קינסטלערישן פאַרקערפּערן אָט דעם רעוואָלוציאָנערן מאַטעריאַל. אין גײַסט פון יענער צײַט פלעגט ער אין זײַנע נאָוועלן ניט זעלטן אַרײַנפאַלן אין שפּראַך־מאַנירלעכקײַט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין געהאַקטע פראַזעס און אין ניט ריכטיק געבויטע זאַצן.

אין ראבינען האָט אָבער געלעבט דאָס שטרעבן פון אַן עמעסן קינסטלער צו העכערער שעפערישער האַרמאָנישקײַט. ער איז שטענדיק אי א קינסטלער, אי אַן אַקטיווער טוער און בויער פון א נײַער ליטעראַטור.

סאָף צוואַנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן הייבט ראבין אָן זוכן נײַע טעמעס און נײַע קינסטלערישע מיטלען. ער פאַרטראַכט זיך טיפער אַף די דערשײַנונגען פונעם לעבן און ווענדט זײַן בליק צו דער עפּאָכע, וואָס האָט דירעקט צוגעגרייט דעם טריומף פונעם סאָציאַליזם. אַלס קינסטלער האָט ראבין פאַרשטאַנען, אַז די הוי-

לע עמפּירישע דערפֿאַרונג איז ניט גענוג, קעדיי צו פֿאַרשטיין די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פֿון דער הײַנטצײַטיקייט. און ער קומט צו דער היסטאָרישער טעמע, צו א נײַעם פֿאַר אים זשאַנער — דעם פּסיכאָלאָגישן און היסטאָרישן ראָמאַן.

דער איבערגאַנג פֿון דער נאָוועלע צום ראָמאַן איז געווען א געוואָגטער שריט פֿון א קינסטלער, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ אין זײַן אַנטוויקלונג, א גאַראַנטיע פֿון דערפֿאָלגרײַכן וווּקס פֿונעם שרײַבער.

דער פֿאַרמעסט צו געבן ברייטע שילדערונגען פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט און הײַנטצײַטיקייט איז צום אָנהייב געווען פֿאַרבונדן מיט היפּשע שוועריקײַטן. אין צוויי ווערק פֿון אָט דעם נײַעם פּעריאָד אין ראַבינס שאַפֿן — אין די ראָמאַנען „שוועסטערקינדער“ און „בוזי דובין“ — אַנטפּלעקן זיך אַמבוילעטסטן די קראַפֿט און די שוואַכקײַט פֿונעם שרײַבער. ער ברענגט א נײַעם טיפּאַזש, בוילעטע פֿיגורן, נאָר ער קאָן זיך נאָך אַלץ ניט באַפֿרײַען פֿון סכעמאַטישער שילדערונג, באַזונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן יענע פֿאַרשוינען, וואָס זײַנען אים סאָציאַל פֿרעמד. דער ראָמאַן „בוזי דובין“ איז אין דער קריטיק פֿון יענער צײַט אָפּגעשאַצט געוואָרן אַלס דורכפֿאַל פֿונעם שרײַבער. דאָך זײַנען די דאָזיקע צוויי ווערק געווען פֿאַר ראַבינען געוויסע שטאַפּלען צו שפּעטערישער רײַפֿקײַט. דער ראָמאַן זײַנער „דער וועג איז אָפֿן“ איז שוין אַזאַ וויכטיקע דערשײַנונג פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער פּראָזע, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך די אויפֿמערקזאַמקײַט פֿון די לייענער.

אין אָט דעם ווערק האָט מען שוין געקאָנט באַמערקן די בעסערע אייגנשאַפֿטן פֿון ראַבינס קינסטלערישן סטיל: רעוואָלוציאָנערע לײַדנשאַפֿט, ברייטע סאָציאַל-היסטאָרישע שילדערונגען, פֿאַנאַנדערגעוויקלטע שטייגער-בילדער, פּלאַסטיש און פּסיכאָלאָגיש אויסגעפֿורעמטע געשטאַלטן, פֿאַרשטאַרקטע אויפֿמערקזאַמקײַט צו קינסטלערישער דעטאַל, און צו דעם אַלעמען — פֿײַנער הומאָר, פּאָעטישע לירישקײַט. עס פֿילט זיך אינעם ראָמאַן די זיכערקײַט פֿונעם דערציילער, וואָס קוקט אויף דער פ א ר ג א נ ג ע נ ה ײַ ט מיט ה ײַ נ ט י ק ע אויגן און זעט, אַז ד ע ר  װ ע ג  א י ז  אָ פ ן  א י ן  ד ע ר  צ ו ק ו נ פ ט.

אין ראַבינס נאָכמילכאָמעדיקע ווערק פֿילט זיך דער טרויער און צאַר איבער די קאָלאָסאַלע בלוטיקע פֿאַרלוסטן און קאָרבאָנעס. אָבער ניט נאָר דאָס. פּונקט ווי דאָס גאַנצע פֿאָלק איז אין די העראָאישע מילכאָמע-יאָרן אויסגעוואַקסן און געוואָרן אויף א קאָפּ העכער, טיפֿזיניקער, אַזוי איז אויך געוואַקסן דעם שרײַבערס קינסטלערישע געניטקײַט, זײַן רײַף ווערנדיקע מײַסטערשאַפֿט. אין ראַבינס צוויי ביכער — „מײַנע אייגענע“ (1947) און „מיר לעבן“ (1948) — זײַנען די טעמעס און די קינסטלערישע פּראָבלעמען ענג פֿאַרבונדן מיטן לעבן פֿונעם סאָוועטישן מענטשן, מיטן קאַמף קעגן היטלעריזם און מיטן אויפֿשטעלן דאָס נײַע אויף די רויִנעס פֿון דער מילכאָמע. און ווידער זעען מיר פֿאַר זיך ראַבינען דעם נאָוועליסט, וואָס גיט דאָס גרויסע דורך א טיפּישן עפּיזאָד, די געשיכטע פֿון פֿאָלק — דורכן גורל פֿון א מענטשן.

און באַנאַנד דערמיט קומט אין די פֿופֿציקער יאָרן ראַבינס ראָמאַן „באַם ניעמאַן“ און די גרעסערע דערציילונג „כאַוועלע געפּען“. עס שטעלט זיך אײַן באַם שרײַבער א מין פּאַראַלעלע עקזיסטענץ פֿון זשאַנרען און א צעטיילונג פֿון זייער פֿונקציע. אין דעם ראָמאַן און אין דער גרעסערער דערציילונג שילדערט ראַבין די ניט ווײַטע היסטאָרישע פֿאַרגאַנגענהײַט. אין דער נאָוועלע מאָלט ער דאָס איצטיקע לעבן. נאָר אין סך־הכּל גיסן זיך צונויף ביידע דערציילערישע זשאַנרען. דער ראָמאַן און די נאָוועלע דערגאַנצן איינער דעם צווייטן, שאַפֿנדיק א דורכויסיק בילד פֿונעם סאָוועטישן לעבן פֿאַר די העכער פֿיר צענדליק יאָר.

אין דעם ראָמאַן „באַם ניעמאַן“ און אין „כאַוועלע געפּען“ פֿילט זיך דאָס שטרעבן צו די מאַסשטאַבן פֿון א היסטאָרישער שילדערונג פֿונעם קאַמף פֿאַר דער סאָוועטנמאַכט אין ליטע. ווען מע לייענט אָט די ווערק ראַבינס, קומט אויף אַפֿן געדאַנק דאַניעלס „יולים“. עס האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן איינער און דער זעלבער טעמע; כוץ דעם, זײַנען נאָך פֿאַראַנען ענלעכקײַטן אין דער טראַגישער קאָליזיע און אין טראַגישן גורל פֿון די הויפּט-העלדן יולים און כאַוועלע. און דאָ איז באַזונדערס אינטערעסאַנט, וואָס נאָך אַזאַ באַדײַטנדיקן מײַסטער, ווי דאַניעל, קומט ראַבין מיט אַן אייגנאַרטיקער קינסטלערישער לייזונג פֿון דער פּראָבלעם, וואָס איז שוין איין מאָל געשטעלט און געלייזט געוואָרן. דאָ גייט ניט קיין רייד וועגן דעם, וואָסער ווערק איז בעסער? ביידע זײַנען בעסער, ווײַל ביידע זײַנען אייגנאַרטיק. דאַניעלס „יולים“, קימאַט א קלאַסיש ווערק פֿון אונדזער סאָוועטישער פּראָזע, איז א ראָמאַנטיזירונג פֿון דער העלדישער רעוואָלוציאָנערער פּערזענלעכקײַט, אין דער צײַט, ווען ראַבינס „כאַוועלע געפּען“ איז א רעאַליסטישע שילדערונג פֿון אָט דער פּערזענלעכקײַט.

פֿאַר ראַבינס סטיל איז בכלל כאַראַקטעריסטיש דעמאָקראַטישקײַט און פֿאָלקסטימלעכקײַט. סײַ אין זײַנע ראָמאַנען, סײַ אין זײַנע נאָוועלן מאָלט ער ניט קיין „העלדן“, נאָר דעם „האַמוין“. דער צענטראַלער העלד פֿון ראַבינס ווערק איז דאָס פֿאָלק. דער שרײַבער צעטיילט ג ל ײַ כ מ ע ס י ק דעם סאָציאַלן, פּסיכאָלאָגישן און שטייגערישן מאַטעריאַל אַרום דעם לעבן פֿון אַלע פֿאַרשוינען. דערפֿאַר צייכנט זיך אויס די קאָמפּאָזיציע פֿון זײַנע ווערק ניט מיט קיין אָנוווּקס פֿון סוזשעטישע קאָנפֿליקטן און דראַמאַטישע קאָליזיעס ביז צו א קולמינאַציע-פּונקט, נאָר מיט גלײַכמעסיקער פֿאַנאַנדערטיילונג פֿונעם מאַטעריאַל איבערן גאַנצן שעטעך פֿונעם ווערק אין צײַט און אין רוים. אפֿילו אין „כאַוועלע געפּען“, וואָס טראָגט דעם נאָמען פֿונעם הויפּט-העלד און איז געווידמעט דעם לעבן און

דעם גורל פון איין מענטשן, איז דער צענטראלער העלד אויך ניט מער ווי איינער פון פיל אנדערע. דאָס הייסט ניט, אז ראבין אנטפּלעקט ניט קיין אינדיווידואליזירטע פּסיכאָלאָגיע. פּארקערט. זײַנע ווערק צייכענען זיך גראָד אויס דערמיט, וואָס יעדער פּערסאָנאַזש באזונדער האָט זיך זײַן ארט דענקען, זײַן רייד-מאניר, זײַנע גענג און געוווינהייטן. אינעם אלגעמיינעם געווימל, אין די סאָציאלע און שטייגער-קאָנפליקטן און צוזאמענשטויסן, טיילט זיך אויס יעדער פּארשוין, אפילע א צווייטראנגיקער, מיט זײַן פּנים און מיט זײַן כאראקטער.

ראבין איז א מײַסטער פון פּסיכאָלאָגישער און שטייגערישער דעטאַל. דעטאלן-מאָלערײַ איז בא אים דאָס הויפּטמיטל צו שאפן א ברייט לעבנסבילד. פון דעטאלן שטעלט זיך צונויף די געשעעניש, די האנדלונג פון איינצלנע מענטשן, וואָס וואקסט אויס אין א ברייט בילד. די אָנגעזאמלטע שטריכן שאפן דאָס געשטאלט, דעם קאָלאָריט, די סאָציאלע אטמאָספער פון דער צײַט.

די נייגונג צו פּסיכאָלאָגישער און שטייגערישער דעטאל קאָן אמאָל שאפן דעם אײַנדרוק פון אָביעקטיוויסטישער שילדערונג, ווען דער קינסטלער שטעלט זיך אין א זײַט פון די געזעלשאפטלעכע קאמפן און סאָציאלע צוזאמענשטויסן. נאָר אין ראבינס ווערק, וואָס זײַנען אָנגעזעטיקט מיט שארפע פּאָליטישע קאָנפליקטן און מיט בוילעטע בילדער פון קלאסנקאמף, פילט זיך דער הייסער אָטעם פון דעם דערציילער. די אידייִש-קינסטלערישע טענדענץ און די פּארטייִשקײַט פונעם ווערק זײַנען פאר אונדז קלאָר, זיי זײַנען ניט קיין קינסטלעכע, ניט קיין דידאקטישע, זיי דרינגען אָרגאניש ארויס פון דער קינסטלערישער לאָגיק פון בילד און געשטאלט.

ראבינס רעאליזם איז שפּאָרעוודיקע שילדערונג. היסטאָרישע געשעענישן און פּראָצעסן ווערן ארײַנגעשפּארט אין א מינימאלער צאָל בילדער, עפּיזאָדן. אלס קלאל האלט זיך ראבין אָפּ צו געבן פאנאנדערגעוויקלטע עקספּאָזיציעס, ברייטע היסטאָרישע שילדערונגען. דער סאָציאלער פאָן ווערט געגעבן פּונקטיראַרטיק, בלויז אין קאָנטורן. אָבער אויך די שטייגער-בילדער ווערן געמאָלט זייער געפּרעסט. עס מאכט דעם אײַנדרוק ווי דער דערציילער וואָלט זיך שטארק געאײַלט, קיין צײַט ניט געהאט איבערכאפּן דעם אָטעם. און מאכמעס דעם האסטיקן שטרעבן פּאָרויס באקומען זיך אמאָל בלויזן, ניט דערזאָגטע ווערטער, ניט דערמאָלטע בילדער. טשעכאָוו האָט אמאָל געזאָגט, אז קורצקײַט איז די שוועסטער פון טאלאנט. נאָר יעדער עמעס קאָן פארוואנדלט ווערן אין ניט-עמעס, ווען מע היט ניט אײַן די מאָס. לאקאָנישקײַט איז בעסער פון פילבארייִדעוודיקײַט. נאָר ווען דער שרײַבער מאָלט סאָציאלע פּראָצעסן און אלוועלטלעך-היסטאָרישע געשעענישן, טאָר ער ניט פארגעסן, אז ער דארף דערציילן גענוי און אלזײַטיק.

ווי יעדער עמעסער קינסטלער, האָט ראבין געשאפן זײַן סטיל, זײַן שפּראך. דאָס איז די שפּראך פון א פּאָלקס-מענטש, אן ארבעטער, וואָס האָט זיך דערהייבן בא אונדזער סאָוועטישן לעבן צו הויכע שטאפּלען פון סאָציאלן און קולטורעלן באוווסטזײַן.

די שפּראך פונעם אווטאָר צייכנט זיך אויס מיט איר לאקאָנישקײַט און שפּאָרעוודיקײַט. עס איז א גאנצע סיסטעם פון פּראָסטע קורצע זאצן. אין דער לעצטער דערציילונג — „אין א שטאָט אף אוראל" („סאָוועטיש היימלאנד" נום. 2, 1961) שטעלן זיי זיך אויס, אָט די זאצן, אין גאנצע רייען:

„שוין העכער א יאָר, ווי זיי געפעלן זיך איינער דעם אנדערן. אין אָוונט באגלייט ער זי אהיים. דעם גאנצן וועג רירן זיי זיך אפילע מיט די עלנבויגנס ניט אָן".

„הײַנט איז פרילינג. פּראָזים באגלייט זי אהיים. זיי שווײַגן, כאָטש זיי האָבן איינער דעם אנדערן א סאך צו זאָגן, נאָר דער פּרילינג, וואָס האָט ליב געפילן, האָט פײַנט איבעריקע רייד".

„אניע וויל אויך לעבן. יעדער גליד אירער פאָדערט עס, מאָנט. פּראָזים געפעלט איר. און אז זי קומט אינעם פרילינגדיקן אָוונט צו זיך אין צימער, דרייט זי זיך ארום אינעם מאנטל און געפינט זיך קיין אָרט ניט. פּראָזים איז אוועק א באליידיקטער און איז, פארשטייט זיך, גערעכט. זי איז גרייט גיין אָניאָגן אים, אפילע איבערבעטן..."

די קורצקײַט פון זאץ צעברעקלט ניט דאָס בילד. פּארקערט, זי פארשפּרייט עפּעס אזא מין וואָגיקײַט, פילבאדײַטנדיקײַט און לירישקײַט. דער קורצער זאץ לאָזט מיינען עפּעס ניט קיין דערזאָגטס, וואָס באטײַט נאָך עפּשער מער, ווי דאָס, וואָס איז געזאָגט.

און באנאנד דערמיט שלאָגט אין ראבינס ווערק א שטארקער שטראָם פון סטיכייִשער פּאָלקס-שפּראך, פון מאסן-רעפּליקעס, גראָבלערפּלעבייִשע, וואָס ווערן טיילמאָל געגעבן אין א רויער פאָרם. עס פילט זיך אָבער די אָרגאניזירנדיקע האנט פונעם שרײַבער, וואָס צוימט אָט די דאָזיקע רײַכע האמוינישע שפּראך-סטיכיי.

ראבין איז א שרײַבער מיט אן אייגענעם סטיל, נאָר דאָך קאָן מען באמערקן אינעם אויפן פון שילדערן די ארבעטער-סוויווע, די סאָציאלע קאָנפליקטן געוויסע פעדעם, וואָס ציִען זיך צו ראבינען פון ווײַסנבערגן. די לירישע פּאָלקסטימלעכקײַט און די נייגונג צו הומאָר בא ראבינען דערמאָנען עפּעס ענלעכס צו שאָלעם-אליינכעמס טראדיציע. אָבער דאָס זײַנען פראגן, וואָס פאָדערן א באזונדערע באהאנדלונג.

ראבין געפינט זיך איצט אין פאמע אופבלי פון זײַן שאפונג. זײַן קינסטלערישע דערגרייכונג איז נאָך ווײַט ניט אויסגעשעפּט, עס שפּרייט זיך פאר אים אויס אן אָפענער וועג צו נאָך גרעסערע דערפאָלגן. מיר ציִען נים אונטער קיין סאכאקל. פּארקערט, מיר דערווארטן פון אים נײַע גוטע ראָמאנען און דערציילונגען.

ה. רעמעניק.

# כראָניק

קעדיי אינפאָרמירן די לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“ וועגן אַ ריי וויכטיקע דערשײַנונגען אין דער ליטעראַטור און קונסט, האָט אונדזער קאָרעספּאָנדענט ס. ראַבינאָוויטש דורכגעפֿירט שמועסן מיט איניקע באַוויירים. ווײַטער דרוקן מיר זייערע ענטפֿערס.

## אַף אַלע שפּראַכן פֿון די פֿעלקער פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד

דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער רעדאַקציע פֿון די ליטעראַטורן פֿון די פֿעלקער פֿון פּסס״ר באַם מעלוכע-פֿאַרלאַג פֿון קינסטלערישער ליטעראַטור („גאָסליטאיזדאַט“) סערגיי דראָגאַניאַן האָט אין זײַן ענטפֿער געזאָגט:

— אונדזער פֿאַרלאַג גיט אַרויס ניט בלויז די ווערק פֿון דער רוסישער קלאַסישער און הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור, נאָר אויך דאָס בעסטע, וואָס ווערט געשאַפֿן אין אַלע רעפּובליקן פֿונעם לאַנד.

אין משך פֿון פֿאַריקן יאָר האָבן מיר אַרויסגעגעבן מער ווי אַ האַלבן מיליאָן עקזעמפּלאַרן ייִדישע ביכער (סײַ אין ייִדיש, סײַ אין דער רוסישער איבערזעצונג). די לייענער האָבן באַקומען אין רוסיש אַלע זעקס בענדער פֿון דער שאָלעם-אַליינעם-אויסגאַבע; בערגעלסאָנס צווייבענדיקן ראָמאַן „באַם דניעפּער“; צוויי בענדער לידער און פּאָעמעס פֿון פּערעץ מאַרקיש; נויעך לוריעס בוך „וואַלד-שטילקײַט“; דאָוויד האָפּשטיינס לידער-זאַמלונג. צום 125-טן געבורטסטאָג פֿון מענדעלע מוכער-ספֿאָרים האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג, אין וועלכער עס גייען אַרײַן „מאַסאָעס בנימין השלישי“, „פֿישקע דער קרומער“ און „דאָס קליינע מענטשעלע“. אַלע דרײַ ווערק זײַנען איבערגעזעצט אַפּסנײַ פֿון י. גורעוויטש און מ. שאַמבאַדאַל. דאָס איז אַ פּראַכטפֿולע יובֿילײ-אויסגאַבע, אילוסטרירט פֿון מ. גאָרשמאַן.

— הײַיאָר דרוקן מיר לויט דער באַקאָשע פֿון אונדזערע לייענער די רוסישע איבערזעצונג פֿון שאָלעם-אַליינעמס „בלאָנדזשנדע שטערן“ (טיראַזש — 100 טויזנט עקזעמפּלאַרן). אין אַ מאַסן-טיראַזש וועט דערשײַנען אויך אַ באַנד אויסגעוויילטע ווערק פֿון י.-ל. פּערעץ מיט ג. בראָוומאַנס אַ נאָכוואָרט. אין דער סעריע „ביבליאָטעק פֿון דער סאָוועטישער פּאָעזיע“ איז פֿאַרפּלאַנירט אַ זאַמלונג פֿון שמועל האַלקינס לידער. אין משך פֿון יאָר וועט דערשײַנען אין רוסיש עליע גאָרדאָנס בוך דערציילונגען „דרײַ ברידער“. עס ווערן געגרייט צום דרוק: אַ נײַער רײַך אילוסטרירטער שאָלעם-אַליינעם-באַנד, אין וועלכן עס וועלן אַרײַן „טעוויע דער מילכיקער“, „מענאַכעם-מענדל“ און „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס“; דעם ניסטערס „משפּחה מאַשבער“; אַ באַנד אויסגעוויילטע ווערק פֿון לייב קוויטקאָ; ב. אָליעווסקיס ביכל דערציילונגען; עזרא פֿינינבערגס אַ באַנד לידער.

## דמיטרי קאָסאַריק דערציילט וועגן אָשער שוואַרצמאַנען

אונדזער קאָרעספּאָנדענט האָט אָנגעקלונגען קיין קיִעוו דעם אוקראַיִנישן שרײַבער דמיטרי קאָסאַריק, קאַנדידאַט פֿון פֿילאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן, אַווטאָר פֿון ליטעראַרישע און ליטעראַטור-פֿאָרשערישע ווערק.

— ווי האַלט עס מיט אײַער בוך וועגן אָשער שוואַרצמאַנען?

— דאָס געשטאַלט פֿון אָשער שוואַרצמאַנען, — האָט געענטפֿערט דמיטרי מיכײַלאָוויטש, — רעגט מיך שוין פֿיל יאָרן. אין 1948 האָב איך אָפּגעזוכט דעם דיכטערס קייווער, וואָס געפֿינט זיך לעבן דער אײַזנבאַן-סטאַנציע פּאָליצע (ראָוונער געגנט). די מאָנאָגראַפֿיע וועגן אָט דעם אייגנאַרטיקן און טאַלאַנטפֿולן פּאָעט איז שוין באַ מיר פֿאַרטיק. אַזוי אַרום איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן מײַן טרוים — עס איז פֿאָלקום גרייט צום דרוק אַ בוך וועגן אָשער שוואַרצמאַנען. עס ווילט זיך מיר מיטיילן די לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“, אַז אַ גרויסן אײַנפֿלוס אַף מײַן אַרבעט איבער שוואַרצמאַנס געשטאַלט האָבן געהאַט צוויי מענטשן: דאָוויד האָפּשטיין, מיט וועלכן איך בין יאָרנלאַנג געווען באַפֿרײַנדעט, און פּאַוולאָ טיטשינאַ, וועלכער איז געווען דער ערשטער איבערזעצער פֿון שוואַרצמאַנס לידער און האָט צוליב דעם ספּעציעל דערלערנט די ייִדישע שפּראַך.

— וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אײַער בוך וועגן שוואַרצמאַנען?

— דאָס איז אַ דאָקומענטאַל ווערק וועגן דעם דיכטערס לעבן און שאַפֿן. כ׳הייב אָן פֿון דער פֿריִער יוגנט אָשערס. איך האָב געהאַלטן פֿאַר נייטיק אויך צו באַווײַזן דעם גורל פֿון שוואַרצמאַנס לידער נאָך זײַן העלדישן טויט.

— ווען וועט דאָס דאָזיקע ווערק פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן?

— גענוי קאָן איך איצט ניט זאָגן. מיר ווילט זיך פֿריִער אָפּדרוקן עס אין אַן אוקראַיִנישן זשורנאַל, דערנאָך אין אַ בוך-פֿאָרם.

## „א גוטע ליד זוך איך מיט ליכט"

די זינגערן נעכאמע ליפשיץ האָט אונדז דערציילט:

— כאָטש איך האָב, צום באַדויערן, ניט געקאָנט בײַזײַן אַף דער באַראַטונג אין „סאָוועטיש היימלאַנד" וועגן דעם רעפּערטואַר פֿון די ייִדישע זינגער, דאָך האָב איך א געפֿיל, אַז אויך מײַן קאָל האָט דאָרט דורכגעקלונגען. איך בין איבערצײַגט, אַז דער זשורנאַל וועט שטאַרק מיטווירקן דער שעפֿערישער אַקטיווקײַט פֿון די עסטראַדע-קינסטלער, ער וועט זיך זאָרגן וועגן דעם, אַז עס זאָל געשטילט ווערן אונדזער הונגער אַף הײַנטצײַטיקער טעמאַטיק.

— א גוטע ליד זוך איך מיט ליכט. אַז איך זאָג „גוטע ליד", האָב איך אין זינען ביידע זאַכן — אי דעם טעקסט, אי די מוזיק. קיינער בעט בא מיר ניט קיין „וואַרניטשקעס" אָדער „בא מיר ביסטו שיין". איך פֿערזענלעך האַלט ניט פֿון אַזעלכע לידער. מײַנע צוהערער גאַרן צו הערן עכטע קלאַסיק, עכטע פֿאָלקסלידער, ווערק, וואָס זאָלן אויסדריקן אונדזער פּראַכטפֿולן הײַנט און נאָך שענערן מאָרגן. איך וועל אײַך זאָגן דעם עמעס: פֿאַר דער צײַט, זינט כ'האָב אָנגעהויבן זינגען ייִדישע לידער (1956), האָב איך זעקס מאָל געביטן מײַנע קאָנצערט-פּראָגראַמעס. עס ווילט זיך וואָס פֿולער באַפֿרידיקן די הויכע פֿאָדערונגען פֿון אונדזער סאָוועטישן צושויער.

די זינגערן האָט דערציילט וועגן דעם רעפּערטואַר, מיט וועלכן זי טרעט איצט אַרויס.

— מײַן נײַע פּראָגראַם שליסט אײַן אין זיך סײַ ראָמאַנסן, סײַ לידער. די ראָמאַנסן פֿון רימסקי-קאָרסאַקאָוו, איפּאָליטאָוו-איוואַנאָוו, שאַפּענען און מאַגיושקאָ פֿיל איך אויס אין אָריגינאַל. דערנאָך זינג איך אין ייִדיש די ווערק פֿון מיכאַיל גנעסין (אַף די ווערטער פֿון אָשער שוואַרצמאַנס „דער סוינע בא די טויערן") און מיכל מילנער (אַף די טעקסטן פֿון י.-ל. פּערעץ). אין דער זעלבער אָפּטיילונג גייט אַרײַן א ציקל ראָמאַנסן פֿון הענריך ברוק (ווערטער פֿון פּערעץ מאַרקיש און לייב קוויטקאָ), ווי אויך לידער פֿון די ייִדישע פֿאָלקס-זינגער בערל בראָדער, מאָרדכע געבירטיק, מאַרק וואַרשאַווסקי און זעליק בערדיטשעווער.

די צווייטע אָפּטיילונג באַשטייט פֿון סאָוועטישע לידער. איך זינג, צום בײַשפּיל, א ליד וועגן דער בעריאָזקע, וואָס לענין האָט פֿאַרפֿלאַנצט (ווערטער י. קערלער, מוזיק ד. פּאָקראַס), די ליד פֿונעם ספּעקטאַקל „אין נאָמען פֿון דער רעוואָלוציע" און אַנדערע. אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג גייען אויך אַרײַן פֿאָלקסלידער וועגן אַלטן שטייגער, קינדער-לידער... טיכאָן כרעניקאָוו שרײַבט פֿאַר מיר מוזיק צו פּערעץ מאַרקישעס „לעכאַיִם". די דאָזיקע ליד וועל איך אײַנגיכן אָנהייבן זינגען.

אַף דער פֿראַגע, וועלכע שטעט קלײַבט זי זיך באַזוכן אין 1962 יאָר, האָט נעכאמע ליפּשיץ געענטפֿערט:

— אין יאַנוואַר-פֿעווראַל בין איך אַרויסגעטראָטן אין איזשעווסק, פּענזע, קויבישעוו, סאַראַטאָוו, וואָלגאָגראַד, אַסטראַכאַן, אופֿאַ, אָרענבורג, יאָשקאַר-אָלאַ, סאַראַנסק, טאַלין. פֿונעם 10 מאַרט הייבט זיך אָן מײַן טורנע איבער אוקראַינע. דאָ וועל איך און דער פֿאָרלעזער לייב לעווין געבן 30 קאָנצערטן. נאָכדעם — ווײַסרוסלאַנד. אין די זומער-כאָדאָשים וועלן מיר גאַסטראָלירן אין די קוראָרט-ראַיאָנען פֿון די באַלטישע סאָוועטישע רעפּובליקן, האַרבסט-צײַט — אין מאָלדאַוויע.

## א ראָמאַן וועגן קאַרל מאַרקסן

דער אַווטאָר פֿון די באַוווּסטע ראָמאַנען וועגן קאַרל מאַרקסן גאַלינאַ סערעבריאַקאָווא איז אַרויסגעשטעלט צו דער לענין-פּרעמיע פֿאַר דעם 1962 יאָר. ווען אונדזער קאָרעספּאָנדענט האָט זיך געווענדט צו דער שרײַבערן, האָט זי געענטפֿערט:

— שוין עטלעכע טעג, אַז איך פֿיל זיך ניט געזונט, נאָר א פֿאָרשטייער פֿון אונדזער יונגן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" וועל איך אופֿנעמען מיט פֿאַרגעניגן...

גאַלינאַ סערעבריאַקאָוואַס גאַנץ לעבן קאָן באַצייכנט ווערן מיט איין וואָרט: קאַמף. צו פֿערצן יאָר איז זי שוין געווען א מיטגליד פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צו פֿופֿצן יאָר — א סאָלדאַט פֿון דער רויטער אַרמיי. איר לעבן איז דורכגעגאַנגען אין שווערע געראַנגלען און אויספּרווון. דאָך איז זי פֿול מיט קויכעס. איר פּאָנעם איז ענערגיש, אירע אויגן שטראַלן מיט קלוגשאַפֿט, גוטמוטיקײַט, פֿאַרליבטקײַט אין ליטעראַטור און אין לעבן.

— שוין לאַנג אַרבעט איר איבער מאַרקס' געשטאַלט? — פֿון אָט דער פֿראַגע האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער שמועס.

— מאַרקס' נאָמען — האָט געענטפֿערט ג. סערעבריאַקאָווא — האָב איך געהערט נאָך קינדווײַז, אין שטוב פֿון מײַנע עלטערן, וועלכע זײַנען געווען אַלטע רעוואָלוציאָנערן. „קאַפּיטאַל" האָב איך שטודירט אין אַרבפֿאַק און אין אוניווערסיטעט. די אידיי אָנצושרײַבן א ראָמאַן וועגן די גרעסטע גאונים פֿון דער מענטשהײַט, — וועגן מאַרקסן און ענגעלסן, — איז בא מיר רײַף געוואָרן נאָך מיט א דרײַ צענדליק יאָר צוריק. אָבער באַלד פֿון אָנהייב האָב איך דערפֿילט, ווי שווער און קאָמפּליצירט עס איז אַזאַ טעמע. מע האָט באַדאַרפֿט גיין אַף א נאָך ניט באַטראָטענעם וועג. שטאַרק געהאָלפֿן מיר צו פֿאַרווירקלעכן אָט דעם דרייסטן פֿאַרטראַכט האָבן די באַגעגענישן מיטן געלערנטן און נאַראָדאָוואָליעץ ניקאָלײַ מאָראָזאָוו, וועלכער האָט ניט איין מאָל באַזוכט מאַרקסן אין לאָנדאָן. געמוטיקט מיך אין דער אַרבעט האָט דער אומפֿאַרגעסלעכער מאַקסים גאָרקי. ווען איך האָב אים דערציילט וועגן מײַנע ספּייקעס און פּלענער, האָט ער געזאָגט: „עס וועט זײַן זייער ווויל, אויב עס וועט זיך בא אײַך באַקומען.

רירן אזא בארג פון אָרט איז זייער ניט לײַכט. דאָס איז אָבער וויכטיק און נייטיק. איינס געדענקט: וועגן מארקסן און לענינען דארף מען שרײַבן אזוי, אז הינטער די מירמלנע דענקמעלער זאָלן זיך באַווײַזן אין זייער גאנצער פּראכט די לעבעדיקע מענטשן".

ווען ג. סערעבריאקאָווא האָט אָנגעהויבן שרײַבן דאָס ערשטע בוך — „מארקס' יונגע יאָרן" — איז זי אויסגעווען א וועלט: ענגלאנד, דײַטשלאנד, האָלאנד, בעלגיע, פראנקרײַך, איטאליע און שווייץ. זי האָט זיך באגעגנט מיט מענטשן, וועלכע זײַנען פּערזענלעך געווען נאָענט מיט מארקסן, מיט זײַן מישפּאָכע און מיט ענגעלסן, באזוכט די ערטער, וועלכע זײַנען פארבונדן מיטן לעבן און שאפן פון די צוויי ריזן, שטודירט צאָלרײַכע דאָקומענטן און ארכיוון.

דער ראָמאן „מארקס' יונגע יאָרן" איז דערשינען אין 1932. ער הייבט זיך אָן פון ליאָנער אופשטאנד און כאפּט ארום 26 יאָר פון מארקס' לעבן. אין 1961 דערשײַנט אין צוויי בענדער דער צווייטער ראָמאן אונטערן נאָמען „דאָס צוגעגאנוועטע פײַער", וווּ עס ווערט באוויזן מארקס' און ענגעלסעס אָנטייל אין דער רעוואָליוציע פון 1848 אין פראנקרײַך און אין דײַטשלאנד. די האנדלונג פארענדיקט זיך מיט סעפּטיאבער 1864. עס גייט דורך א גאנצע פּלעיאַדע היסטאָרישע פּערזענלעכקײַטן פון פארשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען. נאָר אין צענטער פון אָט דעם ברייטן קינסטלערישן לײַוונט שטייען די גיגאנטישע פיגורן פון מארקס און ענגעלס.

ריידנדיק וועגן איר ארבעט אַף די געשטאלטן פון מארקס און ענגעלס, האָט די שרײַבערן באמערקט, אז דער בעסטער שעצער פון א ליטעראריש ווערק איז דער לייענער. „מיך רירן טיף די הארציקע אָפּרופן מיצאד פילצאָליקע סאָוועטישע מענטשן". גאלינא סערעבריאקאָווא האָט אונדז געוויזן דעם קסאוויאד פון איר דריטן בוך וועגן מארקסן — „אַף די העכסטע שפּיצן פון לעבן". אלע דרײַ ביכער — „מארקס' יונגע יאָרן", „דאָס צוגעגאנוועטע פײַער" און „אַף די העכסטע שפּיצן פון לעבן" — וועלן בילדן די טרילאָגיע, וואָס וועט הייסן „פּראָמעטיי".

## „הימל און ערד"

אזוי הייסט דער נײַער ראָמאן פונעם ייִדישן סאָוועטישן שרײַבער נאָטע לוריע. דאָס איז א זעלבשטענדיק ווערק פון א היפּשן פארנעם, כאָטש פאקטיש איז עס א פאָרזעצונג פון די שוין פריִער פארעפנטלעכטע טיילן (אין ייִדיש און אויך אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש און אוקראַאיניש) פונעם ברייט באקאנטן בוך „דער סטעפּ רופט". אינעם שמועס מיט אונדזער קאָרעספּאָנדענט האָט דער אווטאָר פון „הימל און ערד" דערציילט:

— קאפּיטלעך פון דעם נײַעם ראָמאן האָב איך ניט לאנג צוריק געלייענט אַף א פארברייטערטער זיצונג פון דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד". איך בין געווען טיף גערירט, ווען די אָנוועזנדיקע שרײַבער האָבן זיך ווארעם אָפּגערופן וועגן מײַן נײַער ארבעט. „הימל און ערד" הייבט זיך אָן מיט געשעענישן, וועלכע קומען פאָר אין אכט יאָר ארום נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך פארענדיקט די האנדלונג אין „דער סטעפּ רופט", דה. דעם 21 יוני 1941, און פארענדיקן זיך אין די הײַנטיקע טעג. ס'איז א פילפּלאניק לײַוונט וועגן דעם גוירל פון מײַנע באליבטע געשטאלטן אין די מילכאָמע-יאָרן און אויך שפּעטער. מיר איז זייער אָנגענעם, וואָס דער ראָמאן וועט זיך דרוקן אינעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד".

## מאָסקווע, קיראָוו־גאס, 6

מיט א קורצער צײַט צוריק איז דאָ געעפנט געוואָרן א נײַער ביכער-מאגאזין נומ. 119. דער דירעקטאָר פונעם מאגאזין מיכאיל בלעכמאן האָט מיטגעטיילט אונדזער קאָרעספּאָנדענט:

— מיר האנדלען מיט ביכער, וואָס דערשײַנען אין 46 שפּראכן פון די פעלקער פון פססר. הײַנט צו טאָג ציילט דער אָפּעראטיווער פאָנד פון אונדזער מאגאזין מער ווי דרײַ מיט א האלבן טויזנט ביכער-טיטלען פון אלע זשאנרען — פּראָזע, דיכטונג, קריטיק, פּאָפּולער-וויסנשאפטלעכע ליטעראטור אאזו. פאראן בא אונדז אויך א באזונדערע אָפּטיילונג פון ביכער אין רוסיש, וואָס ווערן ארויסגעגעבן אין די אָרטיקע נאציאָנאלע פארלאגן.

— וועלכע ביכער קויפט מען אמערסטן? — האָבן מיר געפרעגט בא מ. בלעכמאנען.

— ביכלאל גערעדט, גוטע ביכער פארלעגערן זיך ניט. מע קויפט גערן ווערק, וואָס זײַנען געדרוקט בוכשטעבלעך אין אלע שפּראכן פון אונדזער לאנד. דער אוילעם ווייסט שוין, אז בא אונדז קאָן מען קריגן אויך א ייִדיש בוך. אין מעשעך פון געציילטע טעג האָבן מיר פארקויפט בא 500 עקזעמפּליארן פון ד. בערגעלסאָנס „אויסגעוויילטע ווערק". פאראן בא אונדז די ביכער פון מענדעלע, פּערעץ, שוואַרצמאַן.

## נײַע און אלטע מוזיק

דער פאָלקס-ארטיסט פון רספסר קאָמפּאָזיטאָר לייב פּולווער האָט אונדז דערציילט:

— לויט דער באקאָשע פונעם פאָלקס-ארטיסט פון סאָוועטנפארבאנד איגאָר מאָיסייעוו האָב איך אָנגעשריבן מוזיק צו דרײַ ייִדישע טענץ, וועלכע ווערן געשטעלט אינעם מעלוכע-אנסאמבל פון פאָלקס-טענץ פון פססר.

נאָך דער בעראטונג פון דיכטער, זינגער און קאָמפּאָזיטאָרן אין רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד" האָב איך אָנגעשריבן מוזיק צו דאָוויד בראָמבערגס זייער א כיינעוודיקער „וויגליד".

— איבער וואָס ארבעט איר איצט?

— איבעראיאָר ווער איך אלט 80 יאָר. א היפּשן טייל פון מײַן לעבן האָב איך אָפּגעגעבן דעם ייִדישן טעאטער. האָב איך פארטראכט צוגרייטן און ארויסגעבן אן אלבאָם, וואָס זאָל

אַרײַנעמען די מוזיק, וועלכע איך האָב אָנגעשריבן פאַר א סאך „גאַסט“-ספּעקטאקלען. די דאָזיקע ארבעט וועט פאָדערן ניט ווייניק צײַט און מי, אָבער איך וויל האָפן, אז ס׳וועט זיך מיר אײַנגעבן זי צו פארווירקלעכן.

## וואָס הערט זיך אין ווארשע?

...מיר קלינגען קיין ווארשע, אף נאָוואָגראָדסקי 5. עס דערטראָגט זיך צו אונדז די באקאנטע שטים פון הערש סמאָליאר, שעף-רעדאקטאָר פון דער „פאָלקס-שטימע“.

— וואָס הערט זיך אין ווארשע? — פרעגן מיר.

— אונדזער הויפּטשטאָט, ווי דאָס גאנצע לאנד, — האָט געענטפערט ה. סמאָליאר, — לעבט איצט איבער פריידיקע טעג. די פּוילישע ארבעטער-פּארטיי (פּפּר) איז אלט געוואָרן 20 יאָר. צווישן דער באפעלקערונג ווערט ברייט פּאָפּולאריזירט די געשיכטע פון דער פּארטיי, איר קאמף קעגן דעם דײַטשישן אָקופּאנט, איר העראָאישע ארבעט אין די ערשטע יאָרן נאָך דער באפרײַונג, ווען עס האָט זיך געעפנט א נײַער עטאפּ אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק — דער עטאפּ פון בויען די סאָציאליסטישע געזעלשאפט.

א גרויסן אָפּקלאנג האָט די יובליי-דאטע צווישן די פּוילישע ייִדן: עס איז ברייט באוווסט, אז די ערשטע טעג פון איר אנטשטייונג האָט די פּפּר גערופן צו אָרגאניזירן א ווידערשטאנד-באוועגונג אין די געטאָס, זי האָט אלזײַטיק און מאמאָשעסדיק געהאָלפן דער דאָזיקער באוועגונג, צוגעגעבן מוט אינעם גראנגל קעגן דעם בלוטיקן סוינע. אין שפּיץ פון די אנטיפאשיסטישע קעמפער אין ווארשעווער געטאָ זײַנען געשטאנען די לעגענדארע קאָמוניסטן יויסעף לעווארטאָווסקי און אנדזשעי שמידט (קארטין).

— מיט וואָס איז איצט באשעפטיקט דער קולטור-געזעלשאפטלעכער פארבאנד פון די ייִדן אין פּוילן?

— אלע אונדזערע אָרטיקע אָפּטיילונגען האָבן פאנאנדערגעוויקלט א לעבהאפטיקע ארבעט אף צו פארווירקלעכן די באשלוסן פונעם ניט לאנג צוריק פאָרגעקומענעם פערטן לאנדצוזאמענפאָר פונעם פארבאנד. א באזונדערע אופמערקזאמקײַט ווערט געשענקט דער דערציִערישער ארבעט צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג, באזונדערס צווישן דער יוגנט. ווי לעבהאפטיק עס פירט זיך אָט די ארבעט איז צו זען דערפון, וואָס דער פּרעזידיום פון וראָצלאווער נאציאָנאל-ראט האָט באשלאָסן צו באלוינען מיטן אָנדענק-מעדאל „טויזנט יאָר וראָצלאוו“ די אָרטיקע אָפּטיילונג פונעם קולטור-געזעלשאפטלעכן פארבאנד.

— וואָסערע נײַע ספּעקטאקלען זײַנען לעצטנס געשטעלט געוואָרן אין ייִדישן מעלוכע-טעאטער?

— לעצטנס האָט דער טעאטער אופגעפירט שמועל האלקינס פּיעסע „באר-קאָכבא“. קעדיי אלזײַטיק צו דערלערנען די צײַט, ווען עס זײַנען פאָרגעקומען די אופשטאנדן אין יעהודע, האָבן די שוישפּילער אויסגעהערט א ציקל פּאָפּולערע לעקציעס וועגן יענער עפּאָכע. די פּרעמיערע פון „באר-קאָכבא“, וואָס איז נאָרוואָס פאָרגעקומען, איז ווארעם אופגענומען געוואָרן מיצאד די צושויער.

— וועלכע נײַע ביכער זײַנען איצט בא אײַך ארויס?

— צווישן די ערשטע ווערק, וואָס די ייִדישע לייענער האָבן באקומען אין 1962, איז דאָס „טאָגבוך פון אנא פראנק“. אָט דאָס ווערק איז לויט דער באשטעלונג פונעם פארלאג „ייִדיש בוך“ געדרוקט אין בוקארעשטער פארלאג. עס איז דערשינען אויך א ריי אנדערע ביכער.

לאָמיר זינגען
נײַע לידער



מוזיק פון וו. שאוינסקי

ווערטער פון י. לערנער

*Animato*

mp poco rit.

*Moderato*

1. Her schojn uf zu wej-nen, schojn ge-nug zu klo-gn!..

mp

Najn un najn-zik chejnen ho-bn di far-to-gn...

Najn un najn-zik wun-der saj-nen di far-nach-tn.

Gra-bl nischt di wun-dn, di schojn halb far-mach-te.

*Animato (Refren)*

Her schojn uf! Her schojn uf! Her schojn uf zu wej-nen!

f

Schojn ge-nug, schojn ge-nug, schojn ge-nug zu klo - gn!

Schojn ge - nug! Oj schojn - ge-nug!

nug!

II. קוואָרים אַף די וועגן, היימען אין רויִנען?
דרויסן זון און רעגן, און די טאָלן גרינען,
און די שטערן רוישן, און די הימלען וואַכן, —
וועסט די טײַערע קדושים לעבעדיק נישט מאַכן!..

(רעפרען)

III. לייג דײַן קאָפּ אַנידער אַף מײַן פעסטן אַקסל,
הער, עס זינגען לידער קינדערלעך און וואַקסן.
נײַן און נײַנציק וווּנדער, נײַן און נײַנציק ביינען...
גראַבל נישט די וווּנדן! הער שוין אויף צו וויינען!

(רעפרען)

---


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**ИЗДАТЕЛЬСТВО «СОВЕТСКИЙ ПИСАТЕЛЬ»**

Главный редактор **А. Вергелис**

Редколлегия: **А. Гонтарь, Г. Добин, Б. Миллер, Н. Ойслендер, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай**

Ответственный секретарь **М. Лев**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42

Художественный и технический редактор **И. Шустер**

Подписано к печати 3/II 1962 г. Тираж 25 000 экз. Формат 70×108¹/₁₆. Печ. л. 8(10.96)
Бум. л 4+вкладка ¹/₈ л. Цена 50 коп. Зак. 1

Московская типография № 3 «Искра революции» Мосгорсовнархоза

## צום 125־טן יאָרטאָג פון א. ס. פּושקינס טויט



דאָ, אױף דער ערד, האָסטו געטראָטן,
דאָס פֿאָלק געליבט, געבענקט נאָך פֿרײַנט,
און פֿון דײַן ליד דער הייסער אָטעם
עס וואַרעמט אונדזער האַרץ נאָך הײַנט.
דײַן וואָרט שײַנט אומרויִק און ליכטיק,
און שנײַדנדיק דײַן שאַרפֿזין בליצט,
דו ביסט דײַן היימלאַנדס אויסדערוויילטער דיכטער,
און ס'קלינגט דײַן קאָל נאָך לעבעדיקער איצט —
ווײַל טיף אין אונדזער דראַנג דײַנע באַגערן,
און אונדזער טרוים דײַן מאָנומענט באַשײַנט:
זאָל אומרעכט אױף דער ערד פֿאַרשווונדן ווערן,
און זאָל א מענטש א מענטשן זײַן א פֿרײַנט.

מ. ליפשיץ





וו. פאוואָרסקים אילוסטראַציעס צו פּושקינס קליינע טראַגעדיעס
„דער שטיינערנער גאַסט” און „מאָצאַרט און סאַליערי”

Цена 50 коп.

# Советиш Геймланд

# ·СОВЕТСКАЯ РОДИНА·

В НОМЕРЕ


И. Шехтман. Накануне (Роман).

**Рассказы** З. Вендрова, Ш. Горшман, Нояха Лурье, К. Симонова, М. Альтмана, Г. Рабинкова.

П. Маркиш. Наследство (Отрывки из поэмы).

Х. Вайнерман. Песнь о степи.

**Стихи** Р. Баумволь, М. Грубиана, Х. Левиной, Д. Бромберга, О. Лацмана, И. Бухбиндера.

**Трибуна жизни**

Д. Драгунский. Три поездки в Париж.

О. Голдес. Труд — это талант.

**Литературно-критические статьи** Н. Ойслендера, Г. Ременика.